**דעם דיכטער אַברהם סוצקעווער — רעדאַקטאָר**
**פֿון ״די גאָלדענע קייט״**

מיר פֿאַראייניקן זיך צו די הונדערטער באַגריסונגען און טויזנטער ברכות פֿון דער גאַנצער יידישער קולטור־וועלט צום דערשיינען פֿון הונדערטסטן נומער ״די גאָלדענע קייט״. דער ליטעראַריש־קינסטלערישער זשורנאַל ״די גאָלדענע קייט״, וואָס דערשיינט אין מדינת ישראל, איז ביי היינטיקן טאָג די חשובסטע פעריאָדישע אויסגאַבע פֿון דער יידישער ליטעראַטור אין דער וועלט. די ווערק אירע — פּראָזע, פּאָעזיע, קריטיק און פֿאַרשאַרבעטן, פֿאַר די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר שטעלן מיט זיך פֿאַר דעם בעסטן אָפּקלייב פֿון דער שאַפונג אין יידיש.
זייט באַגריסט טייערע חברים פֿון רעדאַקציע, זאָלן געשטאַרקט ווערן אייערע הענט ביים פלעגן און פעסטיקן אונדזער ווייטערדיקן קיום.
רעדאַקציע פֿון ״ירושלימער אַלמאַנאַך״

ירושלימער

# אַלמאַנאַך

וו

1980


יידישע שרײַבער-גרופּע אין ירושלים

פֿאַרלאַג „אייגנס"

JERUSHALAIMER ALMANACH
YIDDISH WRITERS GROUP
IN JERUSALEM

רעדאַקטאָר: **יוסף קערלער**

מיטרעדאַקטאָרן: **דוד ספֿאַרד, אפֿרים שעדלעצקי**

רעדאַקציע־סעקרעטאַר: **מאיר חרץ**

אַרויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון ירושלימער שטאָט־פאַרוואַלטונג
(קולטור־דעפּאַרטאַמענט) און משרד הקליטה.



נדפס בישראל 1980

בדפוס צור־אות, ירושלים

# אינהאַלט:

## אויפֿן סדר היום



## קיום



## צום אָנדענק פֿון לייב ראָכמאַן ז״ל

## פאַרקריצט אין זכרון

**צום 90סטן געבוירן-טאָג פון דוד האָפשטיין**



## פון יידישן סאַמיזדאַט



## שרייבער און ווערק



## קולטור-כראָניק

# אויפֿן סדר היום

## ראַטעוועט דעם ייִדישן שרייבער אהרן ראַסקין!

מיר ווענדן זיך צו אַלע ייִדישע פֿען-מענטשן — שרייבער און זשור-נאַליסטן, צו אַלע ייִדישע קולטור-געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס אויף גאָר דער וועלט: שוין דריי יאָר ווי דער באַקאַנטער ייִדישער קריטיקער און ליטעראַטור-פּראָפֿעסאָר, **אהרן ראַסקין** צוזאַמען מיט זיין קראַנקער פֿרוי פֿאַינאַ פּערצאָווסקאַיאַ האָבן געזעצלעך איינגעגעבן זייערע דאָקומענטן אין די אָפֿיציעלע סאָוועטישע אינסטאַנצן מיט דער בקשה אויף אַן אַרויס-פֿאָר-וויזע צו זייערע קינדער און אייניקלעך, וועלכע וווינען אין ירושלים.

צוערשט האָט מען נישט צוגעלאָזט צו זיי קיין בריוו פֿון די קינדער און דערביי סאַדיסטיש געמאָלדן אַז אַזוי ווי זייערע טעכטער "ווילן פֿון זיי נישט וויסן איז פּשוט נישט מענטשלעך אַרויסצולאָזן אַזעלכע אַלטע און קראַנקע לייט אין אַ פֿרעמד לאַנד"...

די ווייטערדיקע אָפּזאָגן זענען "באַגרינדעט" מיט תּירוצים, וועלכע וואָלטן אפֿשר אויסגעזען לעכערלעך ווען זיי וואָלטן נישט געקלונגען מיט אַזוי פֿיל חוזק איבער די אומגליקלעכע עלטערן. ערשטנס, זאָגן זיי, אַז אהרון ראַסקין האָט זיך טאַקע אויסגעצייכנט אינעם אַנטי-נאַצי קריג, אָבער מע טאָר נישט פֿאַרגעסן, אַז פֿון 1945 ביז 1950 (ד.ה. צוריק מיט 29 יאָר!) האָט ער געאַרבעט אַלס מיליטערישער איבערזעצער אין מזרח-דייטשלאַנד און אַלס אַזעלכער האָט ער געוויס געהאַט אַ צוטריט צו... מלוכישע סודות.

צווייטנס, ווינען שוין אַ פּאָר יאָר די ראַסקינס אין עלעקטראָסטאַל (הינטער מאָסקווע), וועלכע רעכנט זיך אַלס "פֿאַרמאַכטע שטאָט" ס'הייסט אַ שטאָט אויך פֿון סאַמע סודות, איז ווי לאָזט מען דאָס אַרויס קיין אויס-לאַנד דעם אָנגעשמעקטן מיט מיליטערישע סודות... קאַנדידאַט פֿאַר פֿי-לאָלאָגישע וויסנשאַפֿטן אהרון ראַסקין?...

אין זיינער אַ בריוו צו די טעכטער שרייבט ראַסקין:

ס'עקזיסטירט נישט אויף דער וועלט אַזאַ מין נאַטור-געזעץ וואָס קאָן פֿאַרווערן עלטערן, וואָס לעבן און אָטעמען נאָר, אַרומנעמען צערט-

לער זייערע קינדער, שפּילן זיך און לאַכן צוזאַמען מיט די ליבע אייניקלעך און אויף אַ ווײַלע זיך אַליין פאַרוואַנדלען אין פּונקט אַזעלכע גליקלעכע קינדער.

ס׳איז דאָך אַזוי נאַטירלעך אַז די שווערע און ביטערע עלטער זאָל גרינגער און מילדער ווערן, ווען זי שפּירט נאָענט לעבן זיך ווי פאַרשייט און פריילעך ס׳קלאַפּט דאָס טײַערע הערצעלע פון אַן אייניקל!״...

נאָך דעם לעצטן אָפּזאָג אין אַן אַרויספאָר-וויזע, שרײַבט ראַסקין אין אַ ווייטערדיקן בריוו:

״קלאָר אַז די אַלע הימלשרײַענדיק-נאַרישע תירוצים, וועלכע סע שטעלט אַרויס דער מאָסקווער אָוויר * זענען נישט מער ווי אַ באַקוועמער אויסרייד, כדי אָפּצוּנעמען ביי די אומגליקלעכע עלטערן זייער לעצטע פרייד אין לעבן און... גיי שלאָג זיך קאָפּ אין וואַנט!... די גערעכטיקייט מוז אָבער פייערן איר נצחון, און קיין שום קינסטלעך אויפגעשטעלטע באַריערן זענען נישט בכוח צו צעשיידן עלטערן מיט קינדער און אייניקלעך, דאַן ווען פון ביידע זייטן ציען זיי זיך איינער צו די אַנדערע מיט דער מעכטיקער קראַפט פון בענקשאַפט און ליבע...״

טײַערע פריינד, יידישע שרייבער און קולטור-טוער, מיר ווענדן זיך צו אייך — לאָמיר אויספילן אונדזער הייליק מענטשלעכן און קאָלעגיאַלן חוב: דורך דער פרעסע, אויף פראָטעסט-מיטינגען, מיט בריוו און פאָדערונגען צו דער וועלט-עפנטלעכקייט און צו דער סאָוועטישער אַדמיניסטראַציע — טוט אַלץ כדי באַפרייען פון קלעם די משפחה פון יידישן שרייבער אהרון ראַסקין.

דער אַדרעס פון אהרון ראַסקין:

גאָראָד עלעקטראָסטאל׳, מאָסקאָווסקאַיאַ אָבלאַסט׳ יוזשני פּראָספּעקט 17/2 קוואַרטיר 58. אַראָן ראַסקין.

יידישע שרייבער-גרופּע
אין ירושלים

* אָוויר — אָפּטייל פאַר אויסלענדישע פּאַספּאָרטן און וויזעס.

# קינס

## קלמן סעגאַל

## לאָמיר זיך דאָ באַגעגענען אין פרייַדן

ווען ס׳איז צוריק מיט פערציק יאָר אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה זענען מיר, יידן, מיר פּוילישע יידן, מיר אייראָפּעישע יידן געווען אַזוי לייכטזיניק און אַזוי נאַיוו, אַזעלכע שוואַכע פּאָליטיקער, אַז מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס קומט פאָר, און וואָס עס ווערט צוגעגרייט.

מיר האָבן געמיינט, אַז עס איז אַ סיכסוך בלויז וועגן דעם דאַנציקער קאָרידאָר — און מיר האָבן נישט געוווּסט, אַז עס גרייט זיך גאָר אַ מלחמה קעגן יידישן שוצלאָזן פאָלק, אַז עס גרייט זיך אַ פאַרניכטונג פון אונדזער פאָלק.

מיר האָבן דעמלט געהאַט פאַרגעסן וועגן דער נאָענטער און ווייטער פאַרגאַנגענהייט, מיר האָבן געהאַט פאַרגעסן, אַז ביי אַלע מלחמות אויף דער וועלט איז קודם כל אין געפאַר דער ייד. אויב ער געפינט זיך דאָרט, ווו צוויי צדדים פירן קעגן זיך אַ מלחמה דערזעען די ביידע קעמפנדיקע דעם יידן דעמלט הערן זיי אויף צו קעמפן קעגן זיך און ווענדן זייער האַס קעגן די יידן. אַפילו די צאַרסקע אָכראַנע האָט שוין וועגן דעם געוווּסט, און ווען די צייטן זענען געווען פאַר דעם צאַרישן רעזשים פיינטלעך און געפערלעך, פלעגט זי אָרגאַניזירן אַ פּאָגראָם אויף יידן, בכדי פאַנאַנדערצולאָזן די בייזע שטימונגען. מען האָט געלאָזט אַ ביסל יידיש בלוט — און עס האָט געהאָלפן.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די דייטשן בשעת זייער אָפּענסיווע אויף די רוסישע געביטן גאַנץ אָפט געהאַנגען יידן אין רוסיש־פּוילן, ווייל די יידן זענען אין די דייטשע אויגן געווען מאָסקאַלאָפילן.

די רוסן דאַקעגן האָבן גאַנץ אָפט און גאַנץ גערן באַגראָבן לעבעדיקערהייט אָדער געהאַנגען יידישע איינוווינער, וועלכע מען האָט חושד געווען, אַז זיי סימפּאַטיזירן מיט די דייטשן. אַזוי איז געווען בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן פּוילישע נאַציאָנאַליסטן אויף אַ פּאַרטיזאַנישן אופן געשלאָגן זיך מיט דער פּוילישער קאָמוניסטישער רעגירונג, וולאַסאָוצעס און באַנדעראָווצעס זענען געווען קעגן דער סאָוועטישער וולאַסט,

דייטשע פאַרטיזאַנער פון "ווערוואָלף" האָבן זיך אַרומגעפּלאָנטערט אין די פּוילישע וועלדער — זיי האָבן זיך אַלע דריי קעגנזייטיק געהאַסט און באַקעמפט. אָבער אַלע דריי זענען געווען אייניקשטימיק אין זייער האַס קעגן יידן — אַלע דריי שונאים האָבן פיינט געהאַט וועמען? — אונדז.

און מיר זענען ווייטער געווען נאַיוו און מיר האָבן זיך ווידער געלאָזט הרגענען — נישט אַזוי מאַסנווייז, נישט אויף אַזאַ טאָטאַלן אופן ווי אין אָשוויענטשים און מיידאַנעק — אָבער מיר האָבן זיך נישט געקאָנט דעצידירן אַרויסצופאָרן פון דאָרט. אויף וואָס האָבן מיר דאָרט געוואַרט?

מיר זענען שלעכטע פּאָליטיקערס. און אין אונדזערע אוראַלטע פרומע כתבים שטייט געשריבן: איזה הוא חכם? הרואה את הנולד. דער איז אַ חכם, וועלכער זעט פאַר, וואָס עס וועט פאַרקומען אין דער צוקונפט. דער דאָזיקער פּתגם איז אַ קלוגער. אָבער מיר זענען נישט קיין חכמים.

עס איז געווען אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנד — אַן איבערקערעניש — עס זענען געווען רויטע און עס זענען געווען ווייסע — אָבער ביידע צדדים האָבן זייער גערן אויפגעהאָנגען אַ יידן — נישט וויכטיק פאַר וועמען דער ייד איז געווען: זאָ צאַריאַ אילי זאַ נאַראָד — אויף דער זייט פון צאַר אָדער אויף דער זייט פון פאָלק. אַ ייד בלייבט אַ ייד — און זאָל מיר דאַ קיינער נישט דערמאָנען, אַז סיי צווישן די גרויסע באָלשעוויקעס און סיי צווישן די גרויסע עסעראָווצעס זענען געווען אָנפירנ־דיקע יידן. עס זענען געווען יידן אויך צווישן די פאַרטיידיקער פון צאַר. אָבער געווען איז אַ צייט, ווען אַלע דריי פאַרטייען האָבן מיט גרויס נחת געקוקט ווי די רוסישע מוזשיקעס מאַכן אַ פּאָגראָם אויף יידן. ביי די רעוואָלוציאָנערן האָט עס געהייסן, אַז די מאַסן אַקטיוויזיר'ן זיך — צוערשט וועלן זיי שלאָגן יידן, און דערנאָך וועלן זיי זיך נעמען צו די בורזשויעס. ס'איז איבעריק צו באַטאָנען, אַז צוערשט וועט מען זיך נעמען צו די יידישע בורזשויעס און דערנאָך צו די פּראַוואָסלאָווע.

און דערנאָך זענען געווען צייטן, ווען יידן אין דעם זעלבן לאַנד זענען ביי נאַכט געשלאָפן אומרויק — ביי יעדן שאָ'ך האָט מען זיך געוועקט מיט פּחד — און צוקאָפּנס האָט מען געהאַט אַ זעקעלע מיט סוכאַרעס, דאָס הייסט געטרוקנט ברויט — אין זעקעלע האָט מען אויך געהאַט אַ פּאָר גאַטקעס און אַ שטיקל זייף און אַ העמד אויפן וועג — און מען האָט געטראַכט: מען האָט שוין גענומען דעם, און מען האָט שוין גענומען יענעם — ווער ווייסט, צי מען וועט די נאַכט נישט קומען נעמען מיך?

און טייל מאָל איז מען טאַקע געקומען אין דער האַלבער נאַכט — און מען האָט עמעצן אַרעסטירט — און דער דאָזיקער מענטש פלעגט שוין מער נישט אומקערן זיך אין דער אייגענער שטוב — אָדער ער איז געקומען אין אַ צען פופצן

יאַר אַרום, ווען מען האָט שוין וועגן אים פאַרגעסן. מען איז קיינמאָל נישט געווען זיכער מיטן טאָג, מיט דער נאַכט, מיטן לעבן.

אַ מאָל איז געווען געפערלעך צו זיין אַן אינזשיניער, אַ מאָל איז געווען געפערלעך צו זיין אַן עקאָנאָמיסט, אָדער אַ דירעקטאָר, אַ מאָל איז געווען געפערלעך צו זיין אַ פּאַרטיי־מיטגליד און אַן אַנדערט מאָל איז געווען געפערלעך **נישט** צו געהערן צו דער פּאַרטיי. געווען אַ צייט, ווען עס איז געווען געפערלעך צו זיין אַ יידישער אַקטיאָר, אַ יידישער שרייבער, אַ לערער, שפּעטער איז געווען געפערלעך צו זיין אַ יידישער דאָקטער אָדער צו האָבן אַ מומע אין אויסלאַנד. און מענטשן, דאָס הייסט יידן — זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ — און האָבן געמאַכט אַ פריילעך פּנים צו דעם פּינצטערן שפּיל: מען זאָל חס ושלום נישט דערקענען, אַז זיי האָבן מורא. ביי נאַכט אויף דעם געלעגער, זיפצנדיק שווער, נישט קענענדיק שלאָפן — האָט דער מאַן געזאָגט צו זיין ווייב — (אויב ער האָט געהאַט צוטרוי צו איר, אויב ער איז געווען איבערצייגט, אַז די אייגענע געליבטע פרוי וועט אים נישט מסרן, אַזוי ווי דלילה האָט געמסרט שמשונען) — פלעגט דער מאַן שעפּטשען צו דער פרוי: ווען איך האָב פליגל, וואָלט איך פון דאַנעט אַוועקגעפלויגן, ווען מען קאָן פון דאַנעט אַנטלויפן, וואָלט איך כאָטש איין יאָר געוואָלט לעבן ווי אַ פרייער מענטש, כאָטש איין יאָר, איין חודש, איין טאָג...

דאָס האָבן מיר, משה רבינו׳ס פאָלק, אַזוי געזאָגט. און שפּעטער האָבן מיר פאַרגעסן וואָס מיר האָבן געזאָגט, מיר זענען נישט קיין חכמים, מיר קענען נישט לערנען פון עבר, פון דער געשיכטע, וואָס שלעפּט זיך נאָך היינטער אונדז שוין צוויי טויזנט יאָר.

אַ דאַנק די באַמיונגען פון די העלדישע עליה־אַקטיוויסטן, פון מדינת ישראל, פון יידישן פאָלק, האָבן זיך אין אַ געוויסן טאָג אַ **ביסעלע** געעפנט די טויערן פון יענעם לאַנד — נישט קיין סך, נאָר טאַקע אַ ביסל — און עס האָט זיך געדאַכט, אַז איצט וועלן הונדערטער טויזנטער, אפשר אַ מיליאָן, צוויי מיליאָן, — אָדער נאָך מערער, עס האָט זיך געדאַכט אַז איצט וועלן אַלע יידן פון יענעם לאַנד דערמאָנען זיך, וואָס עס איז געווען, וואָס עס האָט געקאָנט זיין, און וואָס עס קאָן נאָך אַ מאָל איבערחזרן זיך אין דער צוקונפט, חס ושלום, — און אַז זיי וועלן דאָס אַ ביסעלע געעפנטע טויער אויסנוצן, בכדי צו קומען קיין ארץ ישראל, אויסנוצן די דאָזיקע מעגלעכ־קייטן, וואָס ווערן דאָ פאַר זיי געשאַפן, און זיין צווישן אייגענעם פאָלק, געניסן פון דער שיינקייט פון דאָזיקן ווונדערבאַרן לאַנד, געניסן פון זיין פרייהייט, און אָנהייבן אַ ניי לעבן — פאַר זיך און פאַר די קינדער... אַזוי האָט זיך געדאַכט, און אַזוי האָבן אויך אַ סך דאָרטיקע יידן געטון. אַזוי האָט אויך געוואָלט טון שטשע־ראַנסקי און זיינע פריינט.

אָבער מענדל קריק פון יצחק באַבעלס פּיעסע ״זאַקאַט״, מענדל קריק פון

אַדעס האָט זיך דאָס אַנדערש אויסקאָמבינירט. מען האָט אים געשריבן אַ בריוו, אַז אין אַמעריקע איז נאָך דערוויַיל דער אַנטיסעמיטיזם אַ ביסל צו קליין, און דעריבער וואָלט גוט געווען, אַז ער, מענדל קריק פון דער מאָלדאַוואַנקע זאָל פאָרן קיין וויענאַ, דאָס הייסט קיין ווין, און פון דאָרט קיין ראָמאַ, דאָס הייסט קיין רוים, און פון דאָרט קיין יונייטעד סטעיטס, דאָס הייסט קיין אַמעריקע, ווו סיי די וויַיסע, סיי די שוואַרצע, סיי די פּאָרטאָריקאַנער האָבן זייער ליב אַדעסער יידן, און וואָרטן מיט בוקעטן בלומען, אַז מענדל קריק זאָל וואָס שנעלער אָנקומען און פאַרגרעסערן די צאָל פון 9 מיליאָן אַרבעטסלאָזע.

ניין. קיין גרויסע פּאָליטיקער זענען מיר נישט. ווו איז אַהינגעקומען די יידישע דערפאַרונג פון יאָרטויזנטער ? ווו איז די יידישע דערפאַרונג פון אונדזער יאָר־הונדערט, פון אונדזער דור, פון אונדזערע צייטן ?

80 טויזנט יידן אין איראַן — ציטערן היינט פאַר זייער לעבן, פאַר זייערע קינדער, פאַר זייערע פאַרמעגנס. מיר האָבן שוין אַפילו נישט קיין גענויע ידיעות וועגן זיי. זיי זענען יאָרנלאַנג געווען אין אַ גוטער פינאַנסיעלער סיטואַציע, זיי זענען געווען רייך — זיי זענען געווען נישט אָרעמער ווי די יידן פון בערלין, איידער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט. און די געפאַר, אין וועלכער זיי געפינען זיך היינט, איז נישט קלענער ווי די געפאַר פון די בערלינער יידן אין יענער צייט.

אונדזערע פאַרשטייער האָבן זיי פאַרגעלייגט צו געפינען אַ מיקלט אין ישראל, אונדזערע עראָפּלאַנען האָבן אויף זיי געוואַרט אויף דעם טעהעראַנער עראָדראָם, מיר האָבן אויף זיי געוואַרט — ביז עס איז פון דאָרט אַוועק אונדזער לעצטער עראָפּלאַן — זיי זענען נישט געקומען — בלויז עטלעכע טויזנט קינדער זענען אָנגעקומען און האָבן דאָ געפינען זייער וואַרעמע היים — די טאַטעס, די מאַמעס זענען פאַרבליבן אָפּהיטן די פאַרמעגנס.

צומאַרגנס זענען שוין קיין יידישע עראָפּלאַנען אין טעהעראַן נישט געווען. ערשט דעמלט האָבן די איראַנער יידן מאַסנוויַיז געפּרוּווט זוכן אַ מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן פון איראַן. אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט.

און די איראַנער יידן, די יידן פון פּערסיע האָבן דאָך ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק געזען, ווי אין אַ גאָר קורצער צייט איז נעלם געוואָרן דער רייכער יידישער ישוב אין אַן אַנדער האַלב־איסלאַמיש לאַנד : אין לבנון.

לאָמיר האָפן — אַז אַלץ וועט זיין גוט. און לאָמיר אויך האָפן, אַז די יידן אין פאַרשיידענע לענדער פון דער וועלט וועלן אָנהייבן צו פאַרשטיין, אַז די יידישע קעגנוואַרט, די יידישע צוקונפט, דער יידישער היינט און דער יידישער מאָרגן, זענען אין ישראל. נישט ערגעץ אַנדערש, נאָר טאַקע דאָ.

זייט געזונט, לאָמיר זיך דאָ באַגעגענען אין פריידן.

# בעניע קריק פאַרט קיין אַמעריקע

ווער עס איז געווען בעניע קריק פון דער אַדעסער מאָלדאַוואַנקע — דאָס ווייסט יעדער איינער. איסאַק באַבעל, אַליין אויך אַן אַדעסער, האָט זיך שוין פאַסטאַראַיעס צו מאַכן בעניען אַ שם. ווייל בעניע קריק ע"ה, איז דאָך געווען נישט אַבי ווער. ער איז געווען אַ העלד, אַ גערויִ, אַ יאַט מיט בייגער, וואָס האָט פאַר קיינעם נישט מורא געהאַט — נישט פאַר גאָט, נישט להבדיל פאַרן צאַר, און אַוודאי נישט פאַר דעם גובערנאַטאָר און דער פאָליציי. און ווען די באָלשעוויקעס זענען געקומען צו דער מאַכט, האָט בעניע פאַר די באָלשעוויקעס אויך נישט מורא געהאַט.

ערשט ווען דער חבר סטאַלין איז געוואָרן דער באַלעבאָס, האָט מען זיך גענומען צו בעניע קריק און מען האָט אים פאַרשיקט ערגעץ ווייט הינטער די הרי חושך — אַהין, פון וואַנעט מען קומט שוין נישט צוריק. מען האָט אים פאַרמישפּט פאַר פאַראַזיטיזם — איר האָט מסתמא געהערט אַזאַ וואָרט. און מער האָט מען שוין וועגן בעניע קריק ניט געהערט.

אָבער בעניע האָט שוין דעמלט געהאַט אַ זון, און בעניעס זון האָט שוין אויך געהאַט אַ זון — דאָס הייסט, אַז בעניע האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אין אָדעס אַן אייניקל, וועלכער האָט געהייסן טאַקע נאָך דעם זיידן: בעניע קריק.

און בעניע קריק, דאָס אייניקל, איז אויסגעוואַקסן אין דער גלאָריע פון גרויסן זיידן און פון עלטער־זיידן מענדל, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָלן זיי האָבן. עס האָט אים באַגלייט דער שם פון יענעם בעניע קריק, וואָס גאַנץ אָדעס האָט פאַר אים געציטערט.

בעניע קריק האָט — ווי אַ סך פון זיינע אבות — חתונה געהאַט מיט אַ שיקסע אַ קראַסאַוויצע, און האָט מיט איר געהאַט דערווייל צוויי קינדער.

מען האָט געלעבט רויק, קיין פּרנסה האָט נישט געפעלט, ווייל בעניע איז געווען אַ פּראָדוקטיווער אַרבעטס־מענטש, ער איז געווען זאַוויעדויושטשי, דאָס הייסט דער פאַרוואַלטער פון אַ מלוכישער קראָם, מען האָט געגעסן און געטרונקען, בראַנפן פלעגט זיין אַזוי פיל, אַז מען האָט געקאָנט וואַשן די פיס אין ריינעם ספּירט.

ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן די מעשה מיטן פאָרן. יידן האָבן אָנגעהויבן פאָרן קיין ישראל. איינעם האָט מען געלאָזט, דעם צווייטן האָט מען נישט געלאָזט אַרויספאָרן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן צו הויך געשריגן, האָט מען זיי איינגעזעצט

אַדער פאַרשיקט. און בעניע? גאַרנישט. בעניע האָט געשוויגן. ער איז געזעסן און געקוקט אויף זיין ווייב, וועלכע איז שוין ווידער אַרומגעגאַנגען מיט אַ בויך. פאַרשיידענע קאַלעמוטנע געדאַנקען האָבן זיך געראַיעט און געקאָכט אין זיין צעשויבערטן קאָפּ. יעקאַטיערינאַ, זיין ווייב, די טאָכטער פון אַן אומגעקומענעם פּאָפּ, האָט אויף אים געקוקט מיט פרעגנדיקע בליקן:

— טאָק... טשטאָזשע? טשטאָ בודיעם דיעלטאָ׳?

זי האָט מורא געהאַט פאַר זיין באַשלוס. עמעץ האָט געזאָגט, אַז אין ישראל האָט מען פיינט געמישטע חתונות — מען האָט נישט ליב, ווען עס קומט אַ ייד און ברענגט מיט זיך אַ פּראַוואָסלאַוונע ווייב. און אַנדערע ווידער זאָגן, אַז עס איז אַ ליגנט. וואָס פאַר אַ ווייב מען האָט, אַזאַ ווייב נעמט מען מיט. עמעץ האָט געהערט אין ישראלדיקן ראַדיאָ אַ פערעדאַטשע וועגן ווייבער — האָט מען דאָרט געזאָגט, אַז עס איז קיינעם נישט פאַרבאָטן חתונה צו האָבן מיט ועמען ער וויל, וויל אויך משה רבנו האָט חתונה געהאַט מיט אַ גויע, און אויך דער דיכטער טשערניכאָווסקי, וואָס איז קאַטאַרי געווען אַ גרויסער העברעישער פּיסאַטעל... איבעריקנס: אַ גויש ווייב קען מען תמיד מגייר זיין. עס טוט נישט וויי און עס גייט נישט קיין בלוט. מען פירט אַריין אין דער מיקווה אַ שיקסע אָדער אַ גויע, און ווען זי וואַשט זיך אַרום, ווערט זי אַ יידישע כשרע פרוי, און זי קען אַפילו שפּעטער ווערן אַ רביצן.

— טאָק דאַוואַי פּאַיעדיעם — האָט געזאָגט בעניעס ווייב קאַטיאַ.

און בעניע האָט נישט געזאָגט יאָ און ער האָט אויך נישט געזאָגט ניין. און דעם צווייטן טאָג האָט ער גענומען כלאַפּאָטשען און אָנגעשריבן אַ בריוו צו איינער אַ וויטער קרובה, וועלכע איז אין די דרייסיקער יאָרן אַנטלאָפן דורך דער פּוילישער גרענעץ און זי איז דערלאָפן ביז ירושלים, דאָרט האָט זי געהאַט אַ קרעמל מיט ראַזשינקעס און מאַנדלען, מיט סעמעטשקעס און סעלצערסקע וואַסער.

אַזוי ווי בעניע איז געווען אַ ביסל אַ יאַלד און אַ ביסל אַ בר מזל, האָט ער לאַנג נישט געמוזט וואַרטן. מען האָט אים באַלד דערלויבט אַרויסצופאָרן, אַזוי ווי מען זאָגט: מיטן גרעסטן כבוד און מיטן שענסטן בזיון. אַזוי, אַז אין אַ האַלב יאָר אַרום איז ער שוין געווען אין וויענאַ, דאָס הייסט אין דער שטאָט ווין. און דאָרט האָט ער די ערשטע נאַכט נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן, ווייל אַ גאַנצע נאַכט האָט ער אַריינגעקלערט, וואָס צו טון ווייטער: פאָרן קיין ישראל, צי פאָרן קיין איטאַליע, אין איטאַליע האַלט מען אויף די יידן אַזוי לאַנג, ביז זיי פאָרן קיין אַמעריקע. און ספּעציעל גוט באַנעמט מען זיך דאָרט מיט די יידן פון אָדעס. און ווער שמועסט, אַז עס קומט אַ ייד פון דער מאָלדאַוואַנקע, טראָגט מען אים ממש אויף די הענט און מען גיט אים אויסצולעקן דאָס טעלערל פון הימל.

אַנגעקומען קיין רוים, איז קאַטיאַ מיט די קינדער אַוועק אין יידישן האָטעל,

און בעניע איז געלאָפֿן זיך אָוועקשטעלן אין דער "אַטשערעד", ווו ער האָט באַקומען אַ גאַנץ היפּש פּעקל איטאַליענישע לירעטעס. צוערשט האָט ער נישט געוואָלט נעמען קיין לירעטעס, ער האָט געוואָלט דאָלאַרן. אָבער קיין דאָלאַרן האָט מען נישט געוואָלט געבן. די דאָמע מיטן געלט האָט אויף אים גענומען שרייען אויף ענגליש, בעניע האָט נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס זי שרייט, ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אַ פֿאַרשעמטער: ערשט דעם ערשטן טאָג איז ער אין רוים און שוין שרייט מען אויף אים?

ער האָט באַהאַלטן די לירעטעס, יעדער באַנקנאָט איז געווען גרויס ווי אַ האַלבע צייטונג, אויף יעדן באַנקנאָט זענען געווען אַ סך נולן — סאַמע צענדליקער טויזנטער. מיט אַ פֿולער קעשענע לירעטעס האָט זיך בעניע געלאָזט אויפֿן באַזאַר, וואָס אויף איטאַליעניש הייסט ער פּיאַצאַ וויטאָריאָ עמאַנועלע — ער האָט געוואָלט עפּעס קויפֿן פֿאַר די קינדער. ס'איז דאָרט געווען פֿון אַלעם גוטן — לעבעדיקע קרעבסן און שווייצער־קעז, קאָנסערוון און ווערעם צום עסן, יעדער וואָרעם האָט געהאַט אפשר הונדערט פֿיסלעך, און פֿרוכטן זענען געווען פֿאַרשיידענע, און שלימאַקעס, פֿיש און שפּעק און שינקעס... און פֿלוצים האָט ער דערזען עטלעכע באַקאַנטע פּנימער פֿון אַדעס, יידן וואָס זענען געקומען פֿריער פֿון אים, אפשר מיט אַ חודש פֿריער און אפשר מיט אַ האַלב יאָר פֿריער, און איצט האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט פֿון די טשעמאָדאַנעס פֿאַרשיידענע שמאַטעס, שטיקלעך מאַנופֿאַקטורע און קאָנסערוון און הילצערנע "וואַנקאַ־ווסטאַנקעס" און האָבן דאָס געפּרוווט פֿאַרקויפֿן און האָבן געשריגן אויף ריין איטאַליעניש־לשון: "טשענטאָ לירע! מיללע לירע"! אָבער קיינער האָט ביי זיי נישט געוואָלט קויפֿן, און די איטאַליענישע באַמבינאָס זענען זיי נאָכגעלאָפֿן און אַרויסגעשטופּט פֿון דעם מאַרק־פּלאַץ.

צו מאָרגנס אין דער פֿרי איז מען געגאַנגען זוכן אַ צימער.

צימערן איז אין רוים פֿאַראַן אַ סך. גרויסע און קליינע, אַזעלכע, ווו אַ גאַנצע משפּחה קען וווינען און אַזעלכע, וואָס זענען ענלעך צו אַ באַד־צימערל אין אַדעס — מיט אַ וואַנע. קודם באַדט מען זיך, און דער נאָך לייגט מען אַוועק אויף דער וואַנע אַ צוויי דריי ברעטער און מען שלאָפֿט אויף זיי.

האָט בעניע געדונגען אַ צימער, וואָס איז געווען אַרומגעשטעלט מיט שיינע מעבל, מיט ווייכע דיוואַנען, און באַלויכטן מיט אַ גרויסן ליכטיקן לאָמפּ, יעקאַטיערינאַ האָט געזאָגט, אַז די דאַזיקע קאָמנאַטע, דאָס הייסט אויף איטאַליעניש: די דאַזיקע "קאַמערא" געפֿעלט איר. מיט די גרויסע קנאַקנדיקע לירעטעס האָבן זיי באַצאָלט דירה־געלט פֿאַר אַ חודש פֿאַרויס; כמעט די העלפֿט פֿון דעם געלט, וואָס זיי האָבן נעכטן באַקומען, האָבן זיי באַצאָלט פֿאַר דעם צימער.

נאָך איין נאַכט איבערגענעכטיקט אין האָטעלכל און אין דער פֿרי זענען זיי מיט די טשעמאָדאַנעס צוגעפֿאָרן צום געדונגענעם צימער.

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין דער ″קאַמעראַ″, האָט זיך בעניע אָנגעכאַפּט ביים האַרץ — צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט ער דערפילט, אַז ער האָט אַ האַרץ. און ער האָט געזאָגט: באַלד וועט מיך טרעפן דער שלאַק. עס איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן, אָבער דער שלאַק האָט אים נישט געטראָפן.

וואָס עס איז געשען, ווילט איר וויסן?

אַנשטאָט די שיינע דיוואַנעס און די אַלטמאָדישע קעניגלעכע מעבל, אַנשטאָט די ווייכע בעטן — זענען געשטאַנען צוויי אייזערנע בעטלעך, צוגעדעקטע מיט צעריסענע שמוציקע קאָצן. אַנשטאָט דעם נעכטיקן ליכטיקן זשיראַנדאָל, איז געהאָנגען אַ קליין שמוציק לעמפּל. דעם לאָדן פון פענצטער האָט מען נישט געקאָנט עפענען, ווייל ער איז געווען פון אינעווייניק צוגעשלאָגן צו דער וואַנט, און אונטער דעם לאָדן איז בכלל קיין פענצטער נישט געווען.

יעקאַטיערינאַ האָט אָנגעהויבן צו זידלען זיך אויף רוסיש, אָבער די באַלע־באָסטע, די ″סעניאָראַ″ האָט קיין רוסיש נישט פאַרשטאַנען, זי האָט בלויז עטלעכע מאָל איבערגעחזרט ″בענע, בענע″ און האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

קאַטיאַ האָט אַרויסגענומען פון טשעמאָדאַן דעם טשאַיניק און געגאַנגען זוכן ווו די קיך איז. זי האָט געוואָלט אויפקאָכן אַ ביסל קיפּיאַטאָק. און באַלד האָט זיך דערהערט אַ ווילד געשריי פון דער באַלעבאָסטע: ″נאָ קוטשינאַרע! קוטשינאַרע נאָ″.

עס האָט זיך געמאַכט אַ קליין טעאַטער, יעקאַטיערינאַ האָט געשריגן פּאַ מאַטיושקע, און די סעניאָרא האָט גענומען זידלען די הייליקע מאַמע. קאַטיאַ איז צוריקגעקומען אָן וואַסער, די קינדער האָבן געוויינט און בעניע האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ.

אַזוי איז ווידער אַוועק אַ טאָג, אַ סך טעג זענען אַזוי אַוועק — נאָר ערגער פון די טעג זענען געווען די נעכט, ווייל רוים איז אַן אַלטע שטאָט מיט אַלטע שיינע הייזער, און ביי נאַכט קריכן אַרויס פון די אַלטע ווענט זשוקעס גרויסע און אויך אַלטע — יעדער זשוק איז דאָרט גרויס ווי אַ קראָקאָדיל — און זיי שפּאַצירן אַרום אויף די ווענט — און בעניע, דער ווילער יאַט וואָס האָט פאַר קיינעם נישט קיין מורא געהאַט, פלעגט אַ גאַנצע נאַכט זיצן ביי דעם אָנגעצונדענעם לעמפּל און האָט געציטערט ווי אַ פיש.

ביי טאָג האָט מען זיך אַרומגעשלעפּט איבער די רוימישע שפּאַציר־גערטנער און אויף די חורבות, בעניען האָט דאָס נישט אַזוי שטאַרק אינטערעסירט, ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ — און אין יעקאַטיערינאַ׳ס האַרץ האָט זיך דערוויל דערוועקט דער פרומער גייסט פון איר פאָטער, וועלכער איז געווען אַ פּאָפּ, און ווו זי האָט נאָר דערזען אַ קירכע אָדער אַ צערקווע, איז זי אַריינגעגאַנ־גען דאַווענען. בעניען האָט דאָס פאַרדראָסן, אָבער ער האָט נאָך דערוויל געשוויגן,

פאַרביסן די ציינער און געשוויגן, און אַלץ אָפטער געגרייכט צום קליינעם פלעשעלע בראָנפן, וואָס ער פלעגט שטענדיק אַרומטראָגן מיט זיך.

עס זענען שוין פאַרביי עטלעכע וואָכן און בעניען האָט אַלץ מער און מער גענאָגט ביים האַרצן. ער האָט זיך פאַרבענקט צו אַן אייגענעם מענטשן, צו רעדן מיט עמעצן אַ וואָרט, פלעגט ער טייל מאָל אַריינגיין אין די גרויסע ביוראָען, די יידן פון אָדעס און פון אַנדערע שטעט, פלעגן אַהין קומען דערליידיקן זייערע געשעפטן מיט די אָנגעשטעלטע פון די אַמעריקאַנער הילפס־אָרגאַניזאַציעס; שטענדיק איז דאָרט געווען אַ טומל, אַ שטופעניש, געשרייען, ווייבער פלעגן וויינען — מיט בעניען האָט קיינער נישט געהאַט קיין קאָפּ צו רעדן, אַלע זענען דאָ געווען פרעמד, אַלע האָבן זיך געהאַט זייערע אייגענע סודות און געשושקעט זיך אין די ווינקלען מיט די אייגענע ווייבער.

איין מאָל איז ער אַריינגעקומען, האָט ער דערזען, אַ יידענע, וואָס האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן, זי האָט געחלשט פון גרויס עגמת נפש, ווייל ביי דער מעדיציניִשער אונטערזוכונג האָט מען איר געזאָגט, אַז זי וועט נישט קענען פאָרן קיין אַמעריקע, ווייל זי איז קראַנק. קראַנקע קענען פאָרן קיין ישראל, ישראל נעמט אויף אַלע יידן, אויך קראַנקע און אַלטע.

איין מאָל אין אַ פאַרנאַכט האָט ער געגומען דרייען ביים טראַנזיסטאָר. וואָס האָט ער געזוכט? וואָס האָט ער געוואָלט הערן, די באַקאַנטע שטימע פון ירושלי־מער ספיקער האָט גערעדט אויף יידיש. „איר זענט אונדזערע ברידער, קומט צו אונדז, מיר וואַרטן אויף אייך“.

בעניע האָט גיך פאַרמאַכט דעם ראַדיאָ.

— וואָס זאָגט ער? — האָט געפרעגט קאַטיאַ.

— ניטשעוואָ אָסאָביענאָוואָ — האָט געענטפערט בעניע — ס'איז פּראָפּאַ־גאַנדע.

זונטיק אין דער פרי איז יעקאַטיערינאַ מיט די קינדער געגאַנגען אין דער פּראַוואָסלאַוונער צערקווע אויף פּיאַצצא סאַנטאַ מאַריאַ מאַדזשיאָרע. בעניע איז געבליבן שטיין אין דרויסן, אָוועקגעזעצט זיך אויף די טרעפּ און געהאָרכט דעם כאָר פון באַסן — געזונגען האָבן סאַמע פּאָפּן; און הערנדיק דעם פּזמון: „גאָספּאָדי פּאָמילוי“ — האָט בעניע אַ שווערן זיפץ געטון און שטיל איבערגעחזרט: „אוי, פּאָמילוי, פּאָמילוי...“

אַ פּאַרשפּעקטיקטער רוס פון די ווייסע עמיגראַנטן האָט זיך פאַרהאַלטן לעבן בעניען — געמיינט, אַז ער איז אַ בעטלער, געוואָרפן אים אַ מטבע און איז פאַר־שווונדן אין דער ברייטער טיר פון צערקווע.

בעניע האָט אויפגעהויבן די מטבע און מיט אַ ביטערן שמייכל האָט ער זי געוויגן אין דער האַנט, דערנאָך האָט ער זי אַוועקגעשענקט דעם איטאַליענישן

בעטלער, וועלכער איז געזעסן אויף די זעלבע טרעפּ, נאָר פון דער צווייטער זייט.

ווען דער עולם פון די גלויביקע האָט גענומען אַרויסגיין, האָט בעניע געזוכט צווישן די פּנימער: ווער פון זיי האָט אים געוואָרפן די מטבע? ווער פון זיי האָט אין אים דערקאָנט דעם בעטלער?

איינער, אַן עלטערער עלעגאַנטער מאַן האָט זיך אים אויסגעוויזן סימפּאַטיש און בעניע האָט באַשלאָסן אים צו פאַרהאַלטן.

— דיאַדיאַ — האָט געזאָגט בעניע, דאָס הייסט "פּעטערל" — און עס האָט זיך אים פאַרגלוסט צו כאַפּן מיטן דאַזיקן פּעטערל אַ שמועס.

דער אַלטער האָט זיך פאַרהאַלטן, אַריינגעשטעקט אונטער דער ברעם אַ מאַנאַקל און אויסגעגלייכט זיך שטראָם, ווי אַן אָפיצער.

— ווי שטאָ סאָיזוואַלילי סקאַזאַט׳? — האָט ער שטרענג איבערגעפרעגט.

— דאַ ניטשעוואָ — האָט זיך בעניע צוריקגעצויגן — ניטשעוואָ...

— סאָבסטווענאָ גאָוואָריאַ, ווי קטאָ טאַקאָי בודיעט׳ע? — האָט געפרעגט דער אַלטער און געקוקט אויף בעניען פון אויבן אַראָפּ: — דו ביסט אפשר פון די רוסישע יידן?

— יאָ — האָט בעניע באַשטעטיקט — פון די רוסישע יידן.

— טאָ פאַר וואָס פאָרסטו נישט קיין איזראַעל? ווען איך זאָל קענען פאָרן אין מיין לאַנד אַריין, וואָלט איך נישט געלעבט אין רוים אַ פרעמדער.

— איך וויל פאָרן וו אַמעריקו. — האָט געזאָגט בעניע און עס איז אים געוואָרן טרוקן אין האַלדז.

— אין אַמעריקע וועסטו אויך זיין אַ פרעמדער. און אין רוסלאַנד ביסטו אויך געווען אַ פרעמדער. טשוזשאָי עלעמענט... — האָט געזאָגט דער רוס — טשו־זשאָי... פאָר אין דיין ראָדינע. קיין איזראַעל.

און ער איז אַוועק.

יעקאַטיערינאַ איז אַרויסגעקומען פון דאַווענען און זי האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט: "קום אַ היים!"

בעניע האָט געגריבלט אין דער קעשענע און אַרויסגענומען אַ שטיקל פּאַפּיר מיט אַן אַדרעס.

— לאָמיר דאָרט צוגיין — האָט ער געזאָגט.

— וווהין, — האָט זי נישט פאַרשטאַנען.

— צו די יידן — האָט געזאָגט בעניע און האָט זיך געלאָזט פאָרויס.

זעט אויס, אַז ער גייט מיטן דאַזיקן וועג נישט צום ערשטן מאָל — האָט געטראַכט יעקאַטיערינאַ — ער גייט אַזוי, ווי צו זיך אַ היים.

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין דער שיינער געביידע און דערנאָך אין דעם קליינעם שטילן צימער, ווו עס איז געזעסן אַ פרוי און האָט געלייענט אַ צייטונג,

האָט בעניע קריק ווידער דערפילט, אַז ער האָט אַ האַרץ. דאָס מאָל נישט חלילה, ס׳זאָל אים ווי טאָן — נאָר סתם: ער האָט אויף דער וואַנט דערזען אַ פּאָרטרעט פון אַ ייד מיט גרויסע אויגן און אַ שיינער באָרד און עס האָט אים עפּעס אַ קיצל געטאָן אין האַלדז — אין ישראל טראָגן מסתמא אַלע יידן אַזעלכע שיינע בערד, און אַז ער, בעניע, וועט מיט גאָטס הילף אָנקומען קיין ישראל, וועט ער אויך לאָזן וואַקסן אַ באָרד. און ער האָט זיך פלוצים דערפרייט, אַז ער איז היינט אַהער געקומען.

ער האָט אַ הוסט געטאָן, בכדי צו דערמאָנען, אַז ער איז דאָ, אָבער די יידענע ביים שרייבטישל האָט נישט אויפגעהערט צו לייענען די גאַזעטן.

ער האָט דערפילט, אַז זיין ווייב קוקט אויף אים, און ער האָט דעם דאַזיקן בליק פאַרשטאַנען.

שטיל, אויף די ציפּאָטשקעס, דאָס הייסט אויף די שפּיץ פינגער, האָבן זיי געעפנט הינטער זיך די טיר און זענען אַרויס פון צימער.

אין בעניען האָט געקאָכט דאָס שטאָלצע עזות־פנימדיקע בלוט פון דער מאָלדאַוואַנקע — אָבער ער האָט געשוויגן.

און שווייגנדיק זענען זיי צוגעגאַנגען צו אַ קאָפּעטעריע, וווּ עס זענען געווען אַ סך ליידיקע טישלעך — פאַר די קינדער האָט ער באַשטעלט שאָקאָלאַד, פאַר דער פרוי — אַ קאַפּוטשינאָ, און פאַר זיך אַ פולע גלאָז קאָניאַק מאַרטינעללי, וועלכער האָט געהאַט אַ שטאַרקן גערוך פון וואַנצן, און וועלכער האָט אים באַלד געמאַכט אַ טומל אין קאָפּ.

ער האָט זיך דערמאָנט וועגן דער יידענע, וועלכע האָט געלייענט די צייטונג — און ער האָט זיך היסטעריש צעלאַכט.

— אַ גאַזיעטע האָט זי געלייענט! זי האָט געלייענט אַ גאַזיעטע!

זיין געלעכטער איז געוואַקסן און געטראָגן זיך איבער די טישלעך, איבער דעם שטילן זייטיקן געסל, איבער די שטענדערס מיט בלומען, פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגן דער פיינער ריח פון פרישע רויזן.

פּלוצים איז בעניע שטיל געוואָרן, עס האָט זיך אים אָפּגעהאַקט דאָס געלעכטער און צוויי גרויסע טרערן האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט פון זיינע באַקן. ער האָט זיך צעוויינט. ער האָט פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די גרויסע לאַדאָניעס און האָט שטיל געכליפּעט. דעם געוויין זיינעם האָט קיינער נישט געהערט, ווייל ס׳איז דאַך געווען זונטיק פאַר מיטאָג און אין שכנות האָבן זיך צעקלונגען די גלאָקן פון אַ קירכע.

## יוסף קערלער

# וואָרצלען

### מײַן ריף

וואָס הייסט עס דען,
איך האָב דיך ליב? —
דערשפּירט האָב איך — דו ביסט מײַן ריף,
וואָס כ׳האָב פֿון אור-צײַטן פֿאַרשלאָפֿן.
פֿון דאַן — נישט אויפֿגעהערט צו האָפֿן,
געוואָגלט איבער פּוסטע ערטער,
געזוכט פֿון בענקשאַפֿט אַ פֿאַרצערטער
און ווען ס׳האָט לופֿט שוין אויסגעפֿעלט
מײַן טראָט כ׳האָב איבער תהום געשטעלט,
די הענט צום לעצטן מאָל געשטרעקט —
האָסטו דאַן פּלוצים זיך אַנטפּלעקט
געהיים און היימיש, אומגעריכט
און פֿרישער פֿון פֿרימאָרגן-ליכט
אויף אָט דער ווילדער זיסער ערד,
וואָס גאָט, ברוך הוא, האָט אונדז באַשערט!

וואָס הייסט עס דען,
איך האָב דיך ליב? —
בײַם סאַמע האַרץ ביסטו מײַן ריפּ.

### מאַמע-ערד

און הילכיק לאַכט אין מיר מײַן מענטשלעכער, מײַן מעכטיקער זכרון...
דוד האָפֿשטיין — "אין וועג"

מיט יעדן טאָג כ׳דערמאָן זיך מער —
כ׳בין אויפֿגעגאַנגען דאָ אַמאָל

און ניט אומזיסט צו אָט די בערג
דערקלעטערט כ׳האָב פֿון טויטן טאָל . . .

דערקענט האָט מיך דאָ יעדער שטיין
און בײַ די פֿיס געלייגט זיך ווייך
און איך — דערקענט האָב מײַן געבײַן
אין יעדער בוים דאָ אין דער הייך,

ווו אייביק יונג און אייביק וואַך
די פֿרישע קאַרבן — אויפֿן שטאַם
און מעכטיק מײַן זכרון לאַכט —
אַ פֿעלדז אַריבער טרערן-ים.

כ׳בין דאָ געווען און דאָ כ׳פֿאַרבלייב,
מיט יעדן מוח-קנייטש איך שווער —
דאָס אייגן לײַב איז פֿון דײַן לײַב,
מײַן מאַמע-ערד !

## דו טענהסט, טייערע . . .

דו טענה׳סט, האַרציקע,
אַז אויף מײַן האָרב
די גאַנצע וועלט איך טראָג . . .
כ׳באַדאַרף עס, מיינסטו ?
אָט — ווען כ׳האָב,
ווען אַ מאַיאָנטעק כ׳וואָלט פֿאַרמאָגט,
געדונגען וואָלט איך
און אַוועקגעשטעלט
אַ גוטן גוי מיט אַ געזונטן רוקנביין
און זאָל ער זאָרגן, אַז די שיינע וועלט,
חלילה, זאָל נישט אונטערגיין . . .
נאָר כ׳בין שוין אויסגעווען
מײַן ליבע פֿרוי

בײַ אַלע ברעגן און אויף אַלע וועגן:
נישטאָ, נישטאָ אַזאַ מין גוי
און ס׳גילט גאָר ניט אַזאַ פֿאַרמעגן!

## מעגלער...

מעגלער, מיר אַליין זײַנען משוגע,
מיר, וואָס ריידן אַלץ נאָך קלאָרע רייד.
אפֿשר דאַרף מען רעכענען פֿאַר קלוגע
די וואָס פּרעפּלען ווי נאַרקאָטיקער צעדרייט?

ס׳איז די וועלט בפֿירוש אַ פֿאַרקערטע
און אומזיסט — דו שטרעקסט צו איר די הענט —
ווי די גרילצנדיקע פּאָפּ-ריטמען באַגערט זי
די, וואָס דראַפּען זיך אויף אירע גלייכע ווענט.

מע באַשענקט דעם הענקער מיט רחמנות
און דער קרבן רופֿט אַרויס פֿאַרדראָס,
אַלץ איז צופֿאַל, אָנשטעל און לצנות
און דער אמת גייט אַ באָרוועסער אויף גלאָז...

ס׳רופֿט אַרויס בפֿירוש אַ געלעכטער,
צי שאַקאַל-געוווי, ווי אײַך געפֿעלט —
ס׳גליט אויף הייסע קוילן דער גערעכטער
און דער שקר בײַ דעם רודער ברענט אַ וועלט.

וואָס זשע איז דער חידוש, אויב מע הוליעט
זינלאָז, ס׳האָט אַ זין צו זײַן צעדרייט.
מעגלער, מיר אַליין זײַנען די דולע,
מיר, וואָס ריידן אַלץ נאָך קלאָרע רייד!...

*

די זיסע ערד מײַנע —
איר װײכע מוטער־טראַכט
איז פֿאַרן אויג
אויף זיבן שלעסער צוגעשלאָסן.

און בלויז די שטאַמען
פֿון די ביימער אויפֿן פֿעלדז,
פֿון אינוויינִיק,
מיט אַלע ברוויזנדיקע זאַפֿטן
שפּירן זיי —

די טראָציקע, די שטאָלצע צווײַגן
שפּיגלען אָפּ זיך אין דער טיף:
די וואָרצלען דאָרטן
בווײַגן זיך
און זינגען שירה
צו די זיבן שיינע הימלען.

**דערשינען . . .**

**דרײַ העפֿטן — אַ נײַ לידערבוך פֿון רחל בוימוואָל**

דאָס בוך איז צונויפֿגעשטעלט אין אַ צוריק־אָרדענונג: אָנהויבנדיק פֿון דער דיכטע־רינס נייסטע לידער ביז צו די לידער מיט אירע געמעלן, פֿאַרפֿאַסטע אין עלטער פֿון זעקס יאָר.

אין דעם בוך גייען אויך אַריין אַפֿאָריזמען און עפּיגראַמען.

צו באַקומען אין תל־אביב, רח׳ אלנבי 31, פּרץ־פֿאַרלאַג, און אין ירושלים, רח׳ קוסטריקה 29/10 טעל. 413460.

## נחמן ראַפּפּ

# אָראַנזשן אין שניי

א

נישט קיין צוגן און נישט קיין שנעל־פֿליענדיקע עראָפּלאַנען האָבן מיך געפֿירט צו מיין ווייטער דערמאָנונג. צו אַ געדעכעניש פֿון מיט אַ פֿערטל יאָרהונדערט צוריק קאָן מען דערגיין בלויז מיט אַ ציטער פֿונעם האַרץ. און אַזוי איז עס געשען, אַז אין איינעם אַ פֿרימאָרגן, ווען די זון האָט געוואָרפֿן אירע שטראַלן אויף די אַלטע מויערן פֿון ירושלים, אָנגעצונדן מיט בלענדיקן גינגאָלד די שמאָלע קלויס־טער־פֿענצטער און זיך געגומען אָנגליען דעם פֿרעמד־גאָטיקן קופּאָל אויפֿן הר הבית, בין איך געבליבן שטיין אין מיטן דער שטאָט און זיך דערפֿילט ווי אַ פֿון ווייט־פֿאַרבלאָדזשעטער, אַן אָנגעקומענער אויף אַ ווייל, וואָס האָט פֿאַרלאָרן דעם וועג אויף צוריק. פֿאַרביי מיר זענען דורכגעפֿאָרן אויטאָבוסן, וואָס האָבן צעפֿירט דאָס לעבן אין אַלע אָדערן פֿון דער הויפּט־שטאָט, סיי אין די אַלטע קוואַרטאַלן, וואָס וואַכן אויף יעדן אין דער פֿרי, כדי ווייטער צו שפּאַנען מיטן טראָט פֿון אייביקייט, און סיי אין די ניי־אויפֿגעבויטע, שטיינערנע שכונות, וואָס הייבן אָן זייער טאָג מיט יונגן געלעכטער און וואַכעדיקער פֿרייד. עס איז מסתמא געווען זייער קאָמיש צו זען, ווי איך, דער אַלטער ייִד, מיט בליקן פֿאַרטראָגענע אין אַ נישט דאָיקייט, שטייט אַ פֿאַרטראַכטער אין זיך, פֿאַרקוקט אין ערגעץ אַ ווייט און ווייס נישט וואָס צו טאָן מיט זיך אין אַזאַ זוניקן פֿרימאָרגן אין דער אויפֿוואַכנדיקער שטאָט. אויטאָמאָבילן האָבן געפֿייפֿט, שאָפֿערן האָבן אַרויסגעוואָרפֿן דורכן פֿענצטער פֿון זייערע אויטאָס קורצע, שאַרפֿע אויסרופֿן, פֿון דער צווייטער זייט טראָטואַר האָט עפּעס אַ מיידל צו מיר אַריבערגעשריגן מיט בליקן פֿון שרעק, איך זאָל מיר אָפּנים היטן ביים דורכגיין די גאַס, און איך בין געשטאַנען אַ נישט היגער, אַ נישט־דאָיקער, און אַזוי שטייענדיק, אָנגעהויבן מיין רייזע צום אָנהייב פֿון יענעם פֿערטל יאָרהונדערט, וואָס האָט מיך איצט געפּאַגנען מיט זיין געדעכעניש. ווען איך בין ענדלעך אַריבער די צווייטע זייט גאַס, אַריין אין קליינעם שטאָטישן פּאַרק וואָס קעגנאיבער דעם הויכן אַלטן טויער מיטן שטיינערנעם וואַכנדיקן לייב, האָב איך געוווּסט, אַז נאָך היינט וועט עס געשען. איך וועל אָוועק אין די שפּורן פֿון די פֿאַרגאַנגענע יאָרן און דאָרט געפֿינען דעם חלום, וואָס איך האָב דאָרט געלאָזט,

אַ נישט־פֿאַרשוועכטן, אַ פּאַרטייעטן צווישן די גרינע אָרגאַנזשן־בלעטער פֿון יונגן פּרדס, און אין די ברוינע קאַשטאַן־האָר פֿון יענער פֿרוי, וואָס האָט אין איר האָר־געפֿלעכט אויפֿגעהאַלטן דעם חלום מײַנעם. ווײַל חלומות, זאָגן מענטשן, לעבן אײביק, אויב מען פֿירט זיי נישט אַוועק אויף די שטויביקע וועגן פֿון דער וואָר.

נאָר איידער איך נעם זיך צו דער דאָזיקער רייזע, מוז איך דערציילן פֿאַר זיך דעם ווונדער פֿון מײַן לעבן אין דער אײביקער שטאָט.

געקומען בין איך אַהער צו מיט די שורות פֿון דער אויסגעבענקטער תּפֿילה. איך בין דעמלט דרײַ יאָר אַלט געווען און מײַן טאַטע, דער העברעיִשער משׂכּיל, האָט בשום אופֿן נישט געקענט פֿאַרשטיין די טרערן פֿון אַ דרײַ יאָריק קינד, ביים שעפּטשען די אויסגעלערנטע תּפֿילה: ״און צו ירושלים דײַן שטאָט זאָלסטו זיך אומקערן מיט רחמים״. דיכטער זאָגן, אַז אויך טרערן קענען זײַן ימים, און דורך די דאָזיקע ימים בין איך אָנגעשוווּמען אַהער צו מיט אַ קליין האַרץ. די גאַס, ווו מיר האָבן געוווינט, איז געווען אַ פֿרעמדע און אַ נישט טאָלעראַנטע. ווינטער, אין די סאַמע שטאַרקע פֿרעסט, האָבן זיך מײַנע חברים פֿאַרשטעלט פֿאַר גויאישע פּורים־שפּילער. דער טייוול האָט געהאַט קורצע הערנער און אַ לאַנגן עק. ער האָט מיך געשלאָגן מיט אַ קורצן קינדערישן ראַפּניק און געמאָנט ביי מיר אויסקויף־געלט. איך האָב זיך אויסגעקויפֿט מיט אַ וואַרעמען זעמל, נאָר וואָס פֿון אויוון אַרויס, און דער טייוול האָט געלאַכט מיט אַ קינדעריש געלעכטער און מיך געגלעט פֿאַר אַ פּאה. פּסח־צייט האָבן אַלטע באַבעס געטראָגן צום גלח טעלערס געפֿאַרבטע אייער פֿאַרבונדענע אין קאָלירטע טיכלעך, געקושט אים די האַנט און ער האָט געהייליקט דעם וויקופֿ. אירענע האָט געהאַט קליינע קאָמישע ווייצענע צעפּלעך פֿאַרפֿלאָכטן מיט רויטע יומטובדיקע סטענגעס. זי איז געווען מײַן מלאך און האָט אַנטאָני, מײַן קליינעם חבֿרל, נישט געלאָזט מיך רייסן פֿאַר די פּאה׳ס. ווען אַנטאָני פֿלעגט עס וועלן טאָן, האָט זי זיך געזעצט אויף אַ שטיין און גענומען וויינען. איך האָב אויך געוויינט און אַנטעק האָט דעמלט אַרויסגעשלעפּט פֿון קעשענע פֿון די צעפּליקטע הויזלעך חזיר־ניסלעך און זיך מיט אונדז געטיילט. אירענע האָט געשמייכלט דורך אירע קינדערישע טרערן און איך האָב געפֿילט, אַז איך קען זי אַרײַננעמען אין מײַן תּפֿילה פֿון וועלכער איך וויין פֿון רחמים. שפּעטער זענען מיר אויסגעוואַקסן און גרויסע וויינען נישט. אירענע איז אויסגעוואַקסן און אירע בלויע אויגן זענען געוואָרן פֿון שטאָל. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז פֿון אַזאַ שטאָל זענען געמאַכט געוואָרן די העלמען און שפּיזן פֿון טיטוס, וואָס האָבן חרובֿ געמאַכט ירושלים. שפּעטער האָט דער ווינט אָנגעטראָגן פֿרעמדקייט און דערנאָך שׂנאה. איך האָב געבענקט צו דער שטאָט פֿון רחמים און זיך נישט דערבענקט. שׂנאה און פֿייער זענען צווילינג־ברידער, אוןביידע האָבן אַרומגענומען די וועלט אויף פֿאַרברענט צו ווערן. ווער קען צוריקברענגען די קינדהייט צו אַ צוואַנציק־יאָריקן

זקן, וואָס האָט אין פייער פאַרשאָלטן ווייצענע העלע צעפּ און בלויע אויגן פון שטאָל ?

אָבער נישט גלייך בין איך אָנגעקומען אין דער אייביקער שטאָט, אין דער שטאָט פון רחמים. פריער איז מיר נאָך באַשערט געווען דורכצוחלומען אַ פאַר־געסענעם חלום. וועגן דעם חלום וועל איך דערציילן שפּעטער. איצט זיץ איך אויף דער באַנק, קעגנאיבער דעם שטיינערנעם לייב, און גרייט זיך צו מיין רייזע אַהין צו, צו מיין דערמאָנונג.

ווי וויל די שטאָט ליגט פאַר מיין בליק אַ פרייע, אַן אָפענע, איז זי דאָך פול מיט געהיימניש און סוד. נישט איין מאָל האָב איך געהערט פון עלטערע מענטשן, אַז ירושלים איז פאַרשלייערט אין טויזנט שלייערן, און נישט יעדער איז זוכה זיך צו דערשלאָגן צו איר שיינקייט. אַמאָל, ווען איך בין נאָך קליין געווען, האָב איך געהערט פון מיין זיידן, אַז ירושלים איז אַ פּרינצעסין, וואָס טוישט אירע קליידער מיט יעדן זון־פאַרגאַנג. דעריבער איז זי שווער צו דערקענען. נאָר דער, וואָס קאָן איר מלכותדיקן אָפּשטאַם דערקענט זי אין אירע שטילע געמאַסטענע טריט, ווען זי נידערט אַראָפּ פון באַרג. אויך איצט האַלט מיך די שטאָט אין איר כישוף. און נישט שטענדיק דערקען איך אין איר די פּרינצעסין. בלויז דעמלט, ווען מיין האַרץ בענקט צו רחמים, אין אַזאַ מינוט קומט מיר אַנטקעגן די האַרציקע תפילה פון וועלכער דרייייעריקע קינדער ווײנען אין שויס פון דער מוטער, אין ווייטע פאַרשנייטע שטעט.

נאָר פון פייער בין איך אָנגעקומען נישט צו דעם טויער פון ירושלים. מיך האָט באַגעגנט דער גרינער פּרדס אונטערן בלוי־רויקן הימל פון שרון. אַהין צו לאָז איך זיך איצט אין דער רייזע צו מיין געדעכעניש. שוין טאַקע אַריבער פינף־און־צוואַנציק יאָר, ווי איך האָב געלאָזט מיין חלום אַ נישט דערחלומטן ביזן סוף, אַ נישט אַרויסגעפירטן אויף טרוקענע זאַמדן פון וואָר ? צי פאַר איך טאַקע אַהין צו, כדי צו זען ווי חלומות קענען נישט שטאַרבן ?

איך הייב זיך אויף פון דער באַנק און לאָז זיך גיין צום אויטאָבוס. צו יענער ווייטער רייזע, וווהין איך קלייב זיך אַצינדער, פאָרט מען נישט מיט קיין שנעל־צוגן און עראָפּלאַנען. עס איז אַ פינף־און־צוואַנציק יאָריקע רייזע, וואָס דויערט וויניקער ווי צוויי שעה. אין צוויי שעה אַרום, ווען די זון וועט נאָך שטיין אין מיטן הימל־טעלער, וועל איך שוין זיין דאָרט, וווּ איך האָב איבערגעלאָזט מיין חלום. צי וועט ער מיך דערקענען ?

ב

שוין דער דריטער פאַרטאָג, ווי איך שטיי אויף פון געלעגער, און קוק אַרויס דורכן איינציקן פענצטער צום גרינעם פּרדס, וואָס דרימלט נאָך זיין ביינאַכטיקן

דרימל. שפּעטער, ווען די זון וועט זיך נעמען אַנגליען דעם אַנגעוואָרפּענעם איבערגעבערענטן קאַלך־אַנשיט אַרום די הייזקעס, און דער צעלעכצטער כורכר וועט אונטער דער זון ווערן טרוקן־גרוי און זיך בערגלען אַרום די הייזקעס ווי פאַרטריקנטע וווּנדן, וועל איך אַוועק פון פענצטער, צוריקגיין צום געלעגער, אַראָפּזינקען דעם קאָפּ צו די דלאָניעס און שווייגן. אויף צו מאָרגנס, אין פרישן פאַרטאָג וועט זיין דאָס אייגענע. ווי אַ פאַרטייעטער כישוף ליגט ער, דער פּרדס און ציט מיך צו זיך.

די טעג גליען מיט הייסן, פאַרשטשעמעטן אָטעם. די נייע עולים, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די איינצימערדיקע הייזקעס, וויסן גאָרנישט וועגן פּרוכפּערדיקן שרון. צו די ווונדן אין האָרץ, געבראַכטע פון ווייט־אָפּגעברענטע שריפות, איז צוגעשטאַנען דער גלי פון די נייע טעג, די אַנגעברענטע גרויע ערד, און געלאָשן דאָס לעבן אין די אויגן. די נייע שכונה, מיט אירע צעוואָרפענע קליינע הייזקעס, ווי צופעליק־פאַרלאָרענע אין וועג צו אַ היים, האָט פאַרשלאָסן די מיילער און פאַרהאַקט דעם אָטעם. מיטן אָנקום פון טאָג, האָבן זיך די מענער געלאָזט זוכן אַרבעט און די פרויען האָבן אַרומגעקרייזט אַרום זייערע הייזקעס, שווייגנדיקע און אַפּאַטישע ווי געבליבענע נאָך אַן ערד־ציטערניש. שפּעטער, ווען די זון איז שוין געזעסן הויך אין הימל, זענען אויך די פרויען פאַרשווונדן הינטער פאַרמאַכטע טיר און לאַדן, איז די שכונה, מיט אירע ליימבערגלעך און גרויען כורכר איז געלעגן אַן אָפענע פאַר דער היץ פון טאָג. פאַרנאַכט האָבן זיך ווידער טיר און לאַדן צעעפנט און די פרויען מיט זייערע מענער און קינדער זענען געזעסן פאַר די הייזקעס און געטרונקען דאָס קילע ווינטל וואָס האָט זיך געטראָגן פון ים. איצט האָט מען גערעדט וועגן אייגענעם גורל, וועגן פאַרגאַנגענע איבערגעלעבטע שריפות און וועגן דעם אומפאַרשטענדלעכן לעבן, צו וועלכן זיי זענען אַהער צו פאַרטראָגן געוואָרן. די קינדער האָבן געפירט אויף אַלערליי שפּראַכן זייערע קינדערישע מלחמות און פאַרכאַפּט איינע ביי די אַנדערע די בערגלדיקע כורכר־אַנשיטן, ווי וויכטיקע מיליטערישע פּאָזיציעס, און די מאַמעס האָבן פאַרשעמט באַהאַלטן דעם קרעכץ, פון דריקנדיקן עלנט וואָס איז זיי באַפאַלן. און ווען אַלץ איז שוין געווען אויסדערציילט, און די מענער זענען מידע פון דער אַרומפּאַדעניש אין משך פון טאָג, אַריין אין די הייזקעס אויסצורוען די מידע ביינער, האָבן די ווייבער אויף ס'ניי פאַרלייגט אַ שמועס וועגן דער שטומער לעלע, וואָס דער פּוילישער ייד, דער שניידער, האָט אַראָפּגעבראַכט פון פּוילן, און זי דרייט זיך דאָ אַרום ווי אַ נעכטיקע. ווער עס האָט געלאַכט מיט אַ שטיל בייסיק געלעכטער, און ווער עס האָט זי באַדויערט, נאָר אַלע ווייבער זענען געקומען צום באַשלוס, אַז די שטומע לעלע האָט עס געדאַרפט ווי אויגן־ווייטיק, אָט דאָס פאַרוואָרפעניש, אין וועלכער זי איז פאַרוואָרפן געוואָרן. פאַר זייערע אויגן זענען נאָך געשטאַנען פריש

די ברייטע פוילישע אַזיערעס, די טונקעלע וועלדער און די צעבליטע קאָרנפעלדער און זיי האָבן נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס עס זוכט דאָ, אין אָט דער וויסטעניש, די יונגע פולבלעכע פרוי, מיט די פאַרפלאָכטענע ברוינע צעפּ פון קאַשטאַן־קאָליר און רונד געזיכט, ווי ביי אַ דאָרפישער הייליקער. "עס האָט איר געפעלט אַן אַכעניש — האָבן די ווייבער געשנורעוועט די צעטריקנטע ליפּן, — האָט זי זיך געזוכט אַ צרה..."

— און זעט נאָר דעם גליטש וואָס זי האָט דאָ געכאַפּט — האָט זיך איינע פון די ווייבער צעזונגען — מען קען מיינען, אַז זי האָט דאָס געכאַפּט דעם סאַמע גראַף פּאָטאָצקי. גלויבט מיר, האַרציקע, אַז מיר כאַפּט אָן אַ מיגל, ווען איך קוק אָן אָט דעם געלן שניידער מיט די דריי שיטערע האָר אויפן פּיגעוואַטן שאַרבן.

זיי האָבן זי אויסגעמיטן, די יידישע ווייבער, און נישט אַריינגענומען צו זיך אין קרענצל. מער ווי מיט שנאה האָבן די דאָזיקע געפּייניקטע יידישע פרויען נישט געקענט אָפּצאָלן דעם לאַנד פון זייער אַנטרינונג, פאַר דעם ביטערן כוס וואָס זיי האָבן דאָרט געטרונקען. און דאָס האָבן זיי געטאָן. צווישן די שרייאיקע קולות אויף יידיש און נאָך עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעך לשון, וואָס איז אַהער געבראַכט געוואָרן פון אַ ווייט אַראַביש לאַנד, איז די מיט די קאַשטאַן־צעפּ אַרומגעגאַנגען אַ שווייגנדיקע, און אַפילו צו די, פון פוילן געקומענע, פרויען זיך נישט דערוועגט אָנצורופן מיט אַ וואָרט אויף איר לשון. און די ווייבער האָבן זי שאַדנפריידיק אָנגערופן שטומע לעלע.

דאָס איינציקע פענצטער פון דער הייזקע, ווו עס וווינט דער שניידער, איז קעגנאיבער מיין איינציקן פענצטער. פאַרטאָג נאָך פאַרטאָג שטיי איך אין אָפענעם פענצטער און קוק צום גרינעם פּרדס, וואָס שטייט אַן אומבאַוועגלעכער, ווי אַן אָנגעמאָלענער מיט וואַסער־פאַרב. און אין איינעם אַזאַ פאַרטאָג, ווען דער שניידער האָט זיך געלאָזט מיטן זאַמדיקן וועג אין שטאָט אַריין זוכן זיין שניידעריש ברויט, האָב איך זי פּלוצלונג דערזען און געמיינט, אַז איך בין ווידער אַלט דריי יאָר און אירינע באַשיצט מיינע קינדערישע פּאה׳לעך מיט איר בלויען קינדערישן געוויין.

איך האָב שוין דעמלט געוווּסט, אַז די פּוילישע פרוי מיט די קאַשטאַן־צעפּ הייסט מאַריע, אַ נאָמען וואָס לאָזט מיך נישט גלייכגילטיק ביזן היינטיקן טאָג. ווען איך וואָלט געקענט וואָלט איך אַלע שיינע פרויען פון דער וועלט אָנגערופן מיטן דאָזיקן נאָמען. אַלע שיינע יידישע פרויען דאַרפן הייסן מרים, און איך בין דאַנקבאַר די טיף פוילישע יידן, וואָס אַנשטאָט מרים זאָגן זיי מאַריעם, דער דאָזיקער נאָמען שמעקט אויף פאַר מיר מיט פרוי און מוטער, מיט ווייב און געטריישאַפט, מיט תנכישע נבואה פון מרים הנביאה און מיט פרעמדן רייץ פון פאַרטייעטער הייליקייט פון מוטער און קינד ביי איר ברוסט. איצט אין דעם

גרויען פאַרטאָג האָב איך זי געזען אין אַלע אירע געשטאַלטן, און די צעלעכצטע קאַלך־בערגלעך זענען פּלוצלונג פאַרשוווּנדן און פאַר מיינע אויגן זענען אויפ־געקומען רויִקע בלויע אָזערעס און צעבליטע קאַרנבלומען. איך האָב שיער נישט אַ שעפּטש געטאָן צום קעגנאיבערדיקן פענצטער:

— מאַריע...

זי איז געלעגן אויפן נידעריקן אייזערן סוכנות־בעטל און איר שווערער קאַשטאַן־ברוינער האָר־געפלעכט צעשויבערט אויפן פלאַכן קישן ווי ברוין־דורכגע־ברענטע קאַנאַפּליעס אויפן פוילישן פעלד. איך האָב געזען איר רונד געזיכט און די קליינע פולע ליפּן, קוים־קוים צעעפנטע און קינדעריש־שמייכלענדיקע. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך פיל איר אָטעם אויף מיין געזיכט, אויף מיינע הענט. איך האָב נאָך גוט געדענקט די שמעקנדיקע ריחות פון די הויכע גראָזן אין די ביאַלאָוויעזשער וועלדער, און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די האָר פון דער שלאָפנדיקער מאַריע שמעקן מיטן דאָזיקן פאַרשיכורנדיקן אַראָמאַט. איך בין אַוועק פון פענצטער מיט וואַקלדיקע טריט, מיט פּלוצלונגדיקן פּחד פאַר אַ שאַרפן נסיון. נאָך אין דעם זעלבן טאָג האָב איך זי געזען ביי דער שוועל פון טיר, אַ שווייגנדיקע און אַ פאַרקוקטע אין דער ווייט, צו יענעם גרינעם פרדס, צו וועלכן איך ווענד מיין בליק יעדן פאַרטאָג.

ווי צוויי ווייטע אָפּגעפרעמדטע וועלטן, האָבן זיך שטום און מיט באַהאַלטענער פיינטשאַפט איבערגעבליקט די אַנגעגליטע, גרוי־ליימיקע שכונה מיט אירע ווייס־געקאַלעכטע הייזקעס און שמאָלע איינציקע טירן, און דער ווייטער גרינער פרדס, דער אַנגעמאָלטער מיט טונקל־גרינער וואַסער־פאַרב. די נייע עולים האָבן צו אים געבליקט, ווי זיי וואָלטן אין זיין גרינקייט געזען זייער לעכצעניש. יידן געקומענע פון תימן, מיט ברוין־אויסגעדאַרטע קינבאַקן און שמאָלע שוואַרצע בערדלעך ווי ביי מדבר־ציגן, האָבן אין פאַרנע פאַרנאַכטן געזונגען פאַר די צעעפנטע טירן אומעטיק־צעצויגענע נגונים, ווי פאַרבענקטע בעלי־חיים צום ליכט פון דער אויפגייענדיקער לבנה. אין די פרימאַרגנס זענען זיי געווען די ערשטע, וואָס האָבן פלינק אַרומגעקרייזט זייערע הייזקעס און זיך גענומען גראָבן דעם גרויען ליים־אַנגעוואָרף און דעם רויטן כורכר, ביז זיי האָבן זיך דערשלאָגן צו דער זאַפטיקער שוואַרצער הויט פון דער ערד. אויף אַ נישט פאַרשטענדלעך לשון האָבן זיי געדאַוונט צום היימישן יידישן גאָט און געדאַנקט פאַרן חסד, וואָס האָט זיך צו זיי אַנטפּלעקט אין דער שוואַרצער הויט פון דער ערד. מיט עקשנות פון פלינקע מוראַשקעס האָבן זיי געגראָבן מיט קורצע טוריעס און באַפרייט די ערד פון אירע ליימיקע וווּנדן. און אין איינעם אַ טאָג האָט זיך זייער ציקלדיקער זמר צונויפ־געגאָסן מיטן יונגן געבלעק פון די שוואַרצע ציגן, וועלכע זיי האָבן געבראַכט אַנצופירן אויף דינע שטריקלעך, יונגע פלינקע בעלי־חיים, מיט שוואַרצע שאָקלענ־

דיקע בערדלעך, וואָס האָבען זיי ענלעך געמאַכט צו זייערע פלינקע, שיטער־באַבערדלטע בעלי בתים. אין דרויסן איז געשטאַנען דער חודש יוני, אַ צעגליטער אין דער זון, און די אַנטפּלעקטע ערד האָט געלעכצט מיט צעשפּאָלטענער הויט. ביז דער ווונדער איז געשען: עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע רעגנס און די ערד האָט אויפגעאָטעמט מיט גרינער פרייד.

טאָקע דעמלט האָב איך דערהערט מאַריעס געוויין. די ווייסע הייזקעס זענען געווען פאַרזונקען אין אַ מין וואַכן אומרויקן שלאָף. די איינציקע פענצטער זענען געווען צעעפנט, ווי בלינדע אויגן, און אַרויסגעקוקט פאַרטייעט אין דער נאַכטיקער פינצטערניש. פון ווייטן האָט גערוישט דער ים זיין מאָנאָטאָנעם רויש און האָט זיך געקילט אין זיינע אייגענע כוואַליעס נאָך דער חמימה פון טאָג. שאַקאַלן האָבן פון ווייטן פּרדס אויסגעיאָמערט זייער הונגער ווי פאַרחלשטע קינדער, וואָס זענען שוין מיד פון וויינען. פון די אָפענע פענצטער האָט זיך געטראָגן פאַרשטיקטער קרעכץ, באַגלייט פון אַ געהיימנישפולן זשומען פון דאַרע קאָמאַרן, וואָס קענען אויך נישט שלאָפן אין די הייסע נעכט. אַן איינזאַמער מעקען פון אַ ציג האָט זיך פלוצלונג אַריינגעשניטן אין דער נאַכטיקער פינצטערניש, ווי אַ מאַנענדיקע בענקשאַפט נאָכן אויפקום פון טאָג. אַ דינער שלוכץ האָט אויפגעציטערט אין אַ אָפענעם פענצטער און איז תיכף איבערגעגאַנגען אין אַ שטילן רעגלמעסיקן געוויין. דאָס האָט געוויינט מאַריע.

איך בין צוגעגאַנגען צום פענצטער און זיך צוגעהערט צום געוויין. איך האָב נישט פאַרשטאַנען דאָס פלוצלונגדיקע געוויין אין מיטן דער נאַכט און מער ווי נייגער האָב איך צו דעם נישט געפילט. איך האָב אויך נישט געפילט, ווי דער נייגער איז ביסלעכווייז ביי מיר פאַרשוווּנדן, און אויף זיין אָרט איז אויפגעקומען אַ מאָדנע געפיל פון זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. עס האָט דאָך געמוזט אַזוי זיין — האָב איך גערעדט צו זיך אַליין: מאַריע מוז דאָך וויינען, ווייל אַן דעם וואָלט דאָך די נאַכט געווען שטאָק־פינצטער און די שטערן אין טונקעלן הימל וואָלטן נישט געוועקט אין האַרץ קיין זיסן חלום. איך האָב אויפגעמאַכט די טיר און זיך געזעצט אויף דער נידעריקער שוועל.

אויך מאַריע איז אַרויס פון איר הייזקע און זיך געזעצט אויף איר שוועל. ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט באַשעפעניש איז זי געזעסן איינגעטוליעט אין דער נאַכט און שטיל געיאָמערט. און ווען זי איז שטיל געוואָרן, האָט זי אויפגעהויבן די אויגן צו די פינקלדיקע שטערן און זיך אין זיי אַ לענגערע ווײַלע פאַרקוקט. איר געוויין האָט זיך ווי איבערגעריסן אין דער מיט, פלוצלונג, ווי ער איז פלוצלונג אויפגעקומען, און מיך צוגעשמידט צו איר. דערנאָך איז זי פאַרשוווּנדן אין איר הייזקע, וואָס איז ווידער פאַרזונקען געוואָרן אין נאַכטיקער שטילקייט. איך בין נאָך אַ ווייל געזעסן אויף מיין שוועל, ווי עס וואָלט מיר געווען אַ שאָד זיך צו שיידן מיט

אַ זיסן חלום. אין דרויסן האָט ווייטער געאָטעמט איר אָטעם די שטילע, הייסע נאַכט, אַ באַוואַכטע פון געדיכטן שטערן־געוועב אין טונקעלען הימל. דער שלאָף איז געקומען צו מיר ערשט פאַרטאָג. און ווען די זון האָט דורכן אָפענעם פענצטער מיינע אויגן אויפגעריסן, איז שוין געווען גרויסער טאָג.

איך האָב זי געטראָפן אַ פאַרטאָגעטע ביים גראָבן דעם גרויען כורכר אַרום איר הייזקע. איר פול געזיכט איז געווען פאַררויטלט ווי ביי אַ קינד, וואָס איז אַרייַנגעטאָן בלב ונפש אין זיין שפילצייג. ווען זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָבן דינע שטרעמלעך שווייס גערונען פון איר הויכן רונדן שטערן צו די מויל־ווינקלען. אירע קליינע פולע ליפּן האָבן געטרונקען דעם שווייס ווי טוי. איך האָב זיך צו איר באַגריסט:

— אַ גוט מאָרגן דער פּאַני.

— אַ גוט מאָרגן. זאָל דער פּאַן נישט לאַכן פון מיר, נאָר כ׳וויל דאָ פאַרזעצן אַ גאָרטן. כאָטש עטלעכע בלומען.

ווי וויל אַלץ אַרום האָט שוין געברענט אין דער זון מיט מדבר־היץ, האָבן דאָך אירע רויקע בליקן געאָטעמט מיט קילקייט פון שטילע פרישע וואַסערן. איך האָב צו איר געשמייכלט:

— זאָל די פּאַני זיך אָפּרוען אַ ביסל, דער גאָרטן וועט וואַרטן.

— איר מענער זענט אַלע אַזוי — האָט זי אַראָפּגעלאָזט אירע בליקן און גערעדט ווי צו זיך אַליין. אויך מיין איציק וויל נישט פאַרשטיין, אַז בלומען זענען ווי קינדער: מען דאַרף זיי שטאַרק וועלן, זיי זאָלן קומען. און ווי קען די ערד אויפאָטעמען אָן אַ בלום?

— די פּאַני האָט ביי נאַכט געוויינט — האָב איך פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן.

— דער פּאַן האָט געהערט? — האָט זי זיך ווי דערשראָקן.

— אונדזערע פענצטער זענען נאָענט, אוממעגלעך נישט צו הערן.

זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפן שוועל און אָפּגעקערט פון מיר דעם בליק. געקוקט אין דער וויַיט, דאָרט וווּ עס גרינט דער נידעריק־צעוואַקסענער יונגער פּרדס, ווי אָנגעמאָלן מיט איידעלער וואַסער־פאַרב. זי האָט געזאָגט: — זאָל דער פּאַן זען ווי גרין דאָרט איז, אין דעם קליינעם וועלדל, דאָרט מוז אויך זיין אַ קליינע אַזערע.

איך האָב איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז קיין אָזערע איז דאָרט נישט פאַראַן, און אַז אונדזער לאַנד איז בכלל נישט רייך אין קיין וואַסערן. און דאָס וועלדל, איז נישט קיין וואַלד, נאָר אַ פאַרפלאַנצטער פּרדס פון אַראַנזשן־פּרוכט, מענטשן האָבן עס פאַרפלאַנצט און באַוואַסערן עס טאָג־טעגלעך. זי האָט אויסגעהערט און געוואָרן אומעטיק. זי האָט געקוקט אויף מיר מיט פאַרוואָרף:

— פאַרוואָס איז דאָ אַלץ אַזוי טרוקן? נישט קיין טייך, נישט קיין בלום?

איך האָב נישט געענטפערט, ווייל איך האָב נישט געקאָנט ביישטיין דעם קליינעם טרויער אין איר בליק. אויך איך בין געווען דורכגעלעכצט מיט דער בענקשאַפט נאָך לעבעדיקן זאַפט און אַראָמאַט פון גרינעם געפלאַנץ. זי האָט ווידער געפרעגט:

— און וועמענס איז דאָ די ערד וואָס אַרום אַט די הייזקעס? מיין איציק זאָגט אַז דאָס איז נישט אונדזערס.

— ס׳איז יאָ און נישט — האָב איך שוין געשמייכלט. די גאַנצע ערד דאָ אין לאַנד געהערט צו איינעם אַ באַלעבאָס, וואָס טראָגט מיט זיך אַ בלויע פּושקע און קלייבט נדבות.

— דער פּאַן טרייבט פון מיר שפּאַס — האָט זי זיך קינדיש באַליידיקט, וועגן ערד דאַרף מען ריידן ערנסט און נישט לאַכן.

איך האָב געצווייפלט, צי איך וועל קענען גענוי אויפקלערן דער געקומענער פון די מאַזורער אַזערעס אין ווייטן פּוילן וועגן די אויפטוען פון קרן קיימת, וואָס האָט מיט צונויפגעקליבענע יידישע גראָשנס אויסגעקויפט פאַר יידן דאָס שטיקל ערד אונטער די פיס. איך האָב זי בלויז באַרויקט:

— זאָל די פּאַני נישט זאָרגן, דאָס שטיקל ערד אַרום דער הייזקע געהערט צו דער פּאַני גאַנצע ניין און ניינציק יאָר, און אַז גאָט וועט וועלן וועט עס זיין ביז הונדערט און צוואַנציק. זי האָט אויסגעהערט מיינע רייד ווי מען הערט אַ שפּאַנענ־דיקן ראָמאַן. אָבער מיינע רייד זענען געווען צו קורץ און זי האָט זיך פון זיי גאָרנישט דערוווסט. האָט זי זיך ווידער פאַרקוקט אין דער ווייט און גערעדט, שוין איצט צו זיך אַליין:

— אַ צרה מיט אַט דעם דאָזיקן שטיקל גאָטס ערד. קיין מאָל קלעקט עס נישט פאַר אַלע. מיין טאַטע איז געבוירן געוואָרן און אָפּגעלעבט זיין לעבן אין דאָרף. אָבער שטענדיק זענען געווען מער מיילער צום עסן ווי מאָרגעס ערד. מיין ברודער האָט געמוזט אַוועק פון דער היים. איצט איז ער אין איטאַליע. איך האָב זיך געגרייט צו מיין חתונה מיטן זון פון אונדזער שכן, אונדזערע פעלדער זענען געלעגן נאָענט, — מעזשע צו מעזשע. איז אויסגעבראָכן די מלחמה מיטן ניעמיעץ...

איך האָב ווידער דערפילט דעם שאַרפן ווייטיק ביים באַריר פון דער אָפענער אַזערעס אין וואַלדיקן טונקל האָט מיך אומרויק געמאַכט. איך האָב זיך אויפגעהויבן פון שוועל און זיך געזעגנט:

— אַ גוטן טאָג דער פּאַני, איך ווינטש איר פיל גליק.

— מיט גאָט — האָט זי אַ זאָג געטאָן, ווי אַ מאָל דאָרט אין איר ווייטער היים מען זאָגט צו אַ בע ונדניק, וועמען מען טראָגט אַרויס פאַר דער כאַטע אַ שעפּ וואַסער. זי האָט זיך צעשמייכלט פון איר שפּרוך, וואָס איז מסתמא געווען נישט צום אָרט. זי האָט זיך געאיילט פאַרריכטן דעם פעלער, מיט קינדערישער אומגעלומ־פּערטקייט: — זאָל דער פּאַן נישט אויסמיידן אונדזער שוועל, מיר זענען דאָך

שכנים. איך האָב געוווּסט, אַז אַלץ וואָס איך וועל זאָגן וועט זיין נישט אמת. האָב איך געשוויגן און שווייגנדיקערהייט זיך דערווייטערט פון דער פרוי, וועמענס שווערער האָר־געפלעכט איז פון זון־צוגעברענטן דאַרפישן לייַן און אירע אויגן זענען קליינע אָזערעס אין ווייטע ביאַלאָוויעזשער וועלדער. איך האָב בלויז געשמייכלט צו איר. ווייזט אויס — נאַריש געשמייכלט, ווייל אויך איר קליין מויל האָט געשמייכלט מיט עטוואָס צעעפנטע פולע ליפּן און ווייסע ליכטיקע ציין. ביי נאַכט האָב איך געזען אין חלום שווימענדיקע שוואַנען אויף רויקע וואַסערן און געהערט אַ יאַדלדיק געזאַנג, וואָס קומט פון וועלדער אויף הויכע בערג, צו וועלכע מיין בליק רייסט זיך און קאָן זיך צו זיי נישט דערשלאָגן. אין פריען פאַרטאָג, ווען איך בין ווי שטענדיק אויפגעשטאַנען פון מיין געלעגער, האָב איך מער נישט געקאָנט צוגיין און זיך שטעלן ביים אָפענעם פענצטער. פון יענער זייט פענצטער איז געלעגן אַ קילע בלויע אָזערע, וואָס האָט געמאַניעט צו זיך מיט זילבערנעם כישוף. האָב איך צוגעמאַכט די אויגן און געבליבן זיצן אויפן ראַנד בעט מיט אַ פאַרזונקען געזיכט אין די דלאָניעס. די אויפגייענדיקע זון האָט מיר ערשט דערמאָנט אין מיינע טעגלעכע פליכטן. בין אַרויס פון שטוב און זיך געלאָזט מיטן זאַמדיקן וועג צום שטעטל, וואָס געפינט זיך פון יענער זייט באַרג. מאַריע איז געשטאַנען איבערגעבויגן איבער אַ קליין אויסגעגראָבן גריבל און עס באַוואָסערט מיט אַ קליין טעפּעלע. איך בין איר דאַנקבאַר געווען, וואָס זי האָט מיך נישט באַמערקט. אַזוי איז מיר געווען לייכטער דורכצוגיין די חמימה פון לאַנגן זומערדיקן טאָג.

ג

ווי אַ נישט דערמאָלן בילד, וואָס וויינט אַראָפּ פון לייוונט צוליבן פעלן פון די עיקר־עלעמענטן, האָט די שכונה געוויינט אין די נעכט, מיטן האַרצרייסנדיקן געוויין פון שאַקאַלן. זקנים און מענטשן אין מיטעלן עלטער עטלעכע פאַרלעך מיט איינציקע קליינע קינדער זענען געווען די איינוווינער פון דער שכונה. נישט געווען דער יונגער בחור, וואָס זאָל אַרומוויקלען זיין אָרעם אַרום דער טאַליע פון זיין מיידל און איר אַריינשעפּטשען זיסע סודות אין אויער, נישט געווען דאָס פרייע מיידלשע געלעכטער מיט ווילדן צעפּ־פאַרוואָרף אַהינטער שמאָלע אַקסלען. ווי איבערבלייבן פון משפּחות, איינצלנע פייגל געראַטעוועטע פון צעשטורעמטע נעסטן, זענען זיי געקומען אַהער און געהיילט זייערע ווונדן אונטער דער גליענ־דיקער זון. מיט אַ צען פופצן קילאָמעטער ווייטער פון דאַנען, צווישן שמאָלע געסלעך אָנגעפּילטע מיט אויטאָגעפּייף און פאַרטייעטער האַוועניש, זענען באַשטימט געוואָרן די גורלות פון די טעגלעכע טאָוונגען פון לאַנד, פון דעם ברויט, וואָס דאַרף געגעסן ווערן צו דער זעט, ביז דעם יונגן לעבן, וואָס דאַרף געשיקט ווערן צו דער גרענעץ, כדי אַנטקעגנצוקומען דעם טויט. אָבער דאָ, אין דער שכונה, האָט זיך

עס אַלץ פֿאַרהאַלטן ביים אָנגעגליטן כורכר. און ווען די זון האָט אַ ביסל געניִדערט אין די פֿאַרנאַכטן, זענען די מענטשן אַרויס פֿון די הייזקעס, ווי די אור־באַשעפֿע־נישן פֿון די היילן, צו כאַפּן דעם אָטעם נאָך דער חמימה פֿון טאָג.

זעקס אַזייגער פֿאַר נאַכט איז איציק, דער שניידער פֿון פּוילן משוגע געוואָרן. געגנוי אין דערדאָזיקער שעה פֿלעגט פֿון ברייט־צעעפֿנטן פֿענצטער זיך צעהילכן דער ראַדיאָ מיט יענעם ווייטן לשון, וואָס האָט אַרויסגערופֿן נישט ווייניק חוזק אין פֿאַרוווּנדערונג ביי די תימנישע יידן און אָפּענעם שפּאָט ביי די ווייבער פֿון רומעניע. איצט האָט זיך פֿון דאָזיקן פֿענצטער דערהערט אַ געבראַזג פֿון דער שויב, ווי אַ קליינער מיניאַטור־דונער וואָלט אין דעם געטראָפֿן. באַלד נאָכדעם איז מאַריע אַרויס האַסטיק פֿון הייזל, זיך געזעצט אויפֿן שוועל און פֿאַרגראָבן דאָס געזיכט אין די דלאָניעס. נאָך איר איז אַרויס איר מאַן, זיך געשטעלט איבער איר און אַראָפּגעשריגן אויף איר קאָפּ, ווי זי וואָלט נישט געזעסן דאָ, נעבן זיינע פֿיס, נאָר ערגעץ טיף אין אַ ברונעם:

— פֿאַרנעם זיך פֿון דאַנען, צויג, דו הערסט וואָס מען רעדט צו דיר? דיין פּוס זאָל דאָ מער אין מיין שטוב נישט קומען!

זי האָט גאָרנישט געענטפֿערט נאָר אַזוי געזעסן און געשלוכצט מיטן געזיכט פֿאַרגראָבן אין די הענט. דערנאָך איז דער שניידער פֿאַרשוווּנדן הינטער דער טיר און אַ ווייל איז אַרום הייזל געוואָרן טויט־שטיל. פּאַמעלעך האָט מאַריע אויפֿגע־הויבן איר געזיכט קעגן דער אונטערגייענדיקער זון, וואָס האָט זיך ווי אַ פֿייער־באַלעם אַראָפּגעלאָזט אין ים. איר געזיכט איז געווען נאַס פֿון טרערן און זי האָט זיי נישט געפּרוווט אָפּווישן. זי האָט זיך אויפֿגעשטעלט און געבליקט צום זון־פֿאַרגאַנג און שטיל געבעטן צו אַ ווייטן גאָט, ער זאָל זי פֿאַראייניקן מיט דער אונטערגייענדיקער פֿלאַקער־קויל, וואָס לעשט אויס זיינע ווייטיקן אין ים. אַזוי איז זי געשטאַנען, ביז די גליענדיקע קויל איז פֿאַרשוווּנדן און מיט איר האָט אָנגעהויבן פֿאַרשווינדן דער קורץ־דויערנדיקער בין־השמשות און עס האָבן אָנגע־הויבן אָנקומען די שאָטנס פֿון דער נאַכט. מאַריע האָט גענומען בלאָנקען אַרום הייזל, באַטראַכט די יונגע בלומען־פֿלאַנצן, וואָס זי האָט פֿאַרזעצט, זיך אַראָפּגע־בויגן און פֿאַרריכט די ערד־טעלערלעך אַרום זיי, און גענומען באַוואַסערן די שמאָלע בלומען־בייט, אונטערן פֿענצטער. פֿון אינעווייניק אין הייזל האָט זיך געטראָגן אַ פֿאַרטייעטע שטילקייט, ווי אַלץ וואָלט דאָרט אָפּגעשטאָרבן און אין אַ ווייל אַרום וועט אויך דאָס הייזל שטיל אַ פֿאַל טאָן, אָן אַ קלאַנג, נישט אויפֿהייבנ־דיק קיין שטויב אַפֿילו, ווי פֿאַרכשופֿט דורך אַ געהיימער קללה. פּלוצלונג האָט זיך פֿון דאָרט אַרויסגעריסן דער שניידער:

— בלומען דאַרפֿסטו! מער פֿעלט דיר נישט? נאָ דיר בלומען! נאָ!

און האָט גענומען ווילד טאַנצן איבער די יונגע שפּראָצונגען. געטראָטן מיט

די שאַרפע קנאַפל פון די שיך אין יעדן גריבל באַזונדער און אַ שלעכטער ווייסער שוים האָט זיך אים געזעצט אין די ווינקלען פון מויל. איצט איז מאַריע אַריין אין הויז און געלאָזט איציקן אין דרויסן, אַ באַנומענעם אין זיין שגעון־טאַנץ איבער די שמאָלע בייטלעך פון גערטנדל. פלוצלונג האָט ער זיך אָפגעשטעלט אין מיטן דעם געשפרונג און זיך פאַרקוקט אויף דער אויפגייענדיקער לבנה. ער איז געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט. דערנאָך האָט ער זיך מיד אַראָפגעלאָזט אויפן שוועל און געבליבן זיצן, מיטן בליק אַנגעשטעלט אין אַ זייט. ווען ער איז אַריין אין הויז און פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר, איז שוין געווען שטאָק־נאַכט און אַ געדיכטע פינצטערניש האָט פאַרוועבט די שטעגן צו די הייזקעס, קיינער פון די שכנים האָט זיך נישט אַריינגעמישט אין דער דראַמע, וואָס האָט זיך דאָ אָפגעשפילט צווישן מאַן און ווייב. אַלץ איז געווען אויסטערליש ביי אָט דעם פאַרל, סיי ער, דער שניידער פון אַ שטעטל נעבן לאָדזש מיט זיין נאַקעטן שאַרבן און איינציקע העל־געלע הערעלעך ביי די שלייפן, און סיי זי, מאַריע, מיט איר שווערן האָר־געפלעכט אַרום שטערן, אַ געפלעכט פון קאַשטאַן־קאָליר, און אירע טונקל־בלויע אויגן ווי די אָזערעס אין די ביאַלאָוויעזשער וועלדער. ווער האָט עס אויסגעטראַכט, אָט דאָס אויסטערלישע פאַרל פאַרוואָרפן אין דעם חומשדיק צעפיבערטן מקום? אַ שאָטן פון שווערן פאַרדאַכט און אומצוטרוי האָט זיך געטראָגן צו אָט דער פוילישער פרוי, וואָס פאַרברענגט אירע נעכט מיטן קלייען־באַשפרינקלטן שניידער. מען האָט זי נישט געקאָנט פאַרשטיין און דעריבער איר נישט געקאָנט מוחל זיין. מען האָט אָפילו נישט געטראַכט פאַר וואָס מען דאַרף איר מוחל זיין, און וואָס פאַר אַ זינד זי איז דאָ אייגנטלעך באַגאַנגען. מען האָט זי פשוט געהאַסט.

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן, און מידע זענען די מענטשן געלעגן אויף זייערע געלעגערס, און די פייכטע דושנעקייט וואָס האָט זיך געטראָגן פון ים האָט געקלעפט דאָס העמד צום לייב און געטריבן דעם שלאָף פון די וויעס, האָבן מענטשן געשמועסט וועגן דער גויע מיטן טונקל־ברוינעם האָר־געפלעכט, וואָס האָט זיך פאַרנומען צו דערגיין די יאָרן איר מאַן, דעם דאַרן שניידער פון שטעטל נעבן לאָדזש. די ווייבער האָבן געסיקעט מיט אָפענער שנאה קעגן דער פרעמדער און איר געוווּנטשן אַל דאָס בייז. די מענער האָבן געוואָרעמט אין זייערע הערצער דאָס געפיל פון שאָדנפרייד: גוט אָזוי אויף אים, אויפן שניידעררוק, זאָל ער נישט לויפן כאַפן מציאות. מאַריע איז געווען שיין און איר גוף איז געווען אַ צעבליט פעלד דורכגעאָדערט מיט סודותדיקן ריזל פון אַלע פאַרבאַרגענע אַראָמאַטן. האָבן די אויסגעמאַטערטע מענער נישט געקאָנט דערלאַנגען צו איר אָפילו אין זייערע חלומות, און אפשר דעריבער טאַקע געצערטלט דאָס געפיל פון שאָדנפרייד לגבי דעם שניידער. אָבער סיי די מענער און סיי די פרויען האָבן זיך געוווּנטשן, אַז אָט דער קורצער דראַמאַטישער ספעקטאַקל, וואָס האָט זיך נאָר וואָס אָפגעשפילט

פאַר זייערע אויגן, זאָל זיך נישט ענדיקן, נאָר זאָל האָבן פאָרזעצונגען. עס איז שוין קיינעם נישט געגאַנגען אין דעם דאָרן שניידער און זיין שיינער פרעמדער פרוי. אויף די הערצער האָט זיך אַנגעוואַלגערט אַ לאַנגווייל, גרוי ווי דער טרוקענער כורכר, וואָס אַרום הויז, וועמען מען קען פאַרטרייבן נאָר דורך שווערער מי און רייניקונג פון באַדן, און אין דאַזיקן לאַנגווייל האָט די דאָזיקע קליינע פאַמיליען־סצענע דערמאָנט וועגן היים, וועגן אַן אַמאָליק סטאַביל לעבן, וואָס איז שטענדיק דורכגעוועבט מיט קליינע איבערראַשונגען. די ווייבער האָבן אַפילו אָפן אויסגע־דריקט זייער פאַרלאַנג פאַר זייערע מידע מענער, אַז אייגנטלעך וואָלט ער, דער שניידער, זי געדאַרפט גוט אָנשלאָגן, אָט די גויע, צעברעכן אַ ביסל די ביינער, וואָלט זי ערשט דעמלט געוווסט. וואָס "זי וואָלט דעמלט געוווסט" איז קיינעם נישט אַנגעגאַנגען. ווייל אין קיין שולדיקע איז דאָ נישט געגאַנגען. ווייל דער איינציקער שולדיקער איז דאָ געווען — דער עלנט, וואָס האָט זיך פאַמעלעך פאַרוואַנדלט אין לאַנגווייל.

איך בין געזעסן ביי מיין טישל און געלייענט אַ צייטונג. דאָס אָפענע פענצטער האָט מיך געהאַלטן פאַרשלאָסן אין מיין צימער ווי אין אַ תפיסה און מיך געוואָרנט זיך צו אים נישט צו דערנעענטערן. דאָרט, אויף יענער זייט פון מיין פענצטער לויערט די געפאַר. די הענט האָבן מיר שוין געברענט באַצייטנס, ווי איך וואָלט שוין געהאַט באַצאָלט דעם שניידער פאַר זיין עוולה. די טרערן פון מאַריע וואָס זי האָט אין דעם מאָמענט געמוזט פאַרגיסן, זענען געווען פאַר מיר אַ טייך נישט אַריבערצושפּאַנען. בין איך געזעסן ביי דער צייטונג און מער ווי אויסגע־לייענט האָב איך אין איר אַריינגעלייענט: גאָט, באַשיץ און באַשירעם זי, כאָטש אין דער דאָזיקער טויבער נאַכט. איך בין געזעסן ווי אַ נאַכט־שומר און געוואַרט אויף טאָג. וואָס וועט זיין ווען דער טאָג וועט קומען? צי וועל איך איר דעמלט קענען העלפן אין איר נויט? איך האָב נישט געטראַכט וועגן דעם. ווייל אין יעדן פון אונדז בלייבן די שפּורן, וואָס די פריע יוגנט לאָזט אין אונדזער בלוט, און שיין זענען די לידער, וואָס מיר דערזינגען זיי קיין מאָל נישט ביזן סוף. אויך מיט שפּליטערס פון נישט־דערזונגענע שיינקייטן קאָן מען אַ מאָל העלפן אַ פריינד. און מאַריע איז מיר געווען אַ פריינד, כאָטש זי איז מיר געווען פרעמד און אין גאַנצן אומבאַקאַנט.

דער צווייטער און לעצטער טייל פון דער דראַמע איז פאָרגעקומען שפּעט אין דער נאַכט. נישט קיין געשרייען האָבן זיך געהערט דורכן אָפענעם פענצטער פון שניידערס הויז און מסתמא איז אויך נישט געווען קיין געוויין. פּלוצלינג, פון דער שטילקייט אַרויס, איז אויסגעבראָכן איין־איינציקער שטאַרקער גלאָז־געבראַזג, פון שטאַרקן קלאַפּ איז תיכף פאַרשוויגן געוואָרן דער דינער שאַקאַלן־געוואָי, וואָס האָט זיך אָהער צו אַנגעטראָגן פון נאָענטן פּרדס. נאָך דעם איז

געוואָרן שטיל, מוראדיק שטיל. איך בין אַראָפּ פון בעט און צוגעלאָפן צום פענצטער. ביים שניידער אין צימער איז געווען ליכטיק. ער איז געשטאַנען ביים ווינקל פון פירקאַנטיקן טיש און געהאַלטן אָפן ס'מויל ווי אַ פיש, אַן אַרויסגעצויגענער פון וואַסער. קעגנאיבער פון דער צווייטער זייט טיש איז געשטאַנען מאַריע מיט אַ שפּיציק קיך־מעסער אין דער האַנט און געקוקט אויף איר מאַן מיט שטומער אַנטשלאָסנקייט. איך האָב געוווּסט, אַז צו דעם, וואָס קאָן געשען, וועט נישט לאַנג דויערן — אַן אויגנבליק און עס בלייבט בלויז דער פאַרשפּעטיקטער באַדויער. בין איך אַרויסגעשפּרונגען דורך מיין פענצטער און אַריינגערעדט אין שניידערישן צימער נישט הויך, אָבער גענוג שטרענג:

— איר שטערט די רו פון מענטשן. מען איז מיד און מען וויל שלאָפן, און איר . . .

איך האָב נישט געענדיקט מיין טענה צו זיי, דער שניידער איז אָפּגעשפּרונגען פון טיש און אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— פאַרוואָס רעדט עפּעס דער פּאַן צו מיר? צו איר רעדט! זעט נאָר די גוישע רציחה אין די אויגן!

ער האָט גערעדט אין פּוילישן לשון, זי זאָל פאַרשטיין. צו איר האָט ער גערעדט. ווי זיינע ווערטער וואָלטן אַ דינע בריק געווען, וואָס ער וואַרפט אַריבער איבער אַ תהום. זי איז געשטאַנען ווי פריער, ביים צווייטן עק טיש, מיט די פינגער פאַרקראַמפּט אַרום הילצערן הענטל פון קיך־מעסער און געשוויגן. דערנאָך האָט זי געזאָגט, מער צו זיך ווי צו עמיצן פון אונדז·

— איך וועל אים דערהרגענען, אים און דערנאָך — זיך, דעמלט וועט אַלץ זיין געענדיקט. איך בין צוגעגאַנגען צו איר, געלאָזן און רויק אַרויסגענומען דאָס מעסער פון איר האַנט. זי האָט זיך נישט געווערט און ווי אַ היפּנאָטיזירטע אויסגע־צויגן צו מיר דאָס מעסער און צוגעשלאָסן אירע וויעס. ווען איך האָב זיך געלאָזט צוריק צו מיין צימער, האָט זי געעפנט די טיר און מיר געגומען נאָכגיין. איך האָב לייכט אויפגעשוידערט און באַוויזן אַ זאָג צו טאָן צום שניידער:

— קומט אַריין צו מיר, מיר וועלן טרינקען קאַווע און זיך דורכשמועסן. מיר זענען דאָך מענטשן.

זי איז געזעסן אין ווינקל פון צימער אויף דער איינציקער ווייכער שטול און געהאַלטן דאָס דערלאַנגטע טעפּעלע קאַווע אַרומגענומען מיטביידע הענט און געקוקט אויף דעם ווי אויף אַ בלום. ער האָט געלאָזט שטיין די קאַווע אויפן טיש און גערעדט אָפּגעהאַקטע רייד. איך האָב געפילט אַ ווייטיק אין זיינע רייד און נאָך מער ווייטיק ווען איך האָב געדאַרפט עפּעס זאָגן. איך האָב פאַרגעשלאָגן דער פּאַני זי זאָל גיין צו זיך אין צימער זיך אויסרוען. איר מאַן קאָן בלייבן מיט מיר אין הויז. מיין איינציקער ווייכער שטול קען אויסגעלייגט ווערן און זיך פאַר־

וואַנדלען אין אַ שלאָף־באַנק. און מענער קענען זיך דורכריידן פון איבער זייערע געלעגערס.

שפּעטער, ווען איך האָב אויסגעלאָשן דאָס ליכט, האָבן ביים תימנישן שכן זיך צעקרייט די יונגע הענער. עס איז געווען די דריטע אשמורה, נאָך וועלכע עס ברעכט אויס שנעל דער טאָג. אַ לויב צו אונדזער לאַנד, וואָס וויקלט נישט צו לאַנג דעם פאַרטאָג אין טונקעלע גרויע געוועגדער. מיטן אָנקום פון טאָג־ליכט פאַרשווינדט דער אומעט און דער מענטש ווערט באַנייט מיטן באַנייטן טאָג. איך האָב דעם מידן שלאָפנדיקן שניידער געלאָזט אין זיין וועלט פון קורצע חלומות. שטיל האָב איך פאַרלאָזט מיין הויז און זיך געלאָזט מיטן זאַמדיקן וועג אין דער מושבה. ביי מיין אַרבעט וועל איך זיך אָנטרעפן מיט מענטשלעכע גורלות און דער גורל פון שטעטלשן שניידער נעבן לאָדזש און זיין פרוי מאַריע וועט זיין איינער פון זיי. אַזוי וועט זיין לייכטער.

טיר און לאַדנס אין די הייזלעך פון די תימנער שכנים האָבן זיך צעעפנט און פרישע, ווי זיי וואָלטן גאָר קיין מאָל נישט געשלאָפן, זענען די באַלעבאַטים געלאָפן, מיט די טלית־זעקלעך אונטערן אָרעם אָפּגעבן דעם באַשעפער זיין לויב פאַרן געשענקטן קלאָרן פרימאָרגן. אַ שאָד וואָס איך בין נישט איינער פון זיי. דעמלט וואָלט מיין טראָט נישט געווען אַזוי שווער און אין האַרץ וואָלט נישט געווינט קיין צעבראָכענע פידל. נאָר די אויפגייענדיקע זון אין שרון איז פול מיט כישוף און פאַרמאַניעט אַלע מחשבות אין די טונקעלע ווינקלען פון די גרינע פּרדסים. האָב איך צוגעאיילט מיינע טריט און אָוועקגעשפּאַנט מיטן זאַמדיקן וועג אין שטאָט אַריין. די מושבה האָט שוין אָנגעהויבן איר טאָג־לעבן, און איך האָב אויך אָנגעהויבן מיין טייל לעבן אין דאָזיקן אויסטערלישן טאָג.

אין דעם אומזין פון קריגעריי און מלחמה געפינען מיר שטענדיק אַ זין און אַ באַרעכטיקונג פאַר אייַן צד אין ליידנשאַפטלעך־אָנגעצונדענעם שגעון. אין דער משפחה־קריגעריי צווישן איציק דעם שניידער פון פּוילישן שטעטל און זיין ווייב מאַריע, אַ געקומענע פון פּוילישן וואַלד און טייך, איז מאַריע געווען די גערעכטע.

זי איז געווען גערעכט, ווייל די חלומות, אין וועלכע זי איז אויפגעקומען פאַר מיר אין די נעכט, זענען געווען פון בלויען זייד, דורכזיכטיק און קלאָר ווי ריינער שטילער פאַרטאָג. איידעלע פידלען האָבן געשוועבט פאַר מיינע אויגן ווען איר גוף איז פאַר מיר אויפגעקומען אין די מאָדנע רויקע חלומות. אין די נעכט האָב איך צו איר געזונגען לידער און זי האָט אויף דער צווייטער שטים אָפּגעענטפערט. איך האָב געצערטלט אירע האָר, געקושט דעם טונקעלן קילן בלוי אין אירע אויגן און געטרונקען, ביז שכרות, ביז פאַלן, דעם איידעלן אַראָמאַט פון איר גוף. און זי האָט געוויקלט אירע וואַרעמע הענט אַרום מיין האַלדז, אַראָפּגעווישט דעם טרויער פון מיין געזיכט מיט אירע דינע פינגער און געשמייכלט מיט חסד ווי אַ

מאַמע. זי איז קיין מאָל נישט אַוועק פון מיר, קיין מאָל נישט געלאָזט אָפּשטאַרבן דעם חלום. אַ האַן־געקריי האָט מיך בלויז פון שלאָף אויפגעוועקט און איך האָב מיט באַדויער די אויגן געעפנט און מיטן ערשטן זיפץ זיך געשטעלט מיטן בליק צום אָפענעם פענצטער, ווו מאַריע איז שוין געשטאַנען, נאָר וואָס פון חלום אַרויס, אַן אַריינגעוועבטע אין דער טעגלעכער וואָר. זי האָט געמוזט זיין דער געדעכטער צד אין דער משפחה־קריגעריי, ווייל איך האָב זי ליב געהאַט.

ד

די מלכּה שבת איז נישט געקומען אַהער צו אין אַלע אירע פינקלדיקע בגדים פריער האָט זי זיך באַוויזן אין די אויפגעלויכטענע אויגן פון די קינדער. דער נאָך איז זי געבליבן אַ צעלויכטענע אין דער גאָלדערנער שקיעה און געוואַרט. נישט געוועזן ווער עס זאָל זי פאַרבעטן אין די ווייסע, איינצימערדיקע הייזקעס, ווו עס האָבן געוויגט די אָפּגעהאַקטע צווייגן פונעם בוים־שטאַם, וואָס איז אין די ווייטע שריפות אַוועק מיטן פייער.

מיט ביטול האָבן די מאַמעס, דורכגעברענטע פון וואַיענדיקע וויוגעס אין פאַרוואָגלטן סיביר און אומצוטרוי פון געיאָגטער חיה אין פוילישן וואַלד, געקוקט אויף זייערע קינדער, וואָס טראָגן צו דער קינדער־דערציערין, — דער גננת יעדן פרייטיק גראַשנדיקע ליכטלעך כדי מיט זייערע פלעמלעך אויסצוועבן דאָס צניעות־קלייד פאַר דער שבת־פּרינצעסין. עס איז זיי שווער געווען, די אויסגע־מאַטערטע און אַנטוישטע, אַנצוהייבן צוריק פון אָן אַנהייב. דאָס קינד, וואָס איז געקומען אַ היים פון שול, האָט נישט געטראָפן אין דער היים דעם שבת־טיש באַצירטן מיט שבתדיקן אויפלויכט. די נשמה פון קינד, אַ צעריסנס צווישן דער היים און דער שול, האָט געוויינט ביים איבערשפּרינגען אָט דעם גוואַלד־ריס. טרוקן איז געווען דאָס האַרץ ביי טאַטע־מאַמע. בלויז אַ שטומע טענה האָט זיך אין האַרץ געוויקלט, ווי אַ שטיקנדיקער רויך: אָט פירט ווידער עמעצער זייערע קליינע קינדער צו יענעם פאַרנאַרערישן חלום, וואָס איז פאַר זייערע אויגן פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיטן לעבן פון זייער לייב. פינצטערע און אַנטוישטע האָבן זיי זיך געקלאַמערט, ווי פאַרמשפּטע, אין דעם גרויזאַמען באַוווּסטזיין פון אייביקער שווערער וואָך, וואָס דערלאָזט נישט אויפגיין קיין פונק פון אינערלעך ליכט.

אויפן ליידיקן פּלאַץ אין מיטן דער שכונה, האָט דער איינציקער הילצערנער באַראַק, אַן טיר און פענצטער, געוואָרפן צעבראָכענע טונקל־העלע שאָטנס אויפן, מיט נידעריקע דערנער באַוואַקסענעם פּליין. פון דאָרט האָט זיך געצויגן אַן אומע־טיקער טרוקענער ניגון פון מנין תימנער יידן, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער אָרעמען לויב פאַר דער שבת־רו, וואָס איז אָנגעקומען צו זיי אין זייערע צעלעכצטע הייזלעך. דאָס געזאַנג האָט זיך געשלענגלט מידבּרדיק, ווי אַ דינער רויך צום הימל אַרויף,

און האָט נישט געלאָזט נאָך זיך קיין ווידערקלאַנג. די געקומענע ווייבער און מאַנסלייט פון די אָפּגעברענטע שריפות האָבן געקוקט מיט אָפענעם שפּאָט צו דעם אַנגעברענטן צריף, פון וואַנען עס טראָגט זיך דער מידבר־ניגון. זיי האָבן פאַרגראָבן זייערע פינגער אין די טרוקענע בייטן פון זייערע מאָגערע גערטנדלעך, אַרום וועלכע זיי האָבן זיך געפּאַרעט עקשנותדיק און מיט אייפער ווי די מוילווורפן. זיי האָבן מער נישט געגלויבט אין דעם וואָס האָט זיי פאַרראַטן און זיי אויסגעשטעלט אויפן באַראָט פון פאַרצוקנדיקן פייער. דורך זייערע צעקאַליעטשעטע פינגער, וואָס האָבן זיך געקלאַמערט אַרום דער אַראַבישער טוריע, האָט אַרויסגעשריגן זייער ווייַ און דער ריס אין זייערע נשמות, וואָס ווערן אַנגעפילט מיט טאָפּעלן אומרו אין דאַזיקן שבתדיקן טאָג. פרייַע פון אַרבעט אין דער מושבה, האָבן זיי פאַרטריבן דעם פּחד אין האַרץ פון אַ טאָג פון רו מיט נאָך עקשנותדיקער אַריינגראָבן זיך אין דער אָרעמער ערד אַרום דער הייזקע, וואָס איז געוואָרן באַוואָסערט דורך קינסטלעכע וואַסער־צעשטויבערס און אייגענעם געזאַלצענעם שווייס. זיי האָבן געפילט, אַז אויב עס איז פאַראַן אַן אַנהייב און אַ סוף פון דעם וואָס האָט אַ שייכות צו זיי, איז עס נאָר די ערד אונטער די פיס. און אין איר האָבן זיי זיך איצט געקלאַמערט.

אויף מייַנע ליפּן האָב איך געפילט די ביטערניש פון זייערע נישט אויסגע־וויינטע טרערן. זיי האָבן אַליין נישט דערהערט דאָס געוויין פון זייער צעבלוטיקט האַרץ און געמיינט אַז דאָס שרייַען זיי צו מיר אין צאָרן:

— איר זייט דאָך אַן אונדזעריקער, אַ פון דאָרט־געקומענער, פאַר וואָס שווייגט איר ווען איר זעט, ווי מען פאַרדרייט אַ קאָפּ אונדזערע קינדער מיט נאַרישקייטן? אַנשטאָט אונדזערע קינדער זאָלן לערנען חשבון מיט נאַטורוויסנשאַפט דרייט מען זיי אַ קאָפּ מיט שבתדיקע ליכטלעך און מיט לעקציעס פון תנ"ך!

עס איז נישט געווען קיין שטורמישע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכע מענטשן מאָנען רעכט פאַר באַגאַנגענע עוולות. פאַר מייַנע אויגן האָב איך געזען יונגע מענער און פרויען, מיט אויסגעלאָשענע בליקן ווי ביי זקנים. זייערע טענות זענען אויפגעקומען ווי צאַנקנדיקע פלעמלעך, וואָס אָט־אָט טריפט עס אויס און ווערט פאַרלאָשן. עס איז געווען מער געוויין ווי מאָנונג. דער שניידער פון שטעטל נעבן לאָדזש האָט געביטערט:

— מיר ווילן אונדזערע קינדער זאָלן זייַן מענטשן! וואָס וואַרפט איר זיי צוריק אין חדר אַריין!

איך האָב געזוכט מיט די אויגן דעם שווערן האָר־געפלעכט פון טונקעלען קאָשטאַן־קאָליר. ניין, מאַריע איז צווישן זיי נישט געווען. זי האָט נאָך אַפילו נישט געוווּסט ווּהין צו גיין אויסוויינען איר שטילן אינטימען ווייטיק. ווען די פאַרביטערטע און צעטומלטע האָבן געוואָרפן זייער שעמעוודיקע טענה צו מיר

אין פנים אַריין, איז מאַריע געשטאַנען איבער אַ קליינעם בלומען־בייט, געקניט צו אים ווי אין אַ תפילה און אים געקאַרמעט מיט לעבנסזאַפט פון אַ קליין קריגעלע. די זילבערנע פליסיקייט האָט זיך פון קריגל געגאָסן ווי אַ שטראָם טרערן, מיט וועלכע אַ מאַמע ראַטעווען איר קראַנק קינד. אויך מיך האָט געשטיקט אין דער קעל. איך האָב נישט געהערט מיינע אייגענע שטאַמלענדיקע רייד, בעת איך האָב געפּרוּווט דערציילן פאַר די טאַטעס און מאַמעס די פאַרנעפּלטע געשיכטע פון זייער אַנהייב און זייער זיין אויף דער ערד. שווייגנדיקע, מיט פולע הערצער אומצוטרוי זענען מיר זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען איבערן דערנער־באַוואַקסענעם פליין פון דער שכונה.

עס איז אָנגעקומען דער יום־טוב שבועות. אָן פייכטן, ביי — זומפּיקע אָזערעס געשניטענעם קאַמיש און אָן דאַרפישער פעטער פוטער, געוויקלטע אין ברייטן קרויט־בלאַט. טרוקן און חמימהדיק איז דער יום־טוב אָנגעקומען און האָט זיך צעבליט אין די געפלאַכטענע בלומען־קרענץ אויף די קעפּ פון די קליינע קינדער, וואָס טראָגן אויס אויף זיך דעם ליכטיקן קרבן פון בכורים. אין די דאָזיקע טעג האָב איך נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט מיין צו־לאַנגן, איבערגעבויגענעם גוף, וואָס האָט געשפּרייזט צווישן די צעזונגענע קינדער אויף די בערגלעך און טאָלן, צעבליטע מיט רויטער כלנית. די קליינע געפלאַכטענע קוישלעך, מיט די פרישע, פון אייגענעם גאָרטן געריסענע גרינצייג האָט מיר דערמאָנט אַ קינדערישע פאַר־גאַנגענהייט פון בשותפותדיקע קינדערישע סעודות, אין וועלכע עס האָבן זיך געמיניעט אין דער זון די בלאָנדע דאַרע צעפּלעך פון אירינע און די ביטערלעכע חזיר־ניסלעך פון מיין חבר׳ל אַנטאָני, נאָך דעמלט, ווען ביידע האָבן נאָך נישט באַוויזן זיך צו פאַרוואַנדלען אין קאַלטן שטאָל, וואָס מאַכט חרוב אַ בית המקדש. פון דעם קליינעם טנא האָבן איצט געוווּנקען גרינע פרישע אוגערקעלעך, רויטע, מיט זון אָנגעגאָסענע פּאָמידאָרן, און נאָך עפּעס אַ לענגלעך פרוכט, וואָס נאָר די לייכטפיסיקע צעזונגענע יידן פון תימן האָבן געוווּסט איר נאָמען און טעם. די מאַמעס, פון פייער־אָנגעקומענע, האָבן צעפלאָמטע געזוכט אַרום זיך בלומען־שטענגלעך, צו פלעכטן אויפן קאָפּ פון זייער קינד דעם בכורים־כתר. און אין צענטער, אַליין צעפלאָמט און צעלויכטן ווי אַ בלום, האָט זיך געשטעלט מאַריע.

איך האָב געקוקט אויף אירע צעלויכטענע פינגער ווי זיי פלעכטן די בלומען־קרענץ און באַצירן די קינדערשע קעפּלעך מיט קליינע צעלויכטענע זונען. די ערשטע בלומען אין דער שכונה זענען געוואַקסן פון איר גאָרטן. און זי האָט זיי מיטן גאַנצן האַרץ אָוועקגעשענקט אַ קרבן פאַר דעם גאָט, וואָס רוט אויף די קעפּ פון אַלע קליינע קינדער אין דער וועלט, וואָס זוכן און געפינען זייער פרייד אין פעלד און זון. סלינו על ראשינו — האָבן די לעבעדיקע בלומען געזונגען אין דער צעבלומטער בכורים־פּראָצעסיע, און מאַריע איז געשטאַנען און געשמייכלט,

האבנדיק פאַרן דמיון ברייט־צעאַקערטע פעלדער און בלויע אַזיערעס, וואָס באַזיל־בערן די פרייד פונעם שניטער אין זיין ערשטן שניט. די מאַמעס, פון פייער־געקומענע, האָבן אויפגעליכטיקט זייערע פאַרגאַנגענע טרויערן און מיטגעשיינט מיטן שיין פון זייערע קינדער. צווישן זיי איז געשטאַנען מאַריע, אַן אייגענע, אַ היימישע, אַ רות, וואָס איז אָנגעקומען פון די פעלדער פון בית לחם און ברענגט מיט זיך די ליכטיקע בשורה פון זאַטן שניט. די יידישע מאַמעס, ביי וועמען דער פייער־בראַנד איז בהדרגהדיק אָפּגעטראָטן פאַר דער אומבאַוווסטער אָבער דאָך אָנקומענדיקער פרייד, האָבן מער נישט אָפּגעשטויסן פון זיך די געקומענע פון די מאַזורער טייכן, וואָס איז איצט געשטאַנען גלייך מיט זיי און מיטגעיומטובט דעם גרויסן יום־טוב פון גאָטס ערד, וואָס שפּרייט זיך צו די פיס פון עלנטן מענטש. מיט אומבאַוווסטע וועגן האָט די האָפנונג אַ ליכטיק געטאָן אין זייער האַרץ.

ביים צופאַלן פון דער נאַכט, זענען אין סאַמעט־טונקעלן הימל אויפגעגאַנגען די שטערן, גרעסער און ליכטיקער ווי יעדע אַנדערע נאַכט. אין דער דאָזיקער נאַכט זענען עס געווען שטערן פון ווייטן אָנגעגליטן באַרג סיני, לעבעדיקע עדות פון פייערדיקן מתן־תורה. אָבער די געראַטעוועטע פון ערדישן פייער האָבן וויניק־וואָס געוווסט וועגן דעם. היינט, פונקט ווי נעכטן און אייערנעכטן, זענען זיי געזעסן מידע אויף זייערע נידעריקע שוועלן און געטרונקען די פייכטע קילע לופט אָנגעיאָגטע פון ים צו די אָנגעגליטע ווייסע הייזקעס, באַזוימטע מיט קוים זומערדיקן גרינס. ביי מיין איינציקן שמאָלן טיש, קעגנאיבער מיר, איז געזעסן דער שניידער פון פוילישן שטעטל און געוואָלט פאַר יעדן פרייז וויסן:

— צי גלויבט טאַקע דער פּאַן, אַז משה רבנו איז געשטאַנען ביים באַרג און אָנגענומען ביים יידישן גאָט די צען געבאָטן פאַר אונדז יידן ?

מאַריע איז געזעסן אויפן איינציקן ווייכן פאָטעל אין ווינקל און אַריינגעבליקט אין טעפּעלע קאַווע ווי אין אַ בלום. זי איז געזעסן ערנסט און קיין שמייכל האָט זיך אויף אירע פולע ליפּן נישט באַוויזן. ווי אַ קינד, וועמען מען דערלויבט צו בלייבן אין דער געזעלשאַפט פון דערוואַקסענע איז זי געזעסן. איך האָב געבענקט צום ליכט פון איר שמייכל און דעריבער געפּרווט זי אַריינציען אין קרייז פון געשפּרעך. איך האָב געשפּאַסט:

— זאָל די פּאַני זאָגן פון וואַנען עס קומען די צען געטלעכע געבאָטן. אַמבעסטן וועט עס די פּאַני וויסן.

— געטלעכע געבאָטן דאַרפן זיין באַהאַלטן ביים מענטש אין האַרץ, — האָט מאַריע שעמעוודיק געזאָגט. מען דאַרף נישט ריידן וועגן זיי, אויב מען וויל זיי שעצן.

און ווידער איז זי געבליבן ערנסט און נישט געשמייכלט. און איך האָב דערפילט די אומבאַהאָלפנקייט פון אַ ווייכער מיטנאַכט איבערן בעטל פון אַ

קראַנק קינד, וועמען מע קען מיט גאַרנישט העלפֿן, ביז ברעכן אויף טאָג. נאָר דער שניידער האָט ווייטער נישט געשוויגן:

— מיינט נישט אַז דאָס איז אַזוי לייכט און אַזוי פּשוט, דאָס אָנהייבן אַלץ פֿון דאָס ניי, סיי מיט דער שפּראַך, סיי מיט אָט די אַלע באַגריפֿן און געשיכטעס, מיט וועלכע איר פֿילט אויס אייערע שעהען און טעג אין דער שולע. איר זייט אַ לערער, אייער וועלט איז אַ קינדער־וועלט, און דעריבער ווייסט איר נישט, וואָס דאָס באַטייט פֿאַרן דערוואַקסענעם געליטענעם מענטש.

דער שניידער האָט גערעדט שטיל, אָן פֿאַרוווּרף, און דערפֿאַר האָב איך געפֿילט זיין פֿאַרלוירנקייט נאָך טיפֿער און ווייטיקלעכער. נאָר גוט איז געווען צו זען זיינע אויגן, וואָס זענען מיט דער צייט געוואָרן רויקער און ווי סטאַבילער. קליינע טייכלעך, וואָס האָבן זיך באַרויקט נאָכן אַריינשלינגען אין זייערע קרייזן די געוואָרפֿענע שטיינדלעך. איך האָב געזאָגט:

— אונדזערע מאַמעס האָבן אין דער דאָזיקער נאַכט געשטעלט צום יום טובֿ־טיש געשמאַקע פּוטער־קוכן און זודיקע קאַווע מיט שמעקעדיקער ציקאָריע. אויך דאָ, ביי אונדז אין לאַנד, ווערט דער יום־טובֿ שבֿועות געפֿייערט מיט מילכיקס און גרינס. בלויז מיר דאָ, נייע, קוויקן זיך מיטן זילבער פֿון די גרויסע שטערן איבער אונדזערע קעפּ... עס פֿעלן אונדז נאָך די צאַרטע הענט פֿאַר אויסבאַקן דעם זיסן פּוטער־געבעקס...

אויף דער נאַכט צומאָרגנס, זענען מיר ווידער געזעסן ביי מיין איינציקן שמאָלן טיש און דער שניידער פֿון פּוילישן קליין שטעטל האָט ווידער געמאָנט ביי מיר ענטפֿערס וועגן היסטאָרישע שייכותן פֿון יידישן עבֿר און קעגנוואַרט. נאָר דאָס מאָל איז אויך מאַריע שוין געזעסן מיט אונדז ביים טיש און אונדז מכבד געווען מיט שטיקער פּוטער־קוכן, וואָס זי האָט אויסגעבאַקן לכּבֿוד דעם יידישן שבֿועותדיקן גאָט, וואָס האָט זי אַרונטערגענומען אין שאָטן פֿון זיין דאַך. צוזאַמען מיטן זיסן קוכן האָב איך געטרונקען דעם גוטן האָניק פֿון אירע טונקל־בלויע אויגן, די רויקע אָזערעס פֿון טונקעלן ביאַלאָוויעזשער וואַלד. איך האָב געטרונקען מיין אייגענעם חלום, וואָס איך האָב אים אויסגעטראַכט אין מיין איינזאַמקייט און עלנט.

אין יענער נאַכט האָב איך געפֿילט, אַז אַלע טענות פֿון שניידער פֿון קליינעם שטעטל אין פּוילן זענען גערעכטע. ווייל אייביק גערעכט איז דער אָרעמאַן וועמענס איינציקע שאָף עס האָט ביים צוגענומען ווערן פֿון אים און ער קען דערצו גאָרנישט טאָן. איך האָב זיך געשעמט מיט יעדן בליק מיינעם אין די אויגן פֿון פֿרעמדן חלום, וואָס איך האָב בגוואַלד אַריינגעפּרעסט אין מיינע אָרעמס. איך האָב ליב געהאַט מאַריע מיט אַלע געפֿילן פֿון געוויסנביסן און פּיין.

צו יענעם שטילן, ווייסן פֿאַרטאָג האָבן געפֿירט אָנגעגליטע זומערדיקע טעג,

וואָס האָבן זיך פֿאַרענדיקט, מיטן אָנקום פֿון האַרבסט, מיט בייסיקע רעגנס און בלאָטיקע וועגן אין רויטן כורכר. די יונגע גואַיאַווע־ביימלעך האָבן זיך געבויגן אונטערן צאָרנדיקן ווינט און אָפּגעוואָרפֿן די איינצלנע פּרוכט פֿון זיך ווי פֿאַר־חלשטע קינדער, וואָס מען דאַרף ראַטעווען פֿון שטורעם. די קינדער זענען אָנגע־קומען פֿון בית ספר פֿאַרפּעלצטע קעגן ווינט און אויסגעשמירטע אין רויטן, נאַסן זאַמד. אין די נעכט האָט געוואָיעט דער ווינט מיט הימל־שרייענדיקער עלנטקייט, געטאַנצט אויף די פֿלאַכע דעכער און נישט געפֿונען קיין קוימען אַריינצוּיאָמערן זיין יאָמער. אומרויק האָבן געמעקעט די מאָגערע ציגן אין די קאַלטע צעמענטענע שטאַלן ביי די יידן פֿון תימן, וואָס האָבן זיך געלייגט שלאָפֿן מיטן אָנקום פֿון דער נאַכט, כדי די גרעסטע טייל פֿון דער צעוואָיעטער נאַכט אָפּחלומען מיט אַ וואַכן אומרויִקן חלום. אין די גרויע פֿרימאָרגנס האָבן די מאַמעס, געקומענע פֿון ווייטע אָפּגעברענטע פֿייערן געבליקט צו די רויטע דעכער פֿון זייערע הייזקעס, כדי זיך נאָך אַ מאָל איבערצייגן, אַז דער וואָיענדיקער ווינט האָט דאָך איבערגעלאָזט אין דער נאַכט דעם דאָך איבערן קאָפּ.

אין איינער אַ נאַכט האָט זיך דער ווינט איינגעשטילט, ווי ער וואָלט נאָך זיין גרויסער שלאַכט אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם. די מיטננאַכטיקע שטילקייט האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופֿן אַ באַהאַלטענע שרעק, גלייך מען וואָלט זיך געפֿינען אין דער נאָענט פֿון אַ מת. אונטער פֿאַרמאַכטע טיר און לאָדן זענען די מענטשן געלעגן אויף זייערע געלעגערס אין די קליינע הייזקעס און מיט אָפֿענע אויגן געוואַרט אויפֿן אָנקום פֿון טאָג. און ווען די שטילקייט האָט שוין גענוג געדריקט אויפֿן געמיט, און אין די איינצלנע צימערלעך אין די הייזקעס איז געוואָרן גענוג ענג אויף צו פֿאַרלירן דעם אָטעם, האָבן זיך איינציקווייז גענומען עפֿענען לאָדנס איבער די איינצלנע פֿענצטערס, און פֿאַר די אויגן האָט זיך באַוויזן דער ווייסער פֿון ווייטנס אָנגעקומענער און אויסגעבענקטער וווּנדער: בּיז וואַנען דאָס אויג האָט פֿאַרכאַפּט, פֿון דעם אָנגעוואַלגערטן כורכר וואָס אויף דעם צעפֿאָרענעם צעבויטעטן וועג, ביז צו דער בלויער ווייט וואָס ביים ברעג פֿון ים, איז געלעגן אַ ווייסער, ווייכער שניי, וואָס האָט איינגעוויקלט דעם אָרום אין ריינער, פֿאַסטאַ־ראַלער רו. ביי צעפּראַלטע פֿענצטער זענען די מענטשן געשטאַנען און אַריינגע־אָטעמט אין זיך דעם ווייסן וווּנדער און נישט מיד געוואָרן איינצוהאַלטן זיין שטילקייט אין זיך, ווי זיי וואָלטן נישט געוואָלט פֿאַרשווענכן מיט זייער שטים דעם שטילן ווייסן געזאַנג פֿון בלאַנקענדיקן שניי. און דער הימל איז געווען ריין, אָן איין טראָפּן וואָלקן, און דער שניי איז געלעגן אָן אומבאַרירטער און געוואַרט, די ערשטע זון־שטראַלן זאָלן אים באַזוימען מיט איידעלן פֿיאָלעט.

איך האָב געמאַכט אייניקע שריט אין ווייכן שטילן שניי און געבליבן שטיין אין מיטן ווייסן וווּנדער: אַ שניי אין האַרץ פֿון זוניקן שרון! איך האָב נישט

באַמערקט ווי נעבן מיר איז שטיין־געבליבן מאַריע און געגאַפט, צוזאַמען מיט מיר אין דער ווייסער בלענדיקער ווייט. ערשט דערנאָך האָב איך דערהערט איר געפּליסטער:

— זאָל דער פּאַן זען, דאָרט...

פון דער ווייטנס איז געשטאַנען, איינגעהילט אין ווייסן, דער צעבליטער פּרדס, וואָס האָט, אין די ברענענדיקע חמסין־טעג געמאַניעט צו זיך מיט זיין פרישן גרין. איצט איז דער פּרדס געשטאַנען אין פּאַרגליווערטער ווייסער אומבאַ־וועגלעכקייט און צווישן די מיט שניי־באַלייגטע צווייגן האָבן אַרויסגעשיינט די גאָלדערנע אַראַנזשן ווי קליינע גילדערנע ליכטלעך. מאַריע האָט געפּליסטערט מיט אַנטציקונג:

— אַראַנזשן אין שניי... זאָל דער פּאַן זען...

און מיט אַ מאָל, ווי עס וואָלט איבער איר לייב דורכגעבערענט אַ קאַלטער שטראָם פון ווייטן ציטרוס־בוים אין שניי, האָט זי זיך צוגעטוליעט צו מיין איבער־געוואַקסענעם גוף און געפּליסטערט הייס און פאַרצווייפלט:

— זאָל מיך דער פּאַן אַוועקנעמען צו זיך... איך וויל שטאַרבן פאַרן פּאַן...

איך האָב אויפגעשוידערט. איך האָב דערפילט אַז נאָך אַ מינוט וועל איך באַגיין איינעם פון יענע פאַרברעכנס, אויף וועלכע מען געפינט שטענדיק אַן אויסרייד, אָבער זיי בלייבן אויף אייביק אומפאַרגעבלעך. אין מיר איז אויפגעגאַנגען דאָס געוויין פון הונגעריקן שאַקאַל אין שניי־באַדעקטן ווייסן פעלד. דאָס געוויין האָט זיך אָפּגעשלאָגן מיט קולות פון עלנטע קינדער, געלאָזענע אויף הפקר אויף ווייטע פרעמדע וועגן. אַזאַ עלנט האָב איך געהאַט געזען אין די אויגן פון שטעטלשן שניידער, דעם מאַן פון מאַריע, וואָס איז געפאַלן אונטער דער לאַסט פון געפינען דעם וועג צום האַרץ פון זיין ווייב, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון די מאַזורער אַזיערעס. קאָן איך אים באַרויבן פון זיין לעצטער פרייד?

— זאָל די פּאַני אַריינגיין אין שטוב — האָב איך געפּליסטערט. אויך דאָ אין זוניקן לאַנד קאָן דער שניי זיין קאַלט, כאָטש נאָר דאָ זעט מען די שיינקייט פון אַראַנזשן אין שניי...

— אַראַנזשן אין שניי — האָט מאַריע נאָכגעפּליסטערט און איז שוין געשטאַ־נען עטוואָס דערווייטערט פון מיר און איר בליק האָט געגנידערט צום צעטראָטענעם שניי אויף דער ערד נעבן אונדזערע פיס.

עס איז אַרויסגעקומען איציק און האָט שווייגנדיקערהייט פאַרוואָרפן אַ שאַל אויף די אַקסלען פון זיין ווייב. אַ ווייל איז זי געשטאַנען מיטן שווער ברוינעם האָר־פלעכט עטוואָס געגנידערט צום צעטראָטענעם שניי. דערנאָך איז זי אַ שווייגנדיקע, מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, אָפּגעגאַנגען אין די פוסטריט פון איר מאַן, אין דער ריכטונג צו דער שמאָלער טיר פון זייער הייזקע, אין וועלכער זי האָט

זיך דערקענט צו איר גליק און פּיין. איך בין נאָך אַ ווייל געשטאַנען און געקוקט אויפֿן שניי, וואָס האָט אָנגעהויבן וואָס אַ מאָל מער צו ווערן טונקל אין מײַן פֿאַרטײַעטן בליק.

ירושלים, 78—1977

*

## "צוותא" — יידיש-קלוב אין ירושלים

שוין אַ לענגערע צייט ווי אין ירושלים איז טעטיק אַ יידישער קולטור־קרייז, אונטערן נאָמען "צוותא־ביידיש".

דער קרייז האָט שוין אויף זיין אַקטיוו אַ צאָל גוט דורכגעפירטע קולטורעלע אונטער־נעמונגען וועלכע האָבן געהאַט אַ גוטן אָפּרוף. געגנוג צו דערמאָנען עטלעכע פון די אָוונטן: אַן אָוונט פאַר דעם דיכטער יוסף קערלער צום דערשיינען פון זיין בוך: "12טער אויגוסט 1952". אַ ליטעראַריש קינסטלערישער אָוונט לכבוד דער גרינדונג פון צוותא אין יידיש. אַן אָוונט "ישראל־שטימע אין לעבעדיקן וואָרט", און אַן אָוונט געווידמעט דער שרייבערין אסתר שניידערמאַן־ראָזענטאַל צום דערשיינען פון איר צווייטן באַנד "אויף וועגן און אומוועגן". אין די גאָר נאָענטסטע וואָכן זענען אויך צוויי ליטעראַרישע אָוונטן געווידמעט יצחק באַשעוויס צו זיין באַקומען דעם נאָבל־פּרייז, ווי אויך דעם אָנדענק פון פאַרשטאָרבע־נעם פּאָעט אריה שמרי.

דער קרייז אין ווענעמס אָנפירונג עס געפינען זיך באַקאַנטע קולטור־טוערס און אַ ריי אָנגעזעענע יידישע שרייבער וועלכע לעבן און שאַפן אין ירושלים.

דער קרייז האָט אין דעם צימער וואָס מיר רופן "קולטור־ווינקל" איינגעשטעלט אַ קלוב און לייען־זאַל וואָס איז טעטיק יעדן טאָג אין די נאָך־מיטאָג שעהן פון 5 ביז 7 אָוונט, חוץ פרייטיק און שבת. דער באַזוכער האָט אַ מעגלעכקייט צו לייענען אויפן אָרט און זיך באַקענען מיט די לעצט דערשינענע יידישע אויסגאַבן און פּעריאָדישע צייטשריפטן פון דער גאָרער וועלט.

עס איז אויך געוואָרן איינגעשטעלט אַ ביבליאָטעק מיט הונדערטער יידישע ביכער פון די בעסטע אויסגאַבן (אַ מתנה פון פריינד א. בערניקער) פאַר די יידיש־לייענער אין ירושלים. עס ווערט פּאָרויסגעזען אַ ביכער־שטעלע צו פאַרשפּרייטן די ספרים פון יידישע שרייבער.

דער אַדרעס פון "צוותא" אין יידיש: ירושלים, רחוב המלך ג׳ורג׳ 38.

## זיאַמע טעלעסין

# פיר ווינטן

### ביז הונדערט צוואַנציק

א

איז האָב איך שוין דערלעבט ביז הונדערט צוואַנציק,
ווי ס'האָבן מײַנע פֿרײַנט מיר צוגעווונטשן.
און ווײַטער? אין אַ לײַוונטענעם אַנצוג
אַראָפּקומען אַהין אין אונטערגרונט שוין?

שוין ניט פֿאַר מיר אין גראָז זיך אויסצוציִען
און קוקן אויף אַרויף, ווי דורך אַ דרימל,
צום פֿויגל, וואָס געלאָזן האָט זיך פֿליִען
אין טיפֿן קופּאָל פֿונעם בלאָוון הימל?

ניט איך, אַ צווייטער וועט אין פֿעלד זיך לאָזן
אַהין, וווּ ס'איז דער באָדן אויסגעפּוקלט,
און נאָכשפּירן ווי ס'פּויזעט אום אַ זשוקל
אין דעם געפּלאָנטער פֿון געדיכטע גראָזן?

און איך וועל ווי די ריטשקע קלינגט ניט הערן?
און איך וועל ווי דאָס פֿײַפֿל זינגט ניט הערן?
— — — — — — — — — —
ס'איז טיפֿע נאַכט. דער הימל וויינט מיט שטערן,
ווען כ'טו אַ טראַכט, אַז כ'וועל אַמאָל ניט ווערן.

ב

עס נעמט זיך שוין טראַכטן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער
פֿון דעם, וווּ עס וועט זיך געפֿינען מײַן קרקע,

ווי ס׳וועט זיך אַ נעם טאָן די חברה־קדישא
מיך טאָן אַ פֿאַררוק, ווי אין ערדענער נישע
פֿון ברוסטווער פֿאַררוקט מען אַ פּילבאַרע מינע, —
ניט אויפֿרײַסן זאָל זי אין מיטן דערינען,

ווי ס׳וועלן די רידלען אין ריטם געניטן
די עפּענונג נעמען וואָס גיכער פֿאַרשיטן,

ווי ס׳וועט אַנשטאָט מיר טאָן אַ וואַקס אויס אַ בערגל,
וואָס קיין שום פֿאַרדראָס וועט דאָס בערגל ניט ווערגן,

און ווי אויף מײַן שטיין, וואָס מע וועט ניט פֿאַרטעסען,
וועט אויסגעקריצט ווערן: **זיאַמע טעלעסין.**

ניט **זלמן** וועט אויסגעקריצט ווערן, נאָר **זיאַמע** —
אַזוי ווי עס האָט מיך גערופֿן די מאַמע,

ווי איינע אַליין וועט מײַן איינציקע בלײַבן . . .
. . . ווי קען מען אַ ליד אָט אַזאַ מין דערשרײַבן !

ג
און מיטאַמאָל האָט זיך צעפֿאַלן אַלץ.
אָט ווי אַ קאַרטן־שטיבעלע צעפֿאַלן . . .
כאָטש נעם און לייג אַוועק זיך אויף די שפּאַלן
און אויף אַ רעלס טו אַ פֿאַרוואַרף דעם האַלדז.

דער צוג, וואָס וועט אַדורכיאָגן פֿאַרבײַ
אַזאַ מין אומרחמנותדיק־פֿאַרשײַטער,
וועט איבערלאָזן אַ געפּײַפֿערײַ
און אָן אַן אָפּשטעל יאָגן ווײַטער, ווײַטער . . .

אַנטקעגן וועט אים אָנקומען אַ פֿעלד.
אים וועט אַ וואַלד אַרויסלויפֿן אַנטקעגן.

דער טײַך פֿון אונטער בריק פֿון זון צעהעלט
וועט זיך צעפּליעסקען פֿריילעך אויף די ברעגן.

עס וועט אַ ייִנגעלע, ווי איך מיט יאָרן קריק,
וואָס האָט געפּליושקעט זיך אין וואַסער ווי אַן ענטל,
אַרויסשפּרינגען אויף גיך פֿון אונטער בריק —
דעם צוג אַ פֿאָך טאָן מיט אַ נאַסינק הענטל.

דאָס אַלץ האָט פֿאַר מײַן בליק אַדורכגעבליצט,
ווען כ'האָב אַ טראַכט געגעבן פֿון די שפּאַלן.
ווײַזט אויס איך בין געווען אַ קאָפּ צעהיצט,
ווען ס'איז אַזאַ מין זאַך מיר אײַנגעפֿאַלן.

לאַנג לעבן זאָל די ליד מיט יעדן טראָף, —
די ליד וואָס מיט איר גורל איז צופֿרידן.
ס'איז דען ניט גלײַכער ליגן ווי אַ גראָף
אויף הר הזיתים צווישן קלוגע ייִדן?

און איבער מיר וועט אַזוי פֿײַן און שיין
די פּאַלמע מיט לולבים אירע פֿאָכען.
וואָס דאַרף איך וואַלגערן זיך הינטער פּלויט אַליין
לויט אונדזער הויך-געאַכפּערטער הלכה?

**אין דיר איז מײַן גלויבן**

צי גלויב איך אין גאָט? —
אין דיר איז מײַן גלויבן.
דערפֿאַר טו איך לויבן
דײַן יעדער געבאָט,
ווי זײַן וואָלסט אַ גאָט,
וואָס אָט ער פֿאַרשטעלט זיך

מיט כמאַריקע ברעמען,
און אָט ער באַהעלט זיך

מיט לויטערער שײַן, —
איז האָב איך צו װעמען
מתפּלל צו זײַן...

## נאָר עפּעס אַ פֿויגל

די זון האָט פֿאַרקײַקלט זיך הינטערן װאַלד.
דער הימל — מיט רויטקײַט פֿאַרצויגן.
און ס'האָבן די פֿייגלען, באַרויִקטע, באַלד
זיך איבער די נעסטן צעפֿלויגן.

די שטילקײַט אַראָפּ איז. אַ טראָט נאָך אַ טראָט —
אויף ביימערשע קרוינען געטראָטן.
נאָר עפּעס אַ פֿויגל צעשריגן זיך האָט
פֿון אונטער אַ צווײַג אין דעם שאָטן.

## איך בין ניט געוואָרן קיין זיידע

איך בין ניט געוואָרן קיין זיידע,
מײַן רחל — קיין באָבע געוואָרן.
פֿאַרבליבן מיר זענען שוין ביידע
אַזוי אויף די עלטערע יאָרן.

ווען האָבן מיר וואָלטן נאָך קינדער
(מיר האָבן אין גאַנצן איין בחור), —
מיר וואָלטן געהאַט שוין אַצינדער
פֿול אייניקלעך אין דער משפּחה.

די שכנים, וואָס גייען צום טויער
אַרויס אין די בלויע פֿאַרנאַכטן,
זיי קוקן אויף אונדז מיט באַדויער,
מיט אָריענטאַלישער אַכטונג.

פֿאַרויס דעם "שלום" אונדז זיי טראָגן —
ניט זײַן אונדז חלילה מבזה.
אַזאַ מין געשיכטע זיי זאָגן,
פּאַסירט נאָר בײַ די אשכנזים.

## אין פּאַרק

עס גייט אַן אַלטינק פּאָרל אונדז אַנטקעגן.
דער זיידע פֿירט אַן אייניקל בײַם הענטל.
די באָבע גייט פֿון הינטן מיטן שטעגל.
אין האַנט בײַ איר אַ קנײַלכל מיט אַ פֿרענטל.

אָט האָבן זיי אַ פֿרײַע באַנק געפֿונען.
זיי זעצן זיך. די באָבע הויבט אָן שטריקן.
דער זיידע האָט אַ פֿרישע בלאַט צעוויקלט.
דאָס אייניקל, וואָס שײַנט ווי זיבן זונען,
אַוועק איז שפּרינגען מיט די קינדער אויף אַ שטריקל.

אים קוקן נאָך די באָבע מיטן זיידן
אַזוינע אויפֿגעלייגטע און צעהעלטע, —
ווי אומגעקערט דאָס אייניקל וואָלט ביידן
דאָס אייגן קינד זיי אין דעם זעלבן עלטער.

## פיר ווינטן

פֿון מזרח און מעריב, פֿון דרום און צפֿון,
פֿיר ווינטן זיך האָבן צוזאַמענגעטראָפֿן,
און איינער אין צווייטן זיך האָבן פֿאַרשניטן
און איך בין אין מיטן.

דעם הימל זיי האָבן מיט רוגזה געבויגן,
אַראָפּ צו דער ערד, ווי מיט שטריק אים געצויגן,

מיט שטויב און מיט דרויב אים געגומען צעמישן
און איך בין צעווישן.

אַ דונער די וועלט האָט אויף צווייען צעשפּאָלטן,
אַ בליץ מיט אַ קראַפּט מיט אַ ווילדער פֿאַרשאָלטן
אַ וואַלגער געטאָן האָט אַ בוים אַ געזונטן
אין דיר איז מײַן גלויבן.

און תמיד — פֿון אונטן, צעווישן, אין מיטן,
ווו נאָר אַ געפֿאַר האָט זי מיך ניט געמיטן,
נאָר אפֿשר אַ דאַנק מײַן פֿאַרעקשנטן גלויבן
פֿאַרבליבן כ׳בין אויבן?
אין דיר איז מײַן גלויבן.

*

## די פּרעמיעס פֿון יידישן שרייבער-פֿאַראיין

מאָנטיק, דעם 16־טן אַפּריל איז אין בית־לייוויק אין תל־אביב פֿאַרגעקומען די פֿאַר־טיילונג פֿון די פּרעמיעס פֿון פֿאַראיין פֿון יידישע שרייבער־און זשורנאַליסטן אין ישראל צו פיר לאַורעאַטן: **שפרה ווערבער, אברהם ליס, אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַן** און **אפרים שעדלעצקי.**

דער פֿאָרזיצער פֿון פֿאָנד, **עובדיה פעלד**, וואָס האָט געפֿירט דעם אָוונט, האָט באַגריסט די לאַורעאַטן, די געסט פֿון אויסלאַנד און די שפּענדער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער פֿייערונג. דער פֿאָרזיצער פֿון פֿאַראיין, **מרדכי צאַנין**, האָט באַגריסט די לאורעאַטן און זיך אָפּגעשטעלט אויף די גרויסע דערגרייכונגען פֿון דער יידישער ליטעראַטור.

דער קאַסירער פֿון פֿאַראיין, **יצחק בראַט**, האָט איבערגעגעבן די לאורעאַטן די אויס־צייכענונג־בריוו און די געלט־פּרעמיעס אין דער הייך פֿון 5000 ל״י יעדן איינעם.

דער לאורעאַט **אברהם ליס** האָט געדאַנקט אין נאָמען פֿון די לאורעאַטן און געהאַלטן אַ רעפֿעראַט וועגן ישראל־מאָטיוון אין לייוויקס שאַפֿונגען. אין אַרטיסטישן טייל האָבן זיך באַטייליקט די קינסטלער: **עטל קאָווענסקי, לעוו קאַגאַן, עווא שטראַוס־מאַרקאַ** און **באַרבאַראַ מאַלווע.**

# יאָסל חריף

## זעקס מיניאַטורן

### פּילגרימען אין ירושלים

באַגעגנט האָב איך זיי אין דער אַלטשטאָט — פּילגרימען פון מלכה שבֿא׳ס מדינה טונקל־הויטיקע, מיט פאַרחלומטע אויגן, די פרויען אין העל געשטיקטע קליידער און אַ פייערלעכקייט אין זייער גאַנג. זיי שטעלן געלאַסענע טריט ווי אַ מאָל זייער מלכה אויף די גלעזערנע דילן אין די פּאַלאַצן פון שלמה המלך. זיי קוקן מיט נייגעריקייט אויף דעם אַרום, ווי זיי וואָלטן זוכן די משפּחה־שפּורן מיט אונדז, וואָס פירן אויף טויזנטער יאָרן צוריק, דערמאָנען אַ דערמאָנונג וועגן זייער שיינער מלכה, וואָס איר האַרץ האָט אויפגעציטערט מיט ליבע און פאַרערונג צום קלוגן מלך שלמה דאָ אין ירושלים.

דאָ — אין די שמאָלע געסעלעך רירט מען ממש אָן מיט די הענט דעם וועג פון אַלטן עבר, געקומען זענען זיי אויף פּסחא, וואָס פאַלט אויס אין אונדזער פּסח. דער פרימאָרגן אַ וואַרעמער, אַ צעהעלטער, יידן גייען מאַסנווייז צו דער כותל... און אין דער יום־טובדיקייט שפּאַרט זיך אַריין אַ וואַכעדיקער טומל און ליאַרם, וואָס עס טראָגן אָן אונדזערע שכנים, די קינדער פון ישמעאל.

אַן אייזל האָט זיך פאַרהאַלטן אויף די טרעפּ ווי ס׳וואָלט פּראָטעסטירט אַנטקעגן זיין אַנטרייבער, צום רוקן האָט מען אים צוגעבונדן זעק מיט מעל, און מיט זיין אייזלשן געשריי, וועלכער לאָזט זיך הערן אין גאַנצן אַרום, וויל דאָס בידנע אייזעלע פאָדערן אַ רעכט אויף אַ יום־טובדיקן רוטאָג... דער אַנטרייבער שטויסט עס מיט אַ פאַרשפּיצטן שטעקן אין הינטערשטן טייל, איבערן ווידל. און דאָס אייזעלע פאַרקריצט מיט צאָרן און ווייטיק די ציין און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ שלעפּט עס זיך ווייטער צום שכמער טויער, אויף די טרעפּ באַרג אַרויף.

די קירכן־גלאָקן האָבן זיך צעקלונגען, דער ״מאַאַזין״ האָט זיך צעזונגען מיט אַ מאָנאָטאָנען קול, וואָס טראָגט זיך פון אַ הילכער, צעטראָגט זיך איבער די געסלעך, און רופט די גלויביקע צו דער מאָרגן־תפילה.

אין דער קירך פון הייליקן קבר, וווהין אונדזערע פּילגרימען ציען זיך, איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת צווישן די אַביסיניער גייסטלעכע און די קאָפּטישע... די יידישע פּאָליציי היט די אָרדענונג. און דאָס געבעט צום גאָט פון יידישן אָפּשטאַם גייט אָן אונטער יידישער שוץ, וואָס איז אויסגעשפּרייט איבער ירושלים, איבער־

צייגסט דיך צום ווינפלסטן מאָל, אַז דערווייל האָט נאָך קיינער נישט מסכים געווען אונטערשטעלן די צווייטע באַק, נישט די קאַפּטן און נישט די אַביסיניער און נישט אַנדערע . . .

מיך האָבן די פיס אַוועקגעטראָגן צום כותל, פון וואַנען עס הערט זיך אַ הלל־געזאַנג, אַ גרופּע יידן האָבן זיך גענומען פאַר די הענט און אַרויס אין טאַנץ. אַמעריקאַנער און אַנדערע טוריסטן קוקן זיך איין אין די טאַנצנדיקע יידן ביי דער טרערן־וואַנט, און אָט איז אָנגעקומען אַ גרופּע טוריסטן, פון ציפּערן אַן אויפגאַנג פון עולה־רגל, פון נאָענטן קפריסין און פון ווייטן אַביסיניע. און די טויערן פון ירושלים זענען אָפן פאַר זיי. פאַראַן פּלאַץ פאַר אַלעמען, קיינער זאָגט נישט ״ענג איז מיר דאָס אָרט אין ירושלים״ קוקסט זיך איין אין די אַלטע פאַרגאַנגענע טעג און — אין די נייע אויפגייענדיקע יאָרן . . .

## ״עבדים היינו״

אַ סדר־נאַכט אין קיבוץ (מיט נייע עולים) אין די הרי יהודה, וועלכע האָבן איינגעזאַפּט אין זיך אַזוי פיל וווּנדערלעכע דערציילונגען, מעשיות פון ווייטן עבר. ס׳איז אַ צעזונגענע סדר־נאַכט. איך קוק זיך איין אין די יידן. יאָרן אויף יאָרן געבויט אַ וועלט, אַ פרעמדע.

עלטערע און קינדער האָבן אויפגעכאַפּט דעם ניגון; ״עבדים היינו״ די ליפּן ביי זיי שעפּטשען דעם ניגון, די ליפּן באַוועגן זיך נאָך שווערלעך אין דער נייער שפּראַך, אָבער אין די אויגן פינקלט אַ בליץ פון ״בני חורין״. איך טראַכט וועגן דעם גרויסן נס; דאָס געזאַנג הערט נישט אויף ביז שפּעט אין דער נאַכט, מיר דוכט זיך, אַז מיר שטייען ווידער פאַר אַ געשפּאָלטענעם ים.

דער ניגון שלאָגט זיך אָן אין די פון די יהודה־בערג וואָס באַדעקן זיך מיט גרינס און פרוכט, צו שפּייזן די אַלע וואָס זאַמלען זיך פון אַלע וועלט־טיילן. און די געדעקטע טישן זאָגן עדות, אַז דער ״כל דיכפין״ איז נישט קיין פראַזע, בייערט, אַז פאַר יעדן איז דער טיש געגרייט. דער וויין אַ צעפינקלטער אין די כוסות און ווינטשט, ווי פון זיך אַליין, אַ נייעם באַגייטן לחיים.

און זיי, די נייע יידן, אַזעלכע היימישע! און אויך דער ״עבדים היינו״ זייערער — אַזאַ היימישער.

איך באַטראַכט איין משפּחה; אַ מאַן, אַ פרוי און אַ טאָכטער פון אַ יאָר צען. די ליפּן ביים יינגן מיידעלע באַוועגן זיך, ווי זי וואָלט וועלן דערפילן דעם ניגון אָט־אָט וועט זי זיך באַלד פאַרוועבן אין דעם נייעם געוועב, וואָס הייסט מדינת ישראל.

איך האָב באַמערקט: אין אַ סך אויגן האָט געפינקלט אַ טרער, מאָדנע! טראַכט

איך, אַ סך האָבן נישט קיין געמיינזאַמע שפּראַך אָבער די טרער איז אַ געמיינזאַמע, און אַ טרער בינדט, פאַרהיימישט, עפנט דאָס האַרץ. יידישע מענטשן האָבן אויס־געהיטן די יידישע טרער וואָס באַגלייט אויך יידישע שמחות. אויף דער ערד פון דעם דאָזיקן קיבוץ האָט אַ מאָל געפּירט שמשון הגיבור די מלחמות קעגן די פּלישתּים, דוד קעגן גליתן האָט דאָ געקעמפט.

אַ וואָך־נאַכט אין קיבוץ, ווי ס׳ריזלט אַ נייער דערוואַכטער שטראָם, פון אַ נייעם קיבוץ גליות, און דער ניגון ״עבדים היינו״ איז געבליבן דער זעלבער.

## נישט אַלע הינט זענען גלײַך...

אין ״סאָוויעטיש היימלאַנד״ נמ׳ 6, 1972, האָט ווערגעליס, דער רעדאַקטאָר, אין זיין ליד, ״איך וועל זיי ניט אַריינלאָזן צוריק״ אַ סטראָפע,

איך וועל פאַר זיי ניט עפענען די טיר.
ניט לאָזן אויף דער שוועל זיי,
וואָן פון דאַנען!
דער טאָם (טעם) פון היים, וואָס
איז ביי זיי פאַראַנען,
איז ביי אַ הונט דאָ מערער אָן אַ שיר,

הייסט עס, געוואָלט דערהייבן זיך אַליין צו אַ הויכער הינטישער מדרגה, וואָס פילט יאָ דעם טעם פון היים.

אוודאי זענען פאַראַנען אָרנטלעכע און פאַרשטאַנדיקע הינט. ביז היינטיקן טאָג ווערן געלויבט די מצרישע הינט, וואָס האָבן נישט געבילט ווען יידן זענען אַרויס פון מצרים. זיי האָבן געהאַט, ווייזט אויס, אַזוי פיל איידלקייט און פאַר־שטאַנדעניש, אַז מיט זייער בילן נישט געוואָלט שטערן די ווונדערבאַרע פּסח־נאַכט ווען אַ פאָלק ווערט פון קנעכטשאַפט דערלייזט, גייט צו זיך אין לאַנד אַריין, און דערפאַר געהאַלטן די צונג צווישן די ציינער.

און גראַד מיט טויזנטער יאָרן שפּעטער, ווען יידן ווילן און וועלן אויסגעלייזט ווערן, און גייען אויף די זעלבע גאולה־וועגן האָט, זעט אויס, מורא באַקומען דער פאַרשטאַנדיקער ״פּאָעט״ אַז די הינט וועלן אויך דאָס מאָל, ווי אין יענער נאַכט, נישט בילן, סוף כל סוף באַזיצט דאָך אַ הונט אַביסל הינטיש געוויסן... האָט ער אָנגעהויבן דאָס טאָן אַליין.

לערנען מיר דערפון, אַז אָט דער רעדאַקטאָר (פון ״סאָוויעטיש היימלאַנד״) האָט גאָרנישט געלערנט פון יענע נאָבעלע מצרישע הינט. דעם ״לא יחרץ כלב

לשונו" האָט ער שוין לאַנג פאַרגעסן, האָווקעט ער אַ "פּאַעטיש" האַווקעניש, קעגן די אויפגייער קיין ישראל...

## דער זקן

מען האָט מיר אָנגעוויזן אויף דעם זקן, וואָס איז שוין אַלט קנאַפּע דריי טויזנט יאָר. שטייט ער אַזוי צו פיסנס פון הר הזיתים. איינגעבויגן און גערינצלט, זיינע צווייגן אונטערגעמויערט, אויסגעהוילט, פאַרשידענע צוגווינטן האָט ער שוין־אויסגעהאַלטן אין משך פון טויזנטער יאָרן. אָבער דאָ און דאָרט אַ גרין בלעטעלע. ווי אַ לעצטער אויפבלי, וואָס גלאַנצט מיט אַליוון־גרינקייט, אַפילו מיט פרישקייט אַנטקעגן דער זון.

איך קוק זיך איין אין דעם אויסגעהוילטן בוים. אין דעם אויסטערלישן זקן, איך הער מיין ווידערקול ווען איך קוק אַריין אין אים, ווי ער וואָלט באַנומען מיינע באַטראַכטונגען. ער, דער בוים איז געבליבן אַ לעבעדיקער עדות פון יאָרן טויזנטער ירושלים. איך פרווו מיר פאָרשטעלן אין מיין דמיון, זיין פאַרפלאָנצער, אפשר ליגן זיינע ביינער ערגעץ דאָ, אויף דעם הר־הזיתים, און איצט נאָך טויזנטער יאָרן האָבן וואַנדאַלן זיין קבר צעשטערט, ווער ווייס?

אים, דעם בוים, האָט מען נישט אָנגערירט. ער וואָקסט אין אַ געפּלעגטן קירכן־גאָרטן. און אַזאַ זקנה־רויקייט אויסגעגאָסן אויף אים, ווי ער וואָלט שטייענ־דיק איינגעשלאָפן, און זיכערע הענט פלעגן אים, ווער ווייס ווי לאַנג ער וועט נאָך דאָ שטיין, דער זקן? און מען וועט קוקן אויף אים מיט באַוווּנדערונג און רחמים, מער ווי צו זיין פאַרפלאַנצער און די וואָס פלאַנצן ווייטער...

## פּורים אין ירושלים

ווונדערלעך איז די דאָזיקע שטאָט. שטיינערדיק און דאָך האַרציק, אַ שווערן ווינטער האָט זי איבערגעלעבט, רוצחישע מחשבות האָבן געלויערט איבער איר, מינעס־אויפרייסן האָבן איר היילקע רויקייט געשטערט און נאָך אַלע כוואַליעס פון שנאה צו איר גייט זי ווייטער איר גאַנג, וואָס זעלטן ווען אַ שטאָט איז געגאַנגען. אַ גאַנג מיט ליפּן פאַרביסענע פון צער. און דאָ גאָר אין מיטן דרינען־געזאַנג.

חן צעהעלטע קינדערלעך זענען אַרויס איבער די גאַסן פון ירושלים. ס׳איז פּורים היינט אין ירושלים. דער פּורים יום־טוב וועט אייביק פאַרבלייבן, די שמחה איבער דעם סוף פון די המנס, די פרייד איבער דער באַשטראָפטער רשעות.

ווי צעשטראַלט זענען די פּנימלעך פון ירושלימער קינדער. חכמה בליצט פון

זיי. ווי פאַרשידנאַרטיק זענען די מאַסקעס, ווי אייגנאַרטיק איז די ליכטיקייט, וואָס רייסט זיך דורך זיי אַדורך.

פול זענען די געמאַרקן מיט יוגנט־רויש און גערזאַנג. מעג דער שונא שיפּען מיט שלאַנגען־גיפט, גייען זיי, די קינדער, אויף ווי צעבליטע בלומען. ווי פעלד־בלימלעך אויף די בערג, וואָס גאַרטלען אַרום ירושלים.

און כאָטש מען זאָל אויפזאַמלען די טרערן פון אירע איינוווינער פון אַלע חורבנס און פון די ראַנגלענישן פון אַלע תקופות, וואָלט דאָ דער גרעסטער ים געוואָרן, לאַכט דאָך די שטאָט און אַ ים פון פרייד באַווייזט זיך אויף די פּנימער...

אַ פּורים־קאַרנאַוואַל איבער די גאַסן פון ירושלים, אָנגעפילט דאָס מויל מיט געלעכטער און די צונג מיט געזאַנג, וואָרעם אַ פרילינג איבער אַלעם און אַלעמען, די באַנייונג קוקט זיך איבער מיט דעם קדם, מיט דער אַמאַליקער פּראַכט.

אַן אייגנאַרטיקער גאַנג פון אַ פאָלק, וואָס איז וואָך אין מיטן חלום. דאָס געלעכטער פון די קינדער גייט אויף ערלעך און ריין אויף די אויסגעטרעטענע וועגן פון די נביאים, וואָס האָבן לעבן און פרייד פאַר יעדן וועזן און אחרית־הימים צוגעזאָגט. ניין דאָס איז נישט קיין פאַרשטעלטעווירקלעכקייט. דאָ שמייכלט און זינגט די ווירקלעכקייט אַליין. די פּורים־פרייד פון ירושלים.

## אַ צענטער צו מנין

מעריב־צייט זענען מיר צוגעקומען צו דער כותל, טויבן האָבן געוואָרקעט אַן אָוונטדיקע שירה, פאַר זייער נאַכטיקער רו, זיי קלייבן זיך צו די אויסהוילונגען איבער דער כותל, צו נאַכטישער מנוחה.

עטלעכע פאַרשפּעטיקטע יידן זאַמלען אַ מנין און רעכענענען אויך אַריין דעם בייעם עולה צום מנין, ער גיט אַ שמייכל ווי אַזוי נעמט מען זיך צו דער תפילה נאָך אַזוי פיל נישט געדאַוונטע יאָרן... ס׳האָט זיך אויסגעדאַכט אַז אַלע פאַרשפּאַרטע תפיסה־יאָרן, זענען אויפגעגאַנגען פאַר זיינע אויגן און אַ זיפץ האָט זיך קוים אַרויסגעריסן פון זיין ברוסט, און ער איז פאַרזונקען אין אַ דריקנדיק שווייגן, דעראינערונגען פון דאָרט פון פינצטערע אינדערוואַכנס און פאַרשטערטע ימים־טובים, האָבן אויפגעטויכט פאַר זיינע אויגן.

פּלוצעם דערהער איך ווי זיינע לעפּצן שעפּטשען אין דער שטיל ווערטער פון דער שמנה עשרה, אין מיט אַ מאָל צעגיסט זיך אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן, און ער צעזינגט זיך מיט אַן אַלטן ניגון וואָס ער האָט אַוודאי פון זיינע אבות געירשנט „ולירושלים עירך ברחמים תשוב"...

און ס׳האָט זיך אויסגעדאַכט אַז די „אבני הכותל" האָבן זיך מיט פרייד ווי אַ מאַמעס פּנים צעלויכטן ווי מיט אַ ווידער אָפּגעפונען קינד וואָס איז פון איר געווען דורות לאַנג צעשיידט...

## יאָסל לערנער

# אין מלכות פון זאַכן

## דער אַלטער מאַנטל

קויטיק, צעקנייטשט און אין לאַטעס,
אין גאַנצן אויף חוזק געוואָרן. —
די שטויבן, די רעגנס, די בלאָטעס
האָבן פֿאַרקירצט מיר די יאָרן.

איך הענג צווישן אַלטע מלבושים,
אַן קנעפּ און מיט מויל אין די לאַצן.
פֿאַר ווייטעק און פֿינצטערער בושה
טוען די נעט אין מיר פּלאַצן.

און דאָרט אויפֿן בוידעם אין גיכן
זיך וואַלגערן וועל איך פֿאַרטײַעט. —
צו וועמען זשע בין איך געגליכן?
אַ, נעמט שוין פֿון מיר זיך אַ ראיה

איר מאַנטלען פֿון שטאָפֿן, פֿון רעבטע,
פֿאַרלינדערט מײַן וויי און מײַן צאָרן! —
נאָר ווער סע געדענקט מיר פֿון נעכטן,
וועט לאָזן אַ טרער לזכּרון...

## אייפערזוכט

אין די נעכט זענען זיי צוזאַמען
אין דער שמידערײַ.

צוגעטוליעט איינס צום צווייטן
שלאָפֿן זיי געשמאַק
באַק צו באַק
ביז קאַיאָר. —

ווי נאָר עס קומט אַרײַן דער שמיד
און רירט זיך צו צו איר,
צו דער קאָוואַדלע. —

פּאַדלע!
ווערט דער האַמער באַלד צעווילדעוועט,
צעגייט זיך. —
און הייבט אָן שלאָגן די קאָוואַדלע זײַנע,
מכות רצח...

## דאָרט

די ביכער-שאַפֿע צו דעם שרײַב-טיש קוקט אַראָפּ,
דער שרײַב-טיש צו דער ביכער-שאַפֿע פֿליִען וויל.
דער דיל צו דער סטעליע קוקט אַרויף,
די סטעליע קוקט מיט נײַגער צו דעם דיל...
אַלע בענקען — — —

ווּהין?
אַהין!
דאָרט זענען שענער
די פֿאַרבן,
די טענער,
דער פֿאַרנאַכט,
דער באַגין. —
אַהין!

קרום צי גראָד.
דאָרט איז סוד.

דאָרט! —

## די גאַסלאַמטערנס

די גאַסלאַמטערנס
זיך קלאָגן פֿאַר דער נאַכט:
ווען וועלן מיר פֿאַרוואַנדלען זיך
אין שטערן?!

לאַכט די נאַכט:
איר זענט אַראָפּ פֿון זינען!
נישט איר קענט
און נישט איר מעגט
אַזוינס גאָר
זיך פֿאַרגינען.

זײַט צופֿרידן
וואָס איר צינדט זיך אָן
און לעשט זיך אויס
צוזאַמען מיט די שטערן
דערצו נאָך זײַן געבענטשט
באַשיינען מיט לבֿנה-ליכט
די גאַסן
און די הײַזער
פֿון די מענטשן — —

## אין גאָרטן

בײַ דיביימער אין גאָרטן
איז הײַנט
אַן אומעטיקער טאָג.

דאָס ווינטל, זייער ליבלינג,
דער בן-בית.
האָט צוגעזאָגט קומען
מיט נײַעס
און נישטאָ.
און באַלד איז שוין נאַכט.

האָט עפּעס מיט אים זיך געטראָפֿן,
חלילה? —

שטייען זיי שטילע
מיט אָנגעשפּיצטע צווײַגן
און שווײַגן.

*

**אַכטונג יידישער שרייבער!**

דער ליטעראַטור־פאָנד א.נ. פון ד״ר שמואל און רבקה הורביץ ביי דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים איז מודיע, אַז די פערטע צוטיילונג פון דער יערלעכער סובווענץ וועט פאַרקומען צום יאָרצייט פון שמואל און רבקה הורביץ ז״ל אָנהייב חודש ניסן תש״מ. עס וועט פאַרטיילט ווערן אַ סומע פון זעכציק טויזנט לירות (צוויי טויזנט דאָלער) צו איינעם אָדער צוויי שרייבער לויט די ווייטערדיקע כללים:

1. עס ווערן גענומען אין באַטראַכט אָריגינעלע מאַנוסקריפּטן אין יידיש, וואָס זענען נאָך נישט דערשינען אין בוך־פאָרמאַט.

2. די מאַנוסקריפּטן דאַרפן צוגעשיקט ווערן ביז סוף דעצעמבער 1979 אויפן אַדרעס פון סעקרעטאַר פון דער פאַרוואַלטונג פון פאָנד: **דוד ברסלאו, רחוב יהואש 4, ירושלים.**

3. די מאַנוסקריפּטן דאַרפן זיין אַנאָנים. דער נאָמען פון מחבר דאַרף אָנגע־געבן ווערן אין אַ ספּעציעלן קאָנווערט, וואָס וועט געעפנט ווערן ערשט נאָך דעם ווי די זשורי וועט מאַכן איר אויסוואַל.

גרשון וויינער
פאַרזיצער פון דער פאַרוואַלטונג

# צום אנדענק פון לייב ראכמאן ז״ל

**אריה ליפשיץ**

## לייב ראַכמאַן און זיינע שואה-דערציילונגען



לייב ראַכמאַן (14.9.1978—2.1.1918)

איך בין געווען אַ הויז־אריינגייער ביי לייב ראַכמאַן אויף יורדי הסירה־גאַס אין ירושלים און צייטנווייז צווישן די פאַרבעטענע ביי זיין טיש אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן. חוץ קרובים און פריינד, פלעגן קומען צו אים תלמידים פון אוניווערזיטעט און פון ישיבות, שרייבערס און קינסטלערס, יוגנטלעכע פון פאַרשידענע קרייזן און אויך גרים — פרעמדע, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן צום יידישן פאָלק. ער אַליין איז געזעסן אויבן אָן און די שיין פון די שבת־ליכט האָט אַרויסגעלויכטן אויך פון זיינע אויגן, ווי ביי אַ פאַרצייטישן ייד. צווישן קידוש און די זמירות האָבן זיך געפירט שמועסן, וואָס זענען נישט צום פאַרגעסן. אַלע זענען מיר נייגעריק געווען אויסצוהערן אונדזער גאַסט־געבער דעם שרייבער און זיינע

פֿאַסיאַנירנדיקע האַלב־אָפּגעריסענע מעשיות, וואָס האָבן געשטראַמט פֿון זיין עמאַציאַנירט האַרץ מיט אַ באַזונדערער אינטאַנאַציע. פֿילבאַר און ענטוזיאַסטיש איז ער געווען, ראַכמאַן, און אַזוי כמעט־אומבאַמערקט, כלאחר־יד, אַרויסגעבראַכט לעבעדיקע בילדער און שטיקער פֿון אַמאָליקן יידישן לעבן אין פּוילן און פֿון זיינע דערפֿאַרונגען און איבערלעבנישן דאָ אין לאַנד.

אַזוי האָבן מיר אויסגעהערט און איינגעזאַפּט אין זיך זיינע אויפֿציטערנדיקע דערציילונגען און אַרויס פֿון אים תמיד דערהויבן, געשטאַרקט.

אַלע וואָס האָבן אים געקענט פֿון דער נאָענט, פֿלעגן אים ליב־באַקומען ווי אַ היימישן מענטש, וואָס ווייסט ווי אויפֿצונעמען מענטשן און איז זיי תמיד גרייט אויך צו העלפֿן. ער אַליין איז געווען אַ נחבא אל הכלים. זיינע ווייטיקן און ליידן האָט ער תמיד באַהאַלטן — קיינער זאָל וועגן זיי נישט וויסן. איבער אַלעם איז ביי אים געווען דאָס גליק צו לעבן און שאַפֿן אין ירושלים. חוץ וואָס ער איז יאָרן־לאַנג געווען דער "פֿאָרווערטס"־קאָרעספּאָנדענט אין ירושלים און, זיינער צייט, טאָג־טעגלעך באַריכטעט וועגן אייכמאַן־פּראָצעס און וועגן דער זעקסטאָג־יִקער מלחמה און חוץ, וואָס ער האָט אין דער זעלבער צייט געאַרבעט פֿאַר די יידיש־אוידיציעס אין ראַדיאָ, איז זיין גאַנצער געדאַנק געווען אָפּצוגעבן זיך מיט שרייבן און אַרויסברענגען דעם יידן אין דער שגעונדיקער צייט פֿון דער איצטיקער וועלט. זיין "בדמיך חיי", וואָס ער האָט נאָך אָנגעהויבן שרייבן אין באַהעלטעניש איז סאַמע מיטן פֿון דער אויסראָטונג, איז שפּעטער דערשינען אין פּאַריז אין יאָר 1949. זיין גרויסע בעלעטריסטיש־דענקערישע שאַפֿונג "מיט בלינדע טריט איבער דער ערד" איז אַרויס אין ישראל אין יאָר 1968 און זיין זאַמלונג וויזיאָנערישע און אויפֿרודערנדיקע דערציילונגען "דער מבול", איז דערשינען ערב זיין טויט און וואַרט נאָך אויף אַ העברעישער איבערזעצונג, בעת די אַנדערע צוויי ביכער זענען שוין זיינער צייט דערשינען אין העברעיש און אַרויסגערופֿן אַ גרויסן אָפּקלאַנג.

די דריי ווערק דריקן אָן ספֿק אויס די פּסיכישע אייגנשאַפֿטן און גייסטיקע געראַנגלען פֿון דעם שרייבער, וואָס האָט איבערגעלאָזט — פֿאַר אונדזער דור און פֿאַר די קומענדיקע דורות נישט בלויז אַן אויטענטיש דענקעריש־בעלעטריסטיש ווערק, אַן איינגאַרטיקע שאַפֿונג פֿון אינדיווידועלן און נאַציאָנאַלן ווערט נאָר אויך אַ שאַפֿונג פֿון עסטעטיש־קינסטלערישן באַטייט, וואָס בלייבט נישט אין שאָטן לגבי קיין שום גרויסער ליטעראַטור אין דער וועלט.

אין די מבול־דערציילונגען, פּונקט ווי אין זיינע ערשטע צוויי ווערק, הייבט ראַכמאַן אַרויס די עקזיסטענץ פֿונעם יידישן מענטש אין אַן אכזריותדיקער וועלט וואָס וויל אים אומברענגען. צו גלייך מיטן סורעאַליסטישן צוגאַנג ברענגט אַרויס ראַכמאַן אין אַ ריי דערציילונגען אויטענטישע פֿאַקטן, ווי אין "אסתר און לייבל", "מלכהלע און קלמן", "מיידאַנעק און לובלין", "סדום און עמורה". אָבער דער

עיקר קומען דאָ אויף, בפרט אין דער דערציילונג "דער רעגנבויגן", מרחקים און ברייטקייטן פון אַ פאַרהוילענער וועלט, אַ וועלט וועמענס ערד איז געוואָרן אַש און רויך און אירע מאָדנע קראַנקהאַפטע פעלדער אָטעמען מיט פּולווער און חורבן. און אין חלל פון אָט דער וועלט, גייט אַרום, אָדער האָפּסלט אַרום, נאָך איין שריד וואָס ווייסט נישט פון וואַנען ער קומט און ווי אַלט ער איז, וואָס ווייסט ווי אָפּצו־געבן זיך אַ חשבון וועגן דעם וואָס גאָט האָט באַצאָלט די זינדיקע, בעת פריער האָבן די זינדיקע פאַרברענט גאָט און דערנידעריקט ביז שטויב די פליגל פון דער שכינה. אינעם דאָזיקן חלל איז דאָס אַרומלויפן פונעם שריד כולו געפלי, אַן פּיס; ער לויפט פון פּחד פון די פינצטערע וואָלקנס אויבן און פון בילד פון גרוי־בלוילעכן אַש אונטן. צום שריד פאַראייניקן זיך אויך אַנדערע, וואָס זענען אַנטלאָפן פון די אַשיקע פעלדער, זכרים און נקבות וואָס קיינער ווייסט נישט פון וואַנען זיי קומען און וועלכער איז זייער עלטער — מענטשן אָן נעמען, וואָס שמעקן בלויז מיט חורבן. דאָס איז אַן עדה פאַרגעסן פון גאָט, און פון גרויס פאַרצווייפלונג וועט זי, אַפּנים, בלייבן אינעם טאָל און אויפשטעלן אין אים אַ היכל אויפן אַש. טייל מאָל פילט אויך דער פאַרבליבענער דעם פּולס פון דער לעצטער איבערלעבונג. זעט אויס, אַז ערגעץ־ווו טראַכט עמעצער וועגן אים און געדענקט אויך זיין נאָמען. מיט אַ מאָל כאַפּט ער זיך, אַז די מענטשן פון חורבן אין אַלע דורות דאַרפן זיין אַ זכר פון חורבן, און דעריבער דאַרף מען האָבן קינדער פון אַ נייעם דור, וואָס זאָלן אַריין בבריתו של אברהם אבינו, קינדער, וואָס זאָלן איינזאַפּן אין זיך דעם ווייטיק פון די פרעמדע פעלדער און מיט זייער נייעם כוח באַפרוכפּערן אייגענע לעבנס־פעלדער. פון אונטערן רעגנבויגן זעט ער אַ נייעם האָריזאָנט, ווו עס הערשט אַ געטלעכער גייסט, וועקט די פאַרבליבענע און דערהייבט זיי איבער די מיסטן. גאָט איז ווידער זייערער, דער גאָט פון זייערע אבות, וואָס האָט געשווירן מיטן בויגן אינעם וואָלקן אויפצוהיטן דעם בונד מיט זיי און מיט זייערע קינדער נאָך זיי.

דאָס איז דער עיקר — די פאַנטאַסטישע טיפקייט און קאָנקרעטער זין פון ראַכמאַנס דערציילונגען. איין יריעה נאָך דער אַנדערער, ווי טיילן פון אַ ברייטער סימפאָנישער שאַפונג, וואָס דערהייבט, דערלאָזט נישט פאַרלירן דעם צלם אלוקים — און דעמאָלט מיט דער באַנייונג פון יידישן לעבן "וועט זיגן ירושלים".

* *

לייב ראַכמאַן איז פרי אַוועק פון לעבן. ער האָט זיך געפונען אין סאַמע מיטן פון זיין שאַפן. בלויז עטלעכע טעג האָט ער געהאַלטן אין האַנט זיין ניי בוך "דער מבול" — און פּלוצעם איז ער געפאַלן, ווי ער וואָלט געוואָלט זיין לעבן אויף דער וועלט פאַרענדיקן מיט אַ דבר טוב. זיין פריצייטיק אַוועקגיין איז ווי געקומען אויסדריקן אַ פּלוצעמדיקן סיום פונעם יסורים־וועג פון אַ גאַנץ לעבן, אַ מין

דערגאַנצונג צו די האַרץ־ראַנגלענישן פונעם יחיד אין דער שארית הפליטה מיט זיינע לעכצענישן נאָך אויסלייזונג און גאולה.

אַן אייגנאַרטיקער יידישער שרייבער איז ער געווען. נישט בלויז אַ שאַרף אויג, קאַכעדיקע טיפע פילבאַרקייט, נאָר ער האָט אויך פאַרמאָגט ברייטן יידישן וויסן, אַן אייגענעם קוק אויף דער וועלט און מענטש פון אַנדערע פעלקער, וואָס קאָנען בלויז שלעכט טאָן צו יענע, וואָס זענען אַנדערש פון זיי.

דער ייד און די וועלט, וואָס מיר קענען — ער האָט זיך מיט זיי געראַנגלט זינט זיין קינדהייט אינעם פוילישן שטעטל, ווען ער האָט געלערנט תורה אין ישיבות און זיך דערצויגן אין הויף פון אַ גרויסן חסידישן רבין און אויך ווען ער האָט זיך דערנאָך באַקענט מיט די ווערטן פון אייראָפעישער בילדונג און געוואָלט אין זיי זען אַ שטראַל פון פאַרשטענדעניש צווישן מענטשן און דערפון איז ער אינספּירירט געוואָרן צו דערציילן זיינע ערשטע שאַפונגען. אָבער אויפן שוועל, נאָך איידער ער האָט באַוויזן צו פורעמען זיין שרייבן — איז אָט דער שטראַל פאַרטונקלט געוואָרן און איז געוואָרן אַ שוואַרצער זייל פון אַ פאַרלענדעריש, פאַרניכטנדיק פייער.

לייב ראַכמאַן וואָס איז ניצול־געוואָרן פונעם חורבן האָט זיין חיזוק באַקומען דורכן יידישן לעבן און דאָ איז ער דערגאַנגען צו דער מדרגה פון אַ גרויסן דערציילער. זיינע דערציילונגען זענען באַפּאַרבט מיטן יידישן שטייגערלעבן אין גלות און אויך מיטן שטייגער אין לאַנד, אָבער זיינע צוויי ביכער ״בדמייך חיי״ און ״מיט בלינדע טריט איבער דער ערד״ זענען געבויט און אַרויסגעבראַכט ווי אַ מצבה און שפּיגלען אָפּ שטאַרק און אויסדריקלעך די חורבן־טראַגעדיע פון אייראָ־פּעישן יידנטום און קאַמף פון זיינע רעשטלעך עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, כדי דאָ צו מאַכן דעם חשבון־הנפש פונעם פאָלק מיט דער וועלט. מיר לייענען זיינע ביכער און פילן, ווי די השגחה עליונה זאָל האָבן אַרויפגעלייגט אויף אים צו שילדערן די אימה פון די טעג, און האָט אים אינספּירירט מיט דער לייטזעליקער גנאָד נישט אונטערגעבן זיך די אומעטיקע בילדער פון די לעצטע יידישע לעבנס־צאַפּלען ביז זיי וועלן נישט ווי געהעריק געבראַכט ווערן צום אויסדרוק.

ראַכמאַנס פּראָזע צייכנט זיך אויס נישט בלויז מיט פאַרטיפטער אָבסערוואַציע און דערהייבט זיך צו עסטעטיש־מאָראַלישע ווערטן, דאָס איז אויך אַ שטורעמדיק־אויפבראַוזנדיקע פּראָזע, וואָס באַרויבט די רו, רופט צו ווירקן פאַרן תיקון פון מענטש און פון וועלט.

תחילת, ווען ראַכמאַן איז צוגעטראָטן צום ערשטן בוך, האָט דער טויט אויף אים געלויערט און ער האָט אין אים אין פאָרם פון אַ טאָגבוך געשילדערט גרויזאַמע איבערלעבונגען, וואָס זענען געווען קאָנפראָנטאַציעס מיטן טויט. דאָס איז אַ רעאַליסטישע דערציילונג, וואָס שטייגט איבער יעדע פאַנטאַזיע.

צו דער מדרגה פון בעלעטעריסטיק, וואָס איז באַהאַפטן מיט היסטאָריש דענקען און אינדיווידועלער פּילבאַרקייט, איז ראַכמאַן דערגאַנגען אין זיין גרויסער שאַפונג "מיט בלינדע טריט איבער דער ערד". דאָ לאָזט דער מחבר רעדן די יאָרן נאָך דער שואה, "ווען דער מלאך המות האָט שוין פאַרענדיקט זיין אַרבעט" און די אָפּגעראַטעוועטע שטייען אויף פונעם חורבן און פּרוּוון באַנייען זייער לעבן. דער מחבר פורעמט אין דעם בוך אַ מין קאָסמישן חלל פול מיט באַוועגונג, אין וועלכן עס מישן זיך צוזאַמען די לעבעדיקע און די טויטע, דאָס געדאַנקלעכע מיטן וויזועלן, די רעאַליטעט מיט דער פאַנטאַזיע. אָט זענען די רעשטלעך יידן פון בערגען בעלזען און אוישוויץ, און אָט זענען די געפאַנגענע פון יהודה, וואָס זענען פאַרבליבן אין רוים. ווייטע מקומות און ווייטע צייטן דערנענטערן זיך און מישן זיך צוזאַמען. די יידן פון די בונקערס און באַהעלטענישן צוזאַמען מיט די פאַרברענטע קהילות רופן צונויף אַ וועלט־אסיפה, כדי צו מאַכן דעם חשבון פונעם פאָלק מיט דער הריגה און דעם פאַרלענד, נאָך דעם, ווי פאַר זיי האָבן זיך אַנטפּלעקט די מידות פון די פעלקער צווישן וועלכע זיי זענען געזעסן — די גוטע און די שלעכטע.

געננוי ווי קאַפקאַס העלד ק. בלאָנקעט זיך אַרום אינעם דאַזיקן בוך ראַכמאַנס העלד ש. — דאָס איז אַ נאָענט אַי אַ פאַרנעפּלט געשטאַלט, וואָס גייט אַרום אויף די שפּורן פון דער פאַרלוירענער עדה. ש. איז די כוואַליע, איבער וועלכער אַלע ווערן געטראָגן. ער אַליאַרמירט זיי, וואָרנט זיי, זוכט אַ רפואה פאַר זייערע יסורים. ער איז אַ רואה ואינו נראה, טוט אַלץ, ער זאָל נישט געזען ווערן. ווי ק. אין "מעטאַמאָרפאָזע" שפּרייזט ש. מיט בלינדע טריט איבער דער ערד און פילט דעם זון־פאַרגאַנג ווי ער זאָל "שוועבן אין אַ בעט צווישן זייערע קברים. זיין ווילן איז פאַרשטייפט־פאַרגליווערט אין דער פינצטערניש. פון מאָל צו מאָל וויל ער רופן עמעצן, אַ נאָענטן, אָבער אויך דאָס קול איז אין אים צוגעלייגט. יענער האָט אים נישט געהערט. מרחקים טיילן זיי פאַנאַנדער".

ש.ינס געשטאַלט דערשיינט אויך אינעם באַנד דערציילונגען "דער מבול".

"דער מבול" און "מיט בלינדע טריט איבער דער ערד" פאַרמאָגן סורעאַליס־טישע עלעמענטן פון אילוזיע און מיסטיק, אָבער איינצייטיק מאַכן זיי קלאָר־קאָנקרעט געדאַנקען, כדי צו וויסן וואָס איז דער יסוד פונעם ריס צווישן מענטשן און ווי אַזוי קאָמפּליצירט זיך דער פּלאָנטער פון צייטן נישט צום אויפפּלאָנטערן. די דאָזיקע דערציילערישע לייוונט ברענגט די טיף און די הייך פון דער מענטשלעכער וועלט, אירע ווייטיקן און האָפענונגען, אַ וועלט אין וועלכער מיר אַלע הוידען זיך, פאַלן און שטעלן זיך צוריק אויף.

*    *

נישט געקוקט אויף דעם תהומותדיקן אונטערגאַנג אין די יאָרן פון דער שואה, עפנט זיך דאָס האַרץ פון לייב ראַכמאַן אויך פאַר דער פרייד פון דער גבורה פונעם ייד בעת דער אויפלעבונג פונעם פאָלק אין ציון און אין ירושלים. אין זיין דערציילונג ברענגט ער אַרויס נישט בלויז דאָס שלימותדיק־אויספּאַנטאַזירטע שיבת ציון, דעם גאַנצן גילגול־מחילות, צו וועלכן אַלע וועלן זיין שותפים אין דער גרויסער באַנייונג; קודם־כל שטרעבט זיין דערציילונג צו קאָנקרעטיזירן דעם נשמהדיקן תיקון, דער צלם־אלוקים זאָל אים נישט פאַרלאָזן, דאָס געטלעכע זאָל אין אונדז אַלע רוען.

ער פלעגט איבערחזרן פיל מאָל און זאָגן, אַז די דייטשע נאַציס האָבן זיך געמיט נישט בלויז צו הרגענען און פאַרניכטן דאָס יידישע פאָלק נאָר צוזאַמען מיטן יידישן פאָלק אויך פאַרניכטן דעם יידישן גאָט. און אָט — דאָס פאָלק איז דאָ און גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב לעבט אויף אַלע אייביקייטן.

לייב ראַכמאַן דער שרייבער פון טיפע, אויפטרייסלענדיקע דערציילונגען, איז איינער פון אונדזערע גרויסע יידישע שעפער.

*

## פֿון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך . . .

### טריומף פֿון יידישן געזאַנג-ליד

אויפן געזאַנג־פעסטיוואַל פון די אַרבעטער־כאָרן אין לאַנד, וואָס איז פאָרגעקומען דאָס יאָר אין קיבוץ "העוגן" און אין וועלכן ס'האָבן אָנטיילגענומען העכער צוואַנציק כאָראַלע מוזיקאַלישע קאָלעקטיוון, האָט דעם ערשטן פּרייז באַקומען דער יידישער סאַמאַראָוו־כאָר ביים תל־אַביבער אַרבעטער־רינג. (דיריגענט יעקב שטיין, פיאַניסטין באַרבאַראַ מאַלווע).

### טעקסט-בוך פֿאַר יידיש אין די מיטלשולן

בכדי די יידיש־לימודים אין די מיטלשולן זאָלן קענען אָנגיין מיט זייער לערן־פּראָגראַם, ווערט אַרויסגעגעבן אַ טעקסט־בוך וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון ד"ר חוה טורניאַנסקי. דער טעקסט־בוך ווערט אַרויסגעגעבן דורך דעם משרד החינוך והתרבות פון מדינת ישראל.

ווי מען גיט איבער לערנט מען שוין יידיש אין 9 מיטלשולן פון ישראל. לעצטנס האָט מען אָנגעהויבן לערנען יידיש אויך אין דעם פּרעסטיזשפולן "תיכון א' אין תל־אביב.

## חיים תורן

# אַ מענטש — אַ בעל-מדרגה

(וועגן לייב ראַכמאַן ז״ל)

זיין בוך "בדמיך חיי" האָב איך זיינערצייט באַקומען פונעם איבערזעצער, מיין פריינט חנוך קלעי (וואָס איז שוין אויך אין צווישנצייט אַוועק פון אונדז), און געלייענט האָב איך עס מיט פאַרכאַפּטן אָטעם. אין פלוג נישט מער ווי אַ טאָגבוך פון אַ לעבנגעבליבענעם פון דער שואה, געשריבן מיט בלוט פון 17טן פעברואַר 1943 ביזן אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי קיין פוילן סוף זומער 1944. אַ טאָגבוך פון איינעם וואָס דערציילט וועגן פּחדימדיקע איבערלעבענישן — פון אים און פון זיינע מיטמענטשן — פרוי, שוואָגער און יונגע פרוי און חבר, פינף נפשות אין גאַנצן, פינף וועלטן, וואָס האָבן זיך געראַנגלט און געפּרוווט געוואָרן מיט גיהנום־דיקע יסורים אין דער "באַהעלטעניש", וואָס זיי האָבן געפונען אין הויז פון אַ פּוילישן פּויער. אין גרונט גענומען איז דאָס נישט בלויז אַן עדות־בוך פון דער גרויסער און פאַרכטיקער שואה וואָס האָט געטראָפן דעם יידישן פאָלק נאָר פיינע פּראָזע דורכגעדרינגען מיט ליבשאַפט, לייטזעל און רחמים און שורשדיקע אמונה אין גאָט, אינעם לעבן און אינעם מענטש וואָס איז באַשאַפן אין צלם אלוקים. לייענענדיק דאָס בוך וואָס איז אַ ווונדערלעכער צירוף פון געדאַנק און פּאָעזיע, אויסגעשפּראָכענע אַבסערוואַציע־קראַפט, דערציילערישקייט און זעלטענעם שיל־דערן, האָב איך זיך דערמאָנט די פּאָעטישע שורות וואָס יעקב פיכמאַן האָט פאַר־צייכנט וועגן ראָזאַ לוקסעמבורגס בריוו, אין לאה גאָלדבערגס איבערזעצונג: "די דאָקומענטן וואָס זענען נישט קיין פּאָעזיע און זענען מער ווי פּאָעזיע ווייזן, אַז דער גייסט פונעם מענטש איז פיל גרעסער און שטאַרקער פון אַלע דרויסנדיקע לעבנס־אומשטענדן, ווי שווער זיי זאָלן נישט זיין. אַזוי צו באַשיינען דעם אָרום, אַלץ וואָס איז אָפן און וואָס איז פאַרהוילן קען בלויז אַ מענטש וואָס טראָגט מיט זיך די זון פונעם לעבן אין זיין האַרץ און וואָס קיין שום פאַרשקלאַפנדיקער כוח פון דרויסן, קען אויף אים קיין שליטה נישט האָבן" ("דמויות מנצנצות" ז' 22—121).

לאַנגע טעג נאָכן לייענען דאָס בוך האָב איך מיר קיין רו נישט געפונען. יעדעס זייטל האָט מיך אויפגערודערט ביז מיינע נשמה־טיפענישן און אָפּגענומען ביי מיר דעם שלאָף לאַנגע נעכט. וועגן דעם מחבר און זיין לעבן נאָכן אָנשרייבן דאָס בוך, האָב איך גאָרנישט נישט געוווּסט. ביז — אין איינעם אַ טאָג האָב איך

זיך באַגעגנט מיט זיין פריינט דעם איבערזעצער חנוך קלעי און אויף מיין פראַגע צי ער קען דעם מחבר פון "בדמיך חיי" האָט ער אַ שמייכל געטאָן מיט זיין גוטן האַרציקן שמייכל און געענטפערט: "ראַכמאַן וווינט אין ירושלים, ווילט איר אים באַקענען? קומט מאָרגן צוועלף אין קאַפע "אַלאַסקאַ", דאָרט טרעף איך זיך מיט אים". לאָמיר מודה־זיין: איך האָב זיך געשראָקן פאַר דער באַגעגעניש! איך האָב זיך געטראַכט, אַז מסתמא וועל איך דאָ האָבן פאַר זיך אַ מענטש ביי וועמען די איבערלעבענישן, יסורים, פחד און טויט־שרעק וואָס ער האָט געהאַט די גאַנצע צייט פון און נאָך דער שואה, האָבן אים געמאַכט נערוועז, פאַרביטערט, מיט אַ בייזן אויסזען. ערשט אַז איך בין אַריין אין קאַפע, געדריקט די האַנט, בין איך געבליבן דערשטוינט און געמיינט אַז דאָ איז גאָר אַ טעות: דאָס איז נישט דער מענטש וועלכן איך וויל באַקענען. איך געדענק גוט: איך האָב זיך אַוועקגעזעצט און געשוויגן, קיין וואָרט נישט אַרויסגעלאָזט פון מויל. איך האָב זיך צוגעהערט צום געשפרעך וואָס קלעי האָט מיט אים געפירט, אָבער קיין וואָרט נישט באַנומען. איך בין געזעסן און זיך איינגעקוקט אין פנים פון ראַכמאַן וואָס איז כולו איידל, איך האָב זיך צוגעהערט צו זיין זיידן ווייך קול, רויקייט, געלאַסנקייט און דממה־דקהדיקייט, און ס'איז נישט אַראָפּגענומען פון זיינע האַנט־זשעסטיקולאַציעס וואָס האָבן באַגלייט דעם שמועס וואָס האָט מיר אויסגעזען ווי האַנט־באַוועגונגען פון אַ ריש־מתיבתא וואָס איז מסביר זיינע תלמידים־צוהערערס אַ סוגיא אין תלמוד אָדער אין רמב"ם. איך האָב גלייבן נישט געקענט, אַז אָט דער מענטש וואָס איז געווען אין גיהנום, וואָס האָט דעם טויט געזען פאַר זיינע אויגן יעדן טאָג און יעדע שעה און דעם טויטן־טאָל פון זיין פאָלק און פון זיין גאַנצער משפחה, איז געבליבן אַזאַ גאַנצער מענטש, אַ באַלאַנסירטער, מיט אַ גוטן פאַרגעבנדיקן שמייכל אויף די ליפּן און מיט אַזאַ תמימותדיקן בליק, בטחון און אמונה. איך בין בכן נישט איבערראַשט געוואָרן דערנאָך צו הערן, אַז ער פירט אַ שטייגערלעבן פון אַ מאַמין מיטן גאַנצן האַרץ און נשמה, כדת משה וישראל, און היט אָפּ מצוות קלה כחמורה. איך האָב פאַר זיך געזען אַ גאַנצן מענטש און שלימותדיקן ייד וועמענס גאַנץ לעבן איז געקניפּט און געבונדן מיטן "צדיק באמונתו יחיה".

פון יענעם טאָג אָן זענען אָנגעקניפּט געוואָרן צווישן אונדז פריינטשאַפטלעכע באַציונגען. מיר האָבן זיך אָפט באַגעגנט, און תמיד האָב איך ליב געהאַט זיך צוצוהערן צו זיין ציטערדיק־זינגעוודיק קול און צו זיין שמועסן וועגן ענינים פון ליטעראַטור, געזעלשאַפט און פּאָליטיק וואָס איז געווען דורכגעווייקט מיט לעבנס־דערפאַרונג און לעבנס־חכמה, קולטור און חן. מאָדנע: יעדעס מאָל האָט ער זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר אין יענעם טייערן שיין פון אונדזער ערשטער באַגעגעניש; יעדעס מאָל האָט ער זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר ווי אַ בעל־מדרגה און ייד מיט אַלע רמ"ח אברים און שס"ה גידים זיינע, וועמענס שלימות איז נישט פאַרלעצט געוואָרן און זיין

אמונה איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און איז מקיים די צוואה פון זיין פאָטער: "פאַר דיין שטאַרבן האָסטו מיר איינגעפּלאַנצט אין קעפּל די לעצטע וואַרעמקייט פון דיינע הענט; דיינע פינגער האָבן אַריינגעטריפט אין מיר די דורותדיקע ירושה "זאָלסט זיין אַ ייד" ("מיט בלינדע טריט אויף דער ערד", 16). און אַז איך האָב באַקענט פון דער נאָענט זיינע בני־בית — זיין ווייב אסתרל, דעם זון יהושע און טאָכטער, די דיכטערין רבקה־מרים, האָב איך געפילט אַז איך האָב פאַר זיך אַ יידישע משפּחה וואָס איז כולה שלימות און האַרמאָניע, אַ יידישע שטוב מיט אַלע פּרטים און דקדוקים, וואַרעם און פול מיט שטראַלנדיקע ליכט. זייער אָפן הויז און אָפן האַרץ פאַר נאָענטע און ווייטע און הכנסת אורחים פון גאַנצן בני בית, איז געווען אַ שם־דבר אין ירושלים. ווייניקע ווי זיי האָבן מקיים געווען הלכה למעשה די רייד פון די חז״ל: "גדולה הכנסת אורחים מהקבלת פּני השכינה"

מיט צוויי יאָר צוריק, דעם 14טן יולי 1977, איז ביי אונדז אין הויז איינגעאָרדנט געוואָרן מצד דעם פּען־צענטער אין ישראל אַ מסיבה לכבוד אים צום דערשיינען פון זיין בוך "בצעדים סומים על פני האדמה". עטלעכע פּען־קאָלעגן האָבן גערעדט צום לויב פון שרייבער און זיין ווערק. און אַז עס איז געקומען זיין ריי צו ענטפערן זיי, האָט ער אויסגעזען עמאָציאָנירט, מיד. ער האָט נישט גערעדט וועגן דעם בוך נאָר וועגן פּראָצעס פון שאַפן בכלל, וועגן דעם נס פון שאַפן, נישט ווי אַ שרייבער פון דער שואה נאָר שרייבער בכלל. און ווידער האָט ער זיך אַנטפּלעקט, נישט געקוקט אויף זיין צעשטורעמטן געמיט און שוואַכן געזונט, ווי אַ סימבאָל פון געלאַסנקייט, רו און שלווה. ווידער האָב איך זיך איינגעקוקט אין אים פון דער נאָענט און נישט אויפגעהערט צו פרעגן זיך אַליין: האָט טאַקע דער זעלביקער מענטש געשריבן די ברענענדיקע ווי פייער בלעטלעך פון זיין בוך "מיט בלינדע טריט איבער דער ערד"? האָט ער דאָס טאַקע געשריבן דאָס בוך וואָס איז כלומרשט אין גאַנצן טענה צום אויבן און צוזאַמען דערמיט אַ מין שלום־מאַכן מיטן געשעענעם, צידוק הדין און אמונה אַז "הצור תמים פעלו" און "כל דעבד רחמנא לטב עבד" (אַלץ וואָס דער אייבערשטער טוט איז צום גוטן).

דאָס איז דער כוח פון גלויבן וואָס לייטערט די נשמה, דערהייבט דעם גייסט און נעמט אַרום דעם מאַמין אין אַ דין הייטל פון גייסטיקער שלווה און קאַלטבלוטיקייט, כאָטש אין זיינע טיפענישן קומט פאָר אַ גרויסער שטורעם נאָך דעם ווי עס ווערט אים קלאָר, אַז "ער בלייבט איינער אַליין, ער טראָגט זיי אַלע אין זיינע אינגעווייידן, ער מוז אַוועקפירן מיט זיך אין די ווייטקייטן אַריין די לערע פון זייערע טעג, איבערפלאַנצן זייערע אַלע פּנימער אין דער צוקונפט; זיי נאָך אַ מאָל פאַרזעצן" ("מיט בלינדע טריט איבער דער ערד", זייט 163).

בעת איינע פון אונדזערע באַגעגענישן איז דער שמועס אַוועק וועגן דער פּרשה פון דער וואָך ("שמות"). איך האָב אים דערציילט וועגן אַ שיינעם פּירוש

וואָס איך האָב געפונען אויפן פסוק ״ותראהו את הילד והנה נער בוכה״ (ב, ו). נישט ותשמע שטייט נאָר ״ותראהו״. אַ יידיש געוויין, זאָגט רבי שמחה־בונם מפשיסכע איז אַ שטיל, אינעווייניק געוויין. אַ קינד וויינט און דאָס קול הערט זיך נישט, הייסט דאָס אַז ער איז פון די עברים. אַ קינד פון אַן אַנדער פאָלק קען נישט וויינען אָן געוואַלדן און געשרייען, אַ גויִיש קינד וויינט בקולי קולות, בעת דאָס געוויין פון אַ יידיש קינד איז באַשיידן, פון האַרץ־טיפעניש!

האָט ער געהערט מיינע רייד און זיך באַגייסטערט פון דאָזיקן פירוש: ״ריכטיק, אַ גרויסער אמת ליגט אין דעם פירוש״ — האָט ער אַ זאָג געטאָן, איך האָב געפילט ווי ער וואָלט וועלן דערמיט זאָגן דאָס איז דאָך מיין דרך אינעם שרייבן; יעדער עמוד וואָס איך האָב אָנגעשריבן איז דורכגעווייקט מיט טרערן און קרעכצן; אין געהיים וויינט מיין נשמה טאָג און נאַכט אויף די געפאַלענע פון מיין פאָלק וואָס זענען אומגעקומען אין דער גרויסער שואה מיט אַלע מיתות משונות, בעת איך ברענג תמיד אויף אַ שמייכל אויף מיינע ליפּן.

יאָ, דאָס איז דער כוח און אייגנאַרט פון מענטשן בעלי־מדרגות.

*

דערשינען...

### ״אויף דער גרענעץ״ — נייַ בוך פון לייב קורלאַנד

עס איז נישט לאַנג אַרויס פון דרוק, אין פּרץ־פאַרלאַג, תל־אביב, אַ ניי בוך פון שרייבער און דערציילער לייב קורלאַנד (דר. ל. קורלאַנד). אַ זאַמלונג פון דערציילונגען, סקיצן און מיניאַטורן, איינגעטיילט אין זיבן הויפּט־קאַפּיטלען: ״אויף דער גרענעץ״, ״די שכינה״, ״ציון״, ״אין שאָטן פון שעכטהויז״, ״צווישן גאָט און גאָט״, ״גבריאלס ביימעלע״ און ״פייגל־נעסטן״.

די צוויי גרעסטע דערציילונגען זענען: אויף דער גרענעץ״ און ״ברוך״. די ערשטע גיט איבער בעלעטריסטיש די איצטיקעווירקלעכקייט אין אַ גרענעץ־שטעטל אין צפון, און די צווייטע שילדערט דאָס לעבן פון יידישע פישער־דורות אויפן כנרת.

די איבעריקע 96 מיניאַטורן ברענגען בילדער, סיטואַציעס, שפּליטערס, רעפלעקסן, פּאָעטישע רעמיניסצענצן אויפן פאָן פון די ווידעראַנאַנדן צווישן דורות, צווישן עדות, פון די געראַנגלען מיט די אַרומיקע שכנים און מיט זיך אַליין.

דאָס בוך האָלט 296 זייטן און איז רייך אילוסטרירט דורך דעם באַקאַנטן קינסטלער און צייכענער משה קאַגאַן פון קיבוץ שמיר.

## א. שערלעצקי

# לייבל

פאַר מיר, ווי פאַר אַ סך חברים זיינע, שוין אָפּגערעדט פון דער משפחה, איז לייב ראַכמאַן קודם־כל געווען דער האַרציקער מענטש, חבר און פריינד, פשוט: לייבל, וועמענס געשטאַלט לעבט און לייכט אין זייער זכרון. זיין אָנדענק פילט אונדז אָן מיט דאַנקבאַרקייט, און לויב, וואָס ביים דורכמאַכן די שווערע צייטן איז אונדז באַשערט געווען צו האָבן אַזאַ איינעם מיט זיך, אַזאַ מענטש, אַזאַ ייד. איך אַליין, למשל, וואָלט מסתמא איצט נישט עקזיסטירט, ווען נישט ראַכמאַן. און איך בין נישט דער איינציקער.

שטורמיש־ברויזנדיק איז געווען זיין לעבן, ער אַליין האָט דאָס אויף אַזאַ, אַדער אַנדער אופן געשילדערט אין זיינע שאַפונגען — תחילת אין טאָגבוך פון יענע טעג "און אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן", דערנאָך אין דער מגילה פון פיין, ווייַ און נאָכווייַ — "מיט בלינדע טריט אויף דער ערד" — און לסוף איז זיין נאַרוואָס דערשינענעם באַנד דערציילונגען, "דער מבול", וואָס ער האָט נאָך באַוויזן צו זען די ערשטע געבונדענע עקזעמפּליאַרן, איידער ער האָט אויף אייביק געשלאָסן זיינע אויגן. איך מיין אָבער, אַז אַלץ, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין זיין לעבן, איז אַ טעמע פאַר נאָך פיל ווערק, וואָס וועלן שוין קיין מאָל נישט געשריבן ווערן.

איך האָב געבלעטערט אַ ביסל זיינע פּאַפּירן און זיך אָנגעטראָפן אויף פאַר־צייכענונגען און ראשי־פּרקים פון אַ גאַנצער ריי דעַרציילונגען און ראָמאַנען, וואָס ער האָט פּלאַנירט צו שרייבן. אַ שלל מיט ליטעראַרישע פּלענער, וואָס ער האָט געהאָפט צו רעאַליזירן. דאָס איז אויך געווען די סיבה פון זיין פּריצייטיק פאַרלאָזן זיין זשורנאַליסטישע פּרנסה.

אָבער נישט בלויז זיין לעבן, אויך דער טויט זיינער איז אַ טעמע פאַר אַ ליטעראַרישער שאַפונג, אויך זיין אַוועקגאַנג איז ווי אַ לעגענדע.

דער מאָנטיק, ווען ער האָט פאַרלאָזן דעם באַוווּסטזיין און איז גענומען געוואָרן אין שפּיטאָל, פון וואַנען ער איז שוין נישט צוריקגעקומען, איז געווען אַ פילזאָגנ־דיקע דאַטע. דאָס איז געווען ט' אלול, דער טאָג ווען אונדזער שטאָט יידן פון מינסק־מאַזאָוויעצק — איז פאַרגאַזט געוואָרן אין טרעבלינקע. דעם גורל פון דער שטאָט יידן, און פון זיינע נאָענטע, האָט ער נישט אויפגעהערט איבערצופּיבערן

אַלע יאָרן, אַלע טעג פון יאָר, על אחת כמה וכמה אין דאָזיקן טרויעריקן יאָרצייט־טאָג. עטלעכע מינוט פאַר צוויי אַזייגער האָב איך אָנגעקלונגען צו אים מכוח דער אזכרה, וואָס האָט געדאַרפט דעם פאַרנאַכט פאַרקומען, ווי יעדעס יאָר, אויפן הר ציון, אין ״מרתף השואה״.

״איך ליג אַ גאַנצן טאָג אין בעט, כדי איך זאָל קענען גיין צו דער אזכרה״ — האָט ער מיר געזאָגט און צוגעגעבן: ״איך פיל זיך נישט גוט״. פאַרענדיקט האָבן מיר דערמיט, אַז מיר טרעפן זיך אויפן הר־ציון אזייגער 4. אַזוי ליגנדיק אין בעט האָט ער דערנאָך געשמועסט אַ היבש ביסל מיט אַ גרופּע אונדזערע לאַנדסלייט, וואָס זענען צו דער אזכרה געקומען פון תל־אביב און אים באַזוכט, ווייל ער איז מחמת זיין קראַנקייט נישט געקומען דאָס מאָל צו דער אסיפה, וואָס איז אַן אַוונט פריער פאַרגעקומען אין תל־אביב. די לעצטע מענטשן, מיט וועלכע ער האָט געשמועסט זענען געווען זיינע בני־עיר... לסוף האָט ער זיך איבערצייגט, אַז ער קאָן נישט גיין צו דער אזכרה, און האָט זיך געזעגנט מיט זיי. אין מאָמענט ווען זיי זענען אַרויס איז ער אַוועקגעפאַלן. ווען מיר האָבן יענעם פאַרנאַכט געזאָגט ״קדיש״ ביים יזכור־טאָוול נאָך אונדזער קהילה אין ״מרתף השואה״, איז ער שוין געלעגן אין שפּיטאָל אַן באַוווסטזיין, און איז שוין נישט צוריקגעקומען צו אים ביזן אויסהויכן זיין לעצטן אָטעם, דאָנערשטיק אין דער פרי אין דער זעלבער וואָך.

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דעם זעלבן מאָנטיק פאַר טאָג איז ער נאָך אַראָפּ פון בעט און אַוועק אין ״שטיבל״ נישט ווייט פון זיין וווינונג צום ערשטן מנין, כדי צו זאָגן קדיש — זיין לעצטן קדיש נאָך אונדזער חרוב־געוואָרענער קהילה.

איז דאָס נישט סימבאָליש פאַר זיין לעבן? — — — שוין זיין יוגנט איז געווען איינגעהילט אין אַ מין לעגענדע פון אַ פאַרצייטישער מעשה.

זיין פאָטער, דעם הייסן גערער חסיד, פון די שענסטע יידן אין אונדזער שטאָט, ר׳ שמעון ראַכמאַן, האָב איך נישט געקענט. אויך לייבל האָט אים וויניק געדענקט, ווייל זיין טאַטע איז געשטאָרבן, ווען ער, לייבל איז אַלט געווען קוים 5 יאָר. פּערזענלעך, ווי געזאָגט, האָב איך אים טאַקע קיין מאָל נישט געזען, אָבער געהערט וועגן אים האָב איך אַ סך מעשות.

ר׳ שמעון איז געווען דער מוהל. די גאַנצע שטאָט קינדער האָט ער אַריינגעבראַכט בבריתו של אברהם אבינו. יעדער דערוואַקסענער ייד אין שטאָט האָט זיך געריהמט, אַז ר׳ שמעון איז געווען זיין מוהל. אויך פון מיין טאַטן האָב איך דאָס געהערט. ר׳ שמעון איז עוסק געווען אין דעם בלויז לשם מצווה, ווייל ער אַליין איז געווען אַ בעל־פּרנסה, האָט געהאַט אַ געשעפט פון ווייַן און בראַנפן, אַ מאַנאַפּאָל. טאַקע וועגן דעם ״מאַנאַפּאָל״ האָט מען דערציילט אַ מעשה מיט וועלכער די גאַנצע גובערניע האָט אַ מאָל געקלונגען. די קאָנצעסיע האָט ער געהאַט נאָך

פון די צאַרישע צייטן און באַקומען האָט ער זי פון מיליטערישן גובערנאַטאָר אַליין, אַ קרוב פונעם צאַר. אָט דער גובערנאַטאָר האָט אַ מאָל זיך באַקענט מיט שמעון ראַכמאַן און איז אַזוי באַצויבערט געוואָרן פון זיין געשטאַלט און חכמה, אַז ער פלעגט אים אָפט באַזוכן און שפּילן מיט אים שותפות אויף דער לאָטעריע. אַזוי אַ שטיק צייט, ביז עס איז אים מסתמא נמאס געוואָרן און ער האָט אויפגעהערט אַ היבשע צייט צו דעקן זיין חלק. מיט אַ מאָל איז אַרויס דאָס גרויסע געווינס, די צוויי מאָל הונדערט טויזנט זענען אַריינגעפאַלן צו ר׳ שמעונען. דער גובערנאַטאָר, אַ צערודערטער וואָס ער האָט אָפּגעלאָזט דאָס שותפות מיט דעם ייד, איז געקומען צולויפן צו זיין יידישן שותף, קודם־כל — ווי ער האָט געזאָגט — כדי אים צו ווינטשן צו זיין גרויס געווינס און דערביי אויסדריקן זיין באַדויער וואָס ער האָט דאָס שותפות נישט אויסגעהאַלטן. צו זיין גרויס שטוינען האָט אָבער דער ייד אים אויסגעצאָלט תבין ותקילין זיין חלק.

״וואָס הייסט ? — איז דער גובערנאַטאָר געווען איבערראַשט. — כל־זמן איר האָט בפירוש נישט געזאָגט, אַז איר לייזט אויף דאָס שותפות, זענט איר אַ שותף. נישט מער : איר וועט דאַרפן באַצאָלן דעם חוב פאַר דער גאַנצער צייט״. — האָט ר׳ שמעון אויפגעקלערט.

דער גובערנאַטאָר איז געבליבן נבהל ונשתומם. ער האָט זיינע אייגענע אויערן נישט געגלייבט. אומגערעכט אַריינבאַקומען אַזאַ ״מאַטניע״. ער איז גלייך אַוועק קיין מאָסקווע פייערן דעם יום־טוב, בעת ר׳ שמעון האָט געטיילט צדקה אויף רעכטס און לינקס. באַלד דערנאָך האָט דער גובערנאַטאָר צוגעשיקט פון מאָסקווע זיין יידישן שותף אַ מתנה — דעם מאַנאַפּאָל אויף בראַנפן, וואָס איז שפּעטער אָנערקענט געוואָרן דורך דער נייער פּוילישער מאַכט און האָט עקזיסטירט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה אין 1939. עס איז געווען דער איינציקער יידישער בראַנפן־מאַנאַפּאָל אין אונדזער פּאָוויאַט.

ר׳ שמעונס האַנדלונג איז געווען אַ קידוש־השם, וואָס האָט דעמאָלט געהאָלפן אַ סך די יידן אין דער שטאָט, און איז לאַנגע יאָרן געווען די טעמע פון נאָכ־דערציילן פאַרשיידענע מעשיות וועגן דעם כבוד, מיט וועלכן נישט־יידן האָבן זיך צו אים באַצויגן.

ווען לייבל איז געבויר̃ן געוואָרן איז דער טאַטע זיינער שוין געווען אַ בן־שבעים. נאָך אים איז נאָך געבוירן געוואָרן אַ יינגערע שוועסטער. די יינגע אלמנה נאָך ר׳ שמעונען האָט פון דאָזיקן געשעפט געדאַרפט באַשפּייזן נאָך צוויי טעכטער פון ר׳ שמעונס פריערדיק ווייב און אירס אַ זון פון דער ערשטער הייראַט, רבקה־בלומע איז געווען אַ גרויסע צדיקות. ביי איר האָט לייבל געלערנט די מידה פון גוטס טאָן מענטשן. זי האָט געשטאַמט פון אַ גרויסער חסידישער משפחה אין וואַרשע.

לייבל איז געוואַקסן אַן עילוי. זייער פרי איז ער אַוועק לערנען קיין וואַרשע, אין דער תלמוד־תורה "יסודי התורה". פון דאָרט איז ער אַנגעקומען אין פּאַריסאָ־ווער חסידישן הויף אין אָטוואָצק.

דאָס וואָס אַלס ייִנגל איז ער כמעט תמיד געווען אין דער פרעמד, איז געווען די סיבה, וואָס איך האָב אים באַקענט ערשט ווען ער איז שוין געווען אַ 17יעריקער בחור און איך — אַ בר־מצווה־בחורל (43 יאָר זענען זינט דעמאָלט אַוועק). פון דעמלט איז צווישן אונדז אַנשטאַנען אַ פריינטשאַפט און נאָענטקייט, צו וועלכער נאָר דער טויט האָט אַ סוף געמאַכט.

ס'איז געווען קורץ נאָך זיין צוריקקומען אין שטאָט פון "דער וועלט", פון וואַרשע און פון פּאַריסאָווער הויף פון וואַנען ער איז באַזייטיקט געוואָרן אויף אַ באַפעל פון רבי, נאָך דעם ווי ס'זענען צו אים דערגאַנגען מסירות פון די הויף־לייט, אַז עפּעס איז נישט בסדר מיט דעם מינצקער בחורל און חריף, הגם ער האָט שוין באַוויזן אַרויסצובאַקומען אַפילו אַ היתר־הוראה. עס האָט געהייסן אין שטרענג־פרומען הויף, אַז לייבל איז קאַליע געוואָרן און האָט אַ שלעכטע השפּעה אויף אַנדערע בחורים.

ביי אונדז אין שטאָט האָט מען גערעדט נאָך "ערגערס", אַז לייבל איז, לא עלינו, גאָר געוואָרן אַ שרייבער.

טאַקע דאָס לעצטע האָט מיך פּאַראינטריגירט אים צו באַקענען נעענטער. צוציען אים צום ציוניסטישן "מרכז", ווו איך בין שוין דעמאָלט געווען אַ מדריך און אַפילו אַרויסגעלאָזט אַ וואַנט־צייטונג... "ביי אונדז אין שטאָט געפינט זיך אַ שרייבער, איז שייך אים נישט צוצוציען צו אונדזער אַרבעט?"

אין איינעם אַ ווינטערדיקן נאָכמיטאָג, ווען דער פראָסט האָט געקנאַקט אונטער די פיס און דער שניי האָט איינגעהילט די גאַנצע שטאָט, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט אויף יענער זייט טייך, צום פּאַריסאָווער שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען ביים ראַנד פון די יידישע גאַסן. מיר האָבן געמאַכט די ערשטע קאַנטשאַפט, און די זעלבע וואָך זענען מיר אַ גאַנצן אָוונט געזעסן ביי אונדז אין שטוב — אָפּגעשלאָסן אינעם לעצטן חדרל, ביים וואַרעמען קאַפליעס־אויוון. לייבל האָט פאַר מיר געלייענט די ערשטע קאַפּיטלען פון אַ ראָמאַן, וואָס ער האָט געהאַלטן אין מיטן שרייבן. די טעמע — דעם רבינס הויף.

אָט דעם ראָמאַן האָט ער אָנגעשריבן, ווען ער איז אַלט געווען 17—18 יאָר. דער כתב־יד האָט דערנאָך געוואַנדערט צווישן באַקאַנטע יידישע שרייבער, וואָס האָבן אים באַוואָרפן מיט שבחים און געגרייט דאָס בוך אַרויסצוגעבן אין דרוק. דאָס בוך האָט אָבער קיין מאָל די ליכטיקע שיין נישט דערזען, ומעשה שהיה כך היה:

אַז די שמועה וועגן לייבל מינסקערס בוך איז דערגאַנגען צום רבינס הויף

קיין אָטוואָצק, האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל און געשריי. דאָס איז שוין געווען נאָך דער פּטירה פון אַלטן רבין, ווען זיין אָרט האָט פאַרנומען דער ינוקא, און חסידים האָבן געזוכט אַ חיזוק. אין איינעם אַ טאָג איז לייבל אַרויסגערופן געוואָרן צו איינעם פון די חשובסטע טיש־זיצערס, צום אַלטן פּאַלעניצער רב. לייבל האָט זיך גלייך צו אים צוגעשטעלט און אים געפּרוווט אויפקלערן, אַז ער שרייבט נישט, חלילה, קעגן דעם הויף נאָר סתם אַ חסידישע מעשה. דער פּאַלעניצער רב מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד און צוויי קלוגע אויגן האָט גוט געקענט לייבלען און אים געזאָגט מער־ווייניק אַזוי צו זאָגן: "זאָלסט וויסן, אַז יעדער וואָס האָט ווען נישט איז אַנגערירט די קליאַמקע ביי אונדז, מוז ענדיקן מיט תשובה. אַזוי וועט אויך זיין מיט דיר. דאָס איז קלאָר ווי די שיין פון טאָג. ווי באַלד אַזוי, וואָס־זשע דאַרפסטו שפּעטער באַדויערן און האָבן שבירת־הלב ?" — — —

דער אַפּיקורס האָט זיך באַלד געבראָכן אין אים, און ער האָט געגעבן זיין הבטחה. ער האָט דאָס בוך גונז־געווען, הגם ווי אַ שרייבער־אָנפאַנגער, האָט ער געלעכצט, אַז זיין ערשטע בוך זאָל דערזען די שיין.

די לעצטע צוויי יאָר האָט לייבל אַ סך געערעדט וועגן יענעם אין דער מלחמה־פאַרלוירענעם כתב־יד און לסוף באַשלאָסן אויף ס׳ניי שרייבן אַ חסידישן ראָמאַן, נאַטירלעך פון אַ גאַנץ אַנדער קוקווינקל. איין קאַפּיטל פון דעם ניי־פּלאַנירטן בוך האָט ער פאַרעפנטלעכט אין איינעם פון די נומערן פון "ירושלימער אַלמאַנאַך". אין ערשטן אָנוואָרף זענען פון אים פאַרבליבן אויף זיין שרייבטיש נאָך אַ היבש ביסל בלעטער פון דעם נייעם בוך.

דעם ערשטן זומער נאָך אונדזער קאָנטשאַפט האָט לייבל אָנגעהויבן אַרבעטן אין "מאָמענט", פּינקטלעכער אין "מאָמענסט" נאָכמיטאָג־בלאַט "וואַרשעווער ראַדיאָ". דאָרט האָב איך געלייענט כמעט יעדן טאָג זיינע רעפּאָרטאַזשן, באַריכטן, הומאָרעסקעס, בילדער און אויך קורצע דערציילונגען. אַזוי ביזן מלחמה־אויסברוך. די אַלע יאָרן זענען מיר געווען אין כסדרדיקן קאָנטאַקט. מיר פּלעגן זיך באַגעגענען יעדעס מאָל, ווען ער איז אַהיימגעקומען צו זיין מאַמען און שוועסטערס אויף שבת, אָדער יעדעס מאָל, ווען איך בין געקומען קיין וואַרשע. ווען איך האָב אָנגעהויבן סטאַביל אין וואַרשע צו לערנען, פלעגן מיר זיך אָפטער טרעפן, און ער האָט זיין ייִנגערן חבר און בן־עיר מדריך געווען אין הלכות זשורנאַליסטיק, אים אַריינגעפירט אין צייטונגס־וועלטל פון יידישן וואַרשע.

די מלחמה ברעכט אויס. וואַרשע ווערט אויס וואַרשע. מיר זענען ווידער אין אונדזער שטאָט, צונויפגעקלאַמערט מיט אונדזערע חברים און משפחה — אין זאָרג און פּיין. די דייטשן זענען דאָ. לייבל פאָרט ברענגען זיינע זאַכן פון חרוב־געוואָרענעם וואַרשע, זעען וואָס עס מאַכן זיינע חברים און אַרבעטס־קאָלעגן, משפחה. ער קומט צוריק אַ צעשלאָגענער און צעקאָטעוועטער, קיין איין אבר

נישט גאַנץ. דייטשן האָבן אים צעשלאָגן אויפֿן "דוואָרזשעץ ווסכאָדני", אַז ער איז קוים אַ לעבעדיקער אַהיימגעקומען. וואָכן ליגט ער אין געהאַקטע ווונדן, ביז ער שטעלט זיך אויף די פֿיס.

ווידער גייען טעג און וואָכן. איין צרה יאָגט די צווייטע. מ'כאַפּט צו דער אַרבעט. עס ברעכט אויס אַ מגפֿה פֿון טיפֿוס. לייבל איז צווישן אירע ערשטע קרבנות. ער באַווייזט קוים אַרויס פֿון דער מחלה, ווי עס טשעפּעט זיך צו אים צו אַ צולאָג — אַ שרעקלעכער אַבצעס אויפֿן פּוס, וואָס מען מוז אָפּערירן. חדשים ליגט ער צו בעט, אָבער איז פֿול מיט מעשים. ער פֿאַרטראָגט נישט קיין עוולות און העלפֿט מענטשן, חברים. ברענגט צוזאַמען אין געהיים יוגנט. לאָזט נישט פֿאַר־צווייפֿלען, פֿלאַנצט בטחון, אָבער לאָזט דערביי נישט איינשלאָפֿן, נישט צו זען די געפֿאַרן.

אַ געוואַלדיקע אינטואיציע האָט ער פֿאַרמאָגט. ער האָט פֿאַרויסגעזען זאַכן מיט אַ מאָדנער פּינקטלעכקייט. ווי באַלד איר ווילט, רופֿט עס רוח הקודש. אין דעם אָוונט פֿאַרן אומברענגען די שטאָט יידן האָט לייבל פֿאַר זיינע חברים אין געטאָ געשילדערט אין מוראדיקע פֿאַרבן, וואָס אונדז דערוואַרט שוין מאָרגן, איבערמאָרגן, בעת אַנדערע האָבן געזייט אילוזיעס. דאָס זעלבע אויך שפּעטער, ווען די שטאָט יידן איז שוין געהאַט אומגעקומען אין טרעבלינקע און מיר, די רעשטלעך, — עטלעכע הונדערט נפֿשות — זענען נאָך געזעסן אין די פֿאַרבלי־בענע אַרבעטס־לאַגערן, וואָס די דייטשן האָבן ציטווייליק געהאַלטן, כדי די יידן פֿון די באַהעלטענישן און וועלדער אַהין צו פֿאַרנאַרן. לייבל איז געווען מיט זיין פֿרוי אין אַ לאַגער אין צווייטן עק שטאָט. איך — אינעם צענטראַלן מיליטערישן לאַגער פֿון דער "קאָפּערניק"־שולע. אין די לאַנגע האַרבסט־אָוונטן האָט ער איינגעשטעלט דאָס לעבן, אַרויסגעגנבעט זיך פֿון זיין לאַגער און געקומען אין "קאָפּערניק". דאָ האָבן זיך די אַרבעטער געהאַלטן פֿאַר מיוחסים. זיך איינגערעדט, אַז נישט זיי מיינט מען. לייבל שלאָגט זיי דאָס אַרויס פֿון קאָפּ, נאַטירלעך בלויז ביי די וואָס ווילן אים הערן.

בעת איינעם אַזאַ באַזוך פֿאַרטרויט ער מיר דעם סוד פֿון באַהעלטעניש. געווען דעמאָלט אַ צייט, ווען קיינער האָט נישט געטראַכט וועגן עמעצן אַנדערש נאָר וועגן זיך. אַנטלויפֿן, זיך באַהאַלטן, זיך ראַטעווען. פֿון דער צווייטער זייט איז דער לאַגער געווען פֿול מיט אַזעלכע, וואָס זענען צוריקגעקומען פֿון באַהעלטענישן ביי גויים אדם נאַקעט, באַרויבט פֿון זייערע לעצטע פּרוטות.

איך האָב אויף קיין רגע נישט גענומען ערנסט לייבלס פּלענער צו באַהאַלטן זיך — און זיך בלויז מיט אים צעקושט, ווינטשנדיק איין זאַך: זיך נאָך צו זען. געגלייבט אין דעם, אַז מיר וועלן זיך נאָך זען, האָב איך דעמאָלט קיין רגע נישט.

דאָס ווייטערדיקע פֿאַרשפּאַר איך דערציילן — הרי זה כתוב, דאָס איז דאָך

פאַרשריבן אין זיין טאָגבוך פון באַהעלטעניש "און אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן" וואָס ער האָט געשריבן און פאַרצייכנט, נישט וויסנדיק וואָס עס וועט דערפון ווערן. ערשט נאָך דער באַפרייונג עס צוגעגרייט צום דרוק.

נאָך דער באַפרייונג איז לייבל געפּרוּווט געוואָרן מיט אַ נייער מחלה, וואָס האָט זיך נאָך אָנגעהויבן אין באַהעלטעניש. אין לאָדזש האָבן דאָקטוירים אים אָפּגעזאָגט דאָס לעבן מיט באַדויער: נישטאָ וואָס צו מאַכן. "וואָס, דווקא איצט, נאָך דעם אַרויסגיין אויף דער פריי? — ניין נישט ביי לייבלען" — האָט ער זיך געבונטעוועט קעגן דעם גורל און אָנגעהויבן אַ פאַרביסענעם געראַנגל מיטן מלאך־המוות און אים לסוף בייגעקומען.

דריי יאָר איז ער געלעגן אין אַ גיפּסן־בעטל אין די שווייצאַרישע בערג, דאָרט אויף ס'ניי דורכגעפּיבערט דעם גאַנצן גרויל פון דער צייט. ער איז לסוף אַרויס אַ געזונטער, אַ פרייליכער, אַ האָפערדיקער. קומט קיין פּאַריז, גיט אַרויס זיין בוך, און פון דאָרט קיין ישראל, הייבט אָן אַרבעטן אין ראַדיאָ, זעצט פאָר שרייבן זיינע פּראָזע־אַרטיקלען אין "פאָרווערטס", בויט אויף אַ משפּחה, אַ שטוב, אַ היים אין ירושלים. איין זאַך האָב איך תמיד באַוואונדערט אין מיין חבר לייבל, ווו נעמט ער אַזוי פיל כוח און אַזאַ יכולת אויפצונעמען מענטשן און זיי העלפן מיט ראַט און טאַט; ווו נעמט ער אַזוי פיל הכנסת אורחים־האַרציקייט און ליבשאַפט, איבערגעגעבנקייט און מסירת נפש? — — —

איבער פערציק יאָר נאָענטע חברשאַפט און מער ווי אַ העלפט דערפון משפּחה־דיקע קרובהשאַפט — טוט אַזוי באַנג זיין פריצייטיקער טויט, הגם — ווי עס האָט שוין עמעצער באַמערקט — איז דאָך אויף דעם מענטש אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ טויט־אורטייל פון לאַנג, לאַנג.

נאָך דער לעצטער קראַנקייט זיינער, מיט זיבן יאָר צוריק, האָט ער באַוויזן נישט בלויז צוריקקערן צום געזונט, נאָר אַפילו אַרויסגעבן זיינע צוויי לעצטע ביכער. אויך דאָס מאָל זענען מיר אַלע געווען זיכער: לייבל וועט גובר־זיין. מיר האָבן אומזיסט געהאָפט.

איך האָב פריער געזאָגט אַז לייבל האָט געהאַט אַ געוואַלדיקע אינטויציע. אויף דעם טויט האָט ער, דאַכט זיך, דאָס מאָל פאַרויסגעזען. די לעצטע חדשים, ווען ער איז געוואָרן אַלץ שוואַכער און שוואַכער, האָט ער אויך נישט איין מאָל אים דערמאָנט, דעם טויט. אָבער ווי תמיד, ווען עס איז אים באַפאַלן אַן אומעט — אָט דעם אומפאַרבעסערלעכן אָפּטימיסט, בעל בטחון און בעל אמונה — האָט ער דעם וואָלקן גלייך צעטריבן, וויניקסטנס כלפּי חוץ פאַר די מענטשן אַרום, מיט אַ גוט חסידיש וואָרט, מיט אַ משל, מיט אַ גוטן וויץ און שאַרפן זאָג, און דער עיקר מיט הומאָר. ער האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן חוש פאַר הומאָר (באַזונדערס, ווען ער האָט געקיביצט דעם שוואָגער זיינעם, דער מחבר פון אָט דער אַרטיקל).

אין איינעם אַזאַ מאָמענט האָט ער מיר ציטירט אַ ליד פון משה נאַדיר מיטן נאָמען ״איך און משה־לייב״ (משה לייב האַלפּערין), וועלכער איז אגב געווען זיין באַליבטער דיכטער. מיטן ציטירן די פּאָר שורות — טוען מיר פּאַקטיש נאָך לייבלען, ווי ער פּלעגט זיך נוהג זיין אין די טרויעריקסטע סיטואַציעס צו פּאַרזיסן דאָס געמיט מיט עפּעס וואָס — אויב נישט מיט טרייסט, ווייניקסטנס מיט אַנטשפּאַנונג דורך גאַלגן־הומאָר:

משה לייב וויל נישט שטאַרבן אין זלאָטשעוו,
איך וויל נישט שטאַרבן אין ערגעץ.
מען וועט מוזן שטאַרבן, משה לייב,
אין זלאָטשעוו אָדער ערגעץ.

די שעה וועט קומען, וועט אויסגיין
די זון אין אונדזערע אויגן —
כאָטש מיר האָבן צו פיינע פידלען,
אַזוינע פיינע בויגן.

דאָס וועט זיין, מיין ליבער חבר,
דער שטילער סוף פון אונדזביידן,
דער זעלבער סוף, משה לייב,
וואָס פון מיין זיידן, און דיין זיידן.

מ׳וועט לאָזן שטיין די זון
און אַלע ליכטיקע מוידן,
און מ׳וועט מוזן אַזוי גוט זיין
און צומאַכן די אויגן.

*

## דוד ספּאַרד

# דער שטאָלצער פּאַלמע-בוים

דער שטאָלצער פּאַלמע-בוים,
וואָס באַוועגט זיך קוים אין ווינט — — —
אין מיר ער וואַקסט אַצינד,
אין מיר ער בליט,
ווי אין מײַן קינדער-טרוים.

אויף אים איך שרײַב מײַן ליד
פֿון יאָרן פּײַן,
פֿון יאָרן בייז
און רגע׳ס שײַן
און כ׳ווייס — —
ס׳וועט זײַן פֿאַרהיט,
ס׳וועט זײַן באַוואַכט,
ס׳וועט דער ווינט עס דאָ דערציילן
יעדן טאָג און יעדע נאַכט
אין די שעהען שטילע
אויף די בערג און אין די היילן,
ווי אַ תּפֿילה.

# ווי אַ בליץ אין פלי

יעדע פֿרוכט צײַטיקט אויפֿן בוים
און די שטראַלן פֿון דער זון,
און די ווינטן פֿונעם רוים
גיסן זי מיט זאַפֿטן אָן
און מיט קאָליר.

מײַן ליד צײַטיקט טיף אין מיר
און מײַן האַרץ און מוח
פֿילן עס מיט ליכט אָן און מיט כּוח,
עס זאָל נאָך אָנגעשטרענגטער מי
אַ שײַן טאָן ווי אַ בליץ אין פֿלי,
ווי אַ בלאָנדזשענדיקער שטערן,
און אין דער אייביקייט פֿאַרפֿאַלן ווערן.

## עמעלע

אין איינער אַזאַ נאַכט,
ווען אין די הימלען
אַלע שטערן דרימלען
און נאָר דער העלסטער וואַכט,
איז געשען דאָס וווּנדער.

אַ זײַדן ווינטל האָט צו אַלע קינדער
אַ מיידעלע געבראַכט
פֿון דעם גאָרטן פֿון די בלומען — —
אַ ראָזענקע און פּוכלע ווי אַ זעמעלע
און געגעבן דעם אַ נאָמען — —
עמעלע.

האָבן אַלע קינדער פֿאַרן גאַסט
אַ לידעלע פֿאַרפֿאַסט:
עמעלע, זעמעלע, זאַס,
אייגעלעך בלאָ ווי דער ים,
הערעלעך בלאָנדינקע-בלאַס
און ס׳נעזל אַ ביבעלע בלויז...
וויינט עס — רעגנט אין גאַס.
לאַכט עס — ליכטיקט אין הויז.

און אַלע צוזאַמען
מיטן טאַטן און דער מאַמען
מיט דער באָבען און דעם זיידן
און מיט דעם ברודערל דעם שיינעם
האָבן עס אין נחת און אין פֿריידן
דאָס לידעלע געזונגען אין דער הויך,
און מיט אַלע זיי אין איינעם
עמעלע אויך.

## יידל מיטן פידל...

יידל מיטן פֿידל,
בערל מיטן באַס — — —
ס׳איז געווען אַ מאָל אַ ייִדיש לידל,
וואָס מען האָט געזונגען אומעטום
אויפֿן מיטן גאַס.
איצטער זענען אַלע גאַסן שטום
און די זינגער זענען מער נישטאָ — —
פֿאַרצוקט האָט זיי אַ חיה-רעה,
אַ פֿינצטערער תהום
האָט זיי פֿאַרשלונגען.
בלויז קלאַנגען איינצלנע אַצינד
נאָך בלאָנדזשען אום אין ווינט
און דערמאָנען קוים,
אַז ס׳איז געווען אַ מאָל אַ ייִדיש לידל,
וואָס אַלע האָבן עס געזונגען
אויפֿן מיטן גאַס — — —
יידל מיטן פֿידל,
בערל מיטן באַס...

## כוואַליעס

אײַנגערעמט אין לויכטנדיקער הימלראַם,
כוואַליעס ברויזנדיקע וואַנדערן
אויפֿן בלאָען ים
און יאָגן זיך און יאָגן
איינער נאָך דער אַנדערער,
איינער נאָך דער אַנדערער
און אויף די רוקנס שטאָלענע
עטרות זילבערנע זיי טראָגן,
ווי דורך אַ קינסטלער-האַנט געמאָלענע.

זיץ איך אַ פֿאַרחלומטער בײַם ברעג
און זע, ווי מײַנע טעג
אין שיפֿעלעך פֿון וואָרט
מיט די כוואַליעס וואַנדערן
איינער נאָך דעם אַנדערן,
איינער נאָך דעם אַנדערן,
צו אַן אויסטערלישער ווײַט,
וואָס איז אויסער אָרט
און אויסער צײַט.

## די נאַכט איז פול מיט שרעק

די נאַכט איז פֿול מיט שרעק.
אויף דעם שוואַרצן לוח אירן
פֿאַרשרײַבט אַ האַנט די זינד פֿון טעג,
וואָס צו אומקום פֿירן.

און אין ערב-נעפל פֿון באַגינען
קלאָגט די שכינה
ווי אַ מאָל נאָך אין דער פֿרעמד
אויף דעם יִדיש-וואָרט,
וואָס איז פֿאַרשעמט.

ערשט מיט קאַיאָר
קומט די טרייסט.
און כ'ווייס,
אַז ס'איז אַצינד
אויף יעדן אָרט
די זעלבע וואָר — —
פֿול מיט גבורה און מיט זינד,
הייליק און פֿאַרדאָרבן.

ווײַל זינט דער אמת איז געשטאָרבן
אין יענער בייזער שעה,
איז קיין אמת מער
אין ערגעץ שוין נישטאָ.

## שפּאַצירן אין דער נאַכט

פֿון דער אייביקייט, וווּ זיי רוען,
קומען זיי אויף מײַן פֿאַרבעטן
יעדן אָוונט מיך באַגלייטן
אויף די אײַנזאַמע שפּאַצירן
און שמועסן מיט מיר פֿירן
ביז די שפּעטסטע שעהען.

מיר טוען דעמלט אַלע גרענעצן אַריבערשפּאַנען,
וואָס טיילן אונדז פֿונאַנדער,
און לאָזן זיך אין וואַנדער
איבער וועגן אומבאַקאַנטע,
פֿון קיינעם נישט געאַנטע,
וואָס זענען נישט פֿאַראַנען.

און בײדע וועלטן
מיר באַהעפֿטן דאַן אין איינעם,
זיי זאָלן לעבן צווישן זיך בשלום,

ווי וואָר און חלום,
ווי גנאָד און זינד — — —
און אַז די נאַכט פֿאַרשווינדט
בלײַב איך ווידער אויפֿן וועג
פֿון די יאָגנדיקע טעג — —
מיט קיינעם.

## ליכט

פּראָפ׳. חנן זאוברמן

האָסט אַראָפּגענומען דעם באַנדאַזש —
און מיט אַ מאָל
איז אין אַלע קאָרידאָרן פֿון שפּיטאָל
געוואָרן ליכט.
כ׳האָב דערזען אויף דער וואַר
מײַן פֿרויס אומרויק געזיכט,
און הינטער איר אין שויב —
דעם אַלטן חומש-טאָל,
די באַקאַנטע בערגלעך פֿון תנך
אין נעפּלדיקן פֿיאָלעט פֿאַרקליידט
און בײַ זייער ראַנד —
זומערדיקע פֿרייד
פֿון בלומען און פֿון ביימער
און צײַטן ווײַטע און געהיימע,
וואָס זענען מער שוין נישט פֿאַראַנען —
און כ׳האָב פֿאַרשטאַנען:
דאָס האָט דײַן געבענטשטע האַנט
מיר אומגעקערט
די שיינקייטן פֿון לאַנד,
די ברכה פֿון דער ערד.

# דיכטער דוד ספאַרד

צום באַקומען די הײַיאַריקע סובווענץ פֿון שמואל און רבקה הורביץ-פֿאָנד.

אַרײַנפֿיר-וואָרט פֿון ד״ר י.ח. בילעצקי:

פּרץ הירשביין שרײַבט אין זײַן בוך: ״אין גאַנג פֿון לעבן״:

״גאַנץ אָפּט שטייט פֿאַר מיר דאָס בילד פֿון אַן עפּל־סאַד, וואָס אין אַ שטורעם־נאַכט האָט דער ווינט אַראָפּגעפּליקט די עפּל און זיי צעשלײדערט אַרום די ביימער. ווען איך בין אין דער פרי אַרײַן אין סאַד און דערזען אויף דער גראָזיקער ערד די אָנגעשלײדערטע עפּל, האָט מיר אויסגעוויזן, אַז די עפּל ליגן פֿאַרבענקטע, וואַרטן אויף דעם נס, די צווײַגן זאָלן זיך אַראָפּבייגן ביז צום גראָז און זיי צוריק צו זיך אַרויפֿנעמען״.

אַזוי זעט מיר אויס אונדזער יידיש וואָרט — אַן עפּל־סאַד נאָך אַ שטורעם־נאַכט. און אויב אָפּילו דער נס גייט ווייטער אָן, קוקן מיר אויף די אַראָפּגעפּליקטע עפּל מיט אַ טרער אין אויג, מיט ווײַ אין האַרץ. און אויב אָפּילו מיר קענען ניט אויסשפּרייטן הינטער די פּיס פֿון אונדזער יידיש־יצירה אַ גין־גאָלדענעם טעפּיך מיט אַ סך האָפֿענונגען באַזוימט, פֿרייען מיר זיך בצוותא, אַז מיר קענען אויפֿנעמען אַ נײַעם קול פֿון אַ דיכטער, אַן איידעלן, צאַרטן און זויבערן וואָרט אין ליד, אין קלאַנג, אין געזאַנג. דאָס קול ריזלט אין אַלע אונדזערע אברים און פֿאַרשטומט אַ ביסל דאָס ביטערניש און געוויין אין אונדזער רמ״ח און שס״ה...

אַנדערסען נעקסע דערציילט אין זײַן אויטאָביאָגראַפֿיע וועגן דעם הויף, ווו ער האָט פֿאַרבראַכט זײַן קינדהייט. דאָס איז געווען איינע פֿון יענע גרויסשטאָטישע הויפֿן, ווו עס איז קיין ברעקל גרינס ניטאָ, ווו די קינדער שפּילן זיך לעם די מיסטקאַסטנס. און אָט איין מאָל, ווען דער קליינינקער נעקסע האָט אַרויסגעקוקט פֿון בוידעם־שטיבל, ווו זײַנע עלטערן האָבן געוווינט, האָט ער אין דער דאַך־רינע דערזען אַ וווּנדער — אַ גרין שפּראָצל, דער ווינט האָט אין רינע פֿאַרטראָגן אַ ביסל ערד; דער ווינט האָט אין דער ערד פֿאַרטראָגן אַ קערנדל פֿון אַ געוויקס און עס איז געשען אַ וווּנדער: אין אַ וויסטן הויז האָט אַרויסגעשפּראָצט עפּעס לעבעדיקס.

ווען איך קום אויף אַ יידיש־חגיגה זע איך אַ גרין שפּראָצל, אַ קערנדל פֿון אַ געוויקס, אַ לעבעדיקן זאָמען, אַ ניגון, וואָס מישט נײַע בלעטער. אַלע בייזע חלומות ווערן צערונען, אַלע חכמים־מומחים, וועלכע שטייען אויף די קאַטעדרעס און זענען

מחבר דעם קדיש אויף יידיש, ווערן קליין אין מיינע אויגן, ווי מילבן, אַ סך געלערנטע טעאָרעטיקער, וועלכע פלאַפּלען דברים בטלים, זעען אויס ווי קאַרליקעס. מיין ברכי נפשי שושקעט מיר אַריין אין אויער: הללויה: — ביזט ווידער אַ פונק. און אפשר — ביזטו ווידער אַ פלאַם.

אין דב סדנס ספר: ״בין שאילה לקנין״ האָב איך געלייענט, אַז ר׳ ישראלטשע רוזשינער פלעגט אַלע שבועות דערציילן אַ מעשה פון אַ יידן אין קראָקע און פון אַן עלטסטן אין פראָג, וואָס בײדע האָבן זיי געהאַט אַ גלייכן חלום: דעם יידן פון קראָקע האָט זיך געחלומט, ער זאָל פאָרן קיין פראָג און זאָל אויסגראָבן אַן אוצר וואָס ליגט דאָרט באַגראָבן אונטער דער קייסערלעכער בריק; דעם עלטסטן פון פראָג האָט זיך געחלומט, ער זאָל פאָרן קיין קראָקע און אויסגראָבן אַן אוצר, וואָס ליגט דאָרט באַגראָבן אונטערן אויוון ביים יידן אין שטוב. די מעשה, וואָס האָט זיך געצויגן איבער די שעהען פון דעם יום־טובדיקן טיש און וואָס האָט יעדעס יאָר באַקומען אַן אַנדער אויספּוץ און אַנדערע געמעלן, האָט אַלע מאָל געהאַט דעם אייגענעם אויספיר: צו וואָס־זשע גיין זוכן אין דער ווייטער פרעמד, וואָס מ׳האָט בשפע אין דער היים. אוצרות זאָל מען נישט גראָבן אין דער פרעמד, נאָר אין אייגענעם האָב און גוטס.

היינט אין ירושלים איז אויף אונדזער פעלד פייכט דער טוי, און דאָס גראָז צעגרינט. טראָגן די קאַלטע ווינטן. מיר גראָבן אין אונדזער עשירותדיקן דלות און אין אונדזער דלותדיקער עשירות און ריידן וועגן דוד ספאָרד.

די זשורי פון ליטעראַטור־פאָנד א.נ. פון ד״ר שמואל און רבקה הורביץ ז״ל ביי דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים רעקאָמענדירט מיט פרייד די הייאָריקע סובווענץ, אַרויסצוגעבן אַ יידיש בוך, צוטיילן דעם דיכטער דוד ספאַרד פאַרן כתב־יד פון זיין בוך פּאָעזיע ״שפּאַצירן אין דער נאַכט״.

אינעם היינטיקן יאָר — 1979 — ווערט אַ האַלבער יאָרהונדערט זינט עס איז דערשינען ספאַרדס ערשטע לידער־זאַמלונג מיטן נאָמען ״שטאַפּלען״. זינט דעמאָלט און נאָך פריער, איז דער שרייבער געגאַנגען פון שטאַפּל צו שטאַפּל און האָט פאַרנומען אַ פּירנדיקע פּאָזיציע אין דער ייִנגער יידישער ליטעראַטור־שאַפונג אין פאַרמלחמהדיקן פוילן, ווי איינער פון די געשטאַלטן פון טלאָמאַצקע 13, און אַזוי אינעם נאָכמלחמהדיקן פוילן, באַזונדערס, ווען ער איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דער קולטור־טוּאונג פון די, וואָס האָבן געגלייבט אין אַ מעגלעכקייט צו באַנייען יידישע קולטור־שאַפונג און יידיש־לעבן אויף די חורבות.

אַלוזייטיק און אַרומנעמיק איז דער שאַפערישער וועג פון דוד ספאַרד. נישט בלויז פּאָעט, אויך אויפן געביט פון פּראָזע האָט ער געשאַפן (דאָס בוך דערציילונגען ״וועגן צעגייען זיך״ א.א.). אָבער באַזונדערס איז זיין ביישטייער אויפן געביט פון ליטעראַטור־קריטיק געוועזן גרויס (ביכער: ״שרייבער און ווערק״, ״שטודיעס

און שקיצן" א.א.). צו דעם אַלעם קומט נאָך צו זיין אַרבעט ווי אַ רעדאַקטאָר פונעם חודש-זשורנאַל "יידישע שריפטן" און פון פאַרלאַג "יידיש בוך" וואָס האָט אונטער זיין רעדאַקציע (על פּי רוב אויך מיט זיינע אַריינפירן) אַרויסגעגעבן 400 בענדער.

דוד ספאַרד שטאַמט פון אַ רבנישער סביבה, ווי אַ בן הרב און אייניקל פון רביים, האָט ער באַקומען אַ טיף-יידישע דערציונג. שפּעטער האָט ער ממשיך געווען אין אַ העברעיש-פוילישער גימנאַזיע און זיינע ערשטע לידער אָנגעהויבן דעמאָלט שרייבן אין העברעיש. ער האָט שטודירט אין וואַרשע און דעם פילאָזאָפיע-דאָקטאָראַט געמאַכט אויפן אוניווערזיטעט פון נאַנסי, פראַנקרייך. ווי אַ סך פון זיין דור — מיטגעריסן געוואָרן מיט די ראַדיקאַלע אידעען אויף דער יידישער גאַס. געווען נאָענט צום יידישן קאָמוניזם, אָבער נישט תמיד אים בלינד נאָכגעלאָפן און לסוף אים פאַרלאָזט און זיך אין אים אַנטוישט, ווי ער זאָגט עדות אין איינע פון זיינע אני-מאמין-לידער: "פון אייגענעם ווילן" —

"די פרעמדע און פיינטלעכע שטראָמען
פון אַלע קאָליריקע סדומען,
פאַרטוישט כ'האָב אויף אייגענע וויכערס
אין לאַנד ווו אייביקע שיין איז" — — —

נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה, ווען אין פוילן האָט זיך צעפלאַקערט דער קאָמוניסטישער אַנטיסעמיטיזם האָט דוד ספאַרד מיט זיין משפחה פאַרלאָזט וואַרשע צוזאַמען מיט נאָך טויזנטער יידן, איבעררייסנדיק מיטן "דאָרטן" —

"דאָרטן איז דער סיר הבשר אפשר פולער
און די ווינטן פאַשען זיך אין רו,
נאָר אין יעדער פרעמדער גאולה
איז באַהאַלטן, ווי אַ שלאַנג, אַ בייזע שעה.

עס איז איצט געוואָרן צען יאָר זינט דוד ספאַרד מיט זיין משפחה האָט זיך באַזעצט אין ישראל און אָנגעהויבן אַ ניי ליד צו זינגען, הגם ישראל-מאָטיוון אין זיין שאַפונג זענען שוין צו מערקן נאָך זיין ערשטן באַזוך אין לאַנד, אין די ערשטע זעכציקער יאָרן. אין זיין ליד צום זון זיינעם זינגט ספאַרד ביים אָנקומען אין לאַנד אַריין —

"מיט מי מיט אייגענער אויף זאַמדן
האָבן ברידער אויפגעשטעלט אַ שטאָט
מיט גערטנער און מיט גראָזן

צו קאָנען תמיד זיכער לאַנדן
ווען מע ווערט געיאָגט,
און נישט צעלויפן זיך ווי האָזן — —
אַווו געגעכטיקט, נישט געטאָגט.

דוד ספּאַרד האָט אין זיין דיכטונג דערפילט פעסטן באָדן פון אמתדיקן היימ־לאַנד, דאָס לאַנד פון יידישער דורותדיקייט, די „אייגנערד" —

„— — — דעמאָלט בלויז אויף אייגנערד
וועקן אויף זיך אין זכרון
אַלע דורות פון די פריערדיקע יאָרן
ווי די אַלטע וואָרצלען אין דער פרילינגדיקער ערד,
און דערמאָנען אונדז: אַלע צייטן
מיט דער צייט זיך בייטן
און בלויז די אייגנערד אַליין
טראָגט אַלע שטורעמס אויס
און בלייבט אויף אייביק שטיין".

לירישע השתפכות, חשבון הנפש פון יחיד, אָבער אויך פון יידישן כלל אין אונדזער דור הילכן אָפּ אין ספּאַרדס באַנד נייע לידער, געשריבן אין די צען יאָר פון זיין לעבן אין ירושלים. פון דאַנען די באַזונדערע חשיבות פונעם דאָזיקן ווערק, וואָס איז חוץ פּערזענלעכע איבערלעבונג אויך איבערלעבונג פונעם דור. „שפּאַצירן אין דער נאַכט" איז אַ פּאָעטישער דאָקומענט פון אונדזער תקופה און אַן אויסדרוק פון אונדזער צייט, ווען די נאַציאָנאַלע דערקענטעניש איז געוואָרן די נחלה פונעם גאַנצן פאָלק, ווי דאָס ווערט איינפאַך אויסגעדריקט אינעם ליד „מדינה" —

„מדינה מיינט אַ סוף צום וואַנדערן,
מיינט אַ היימלאַנד ווי ביי אַנדערע,
מיט נעכטנס און מיט מאָרגנס,
מיט פריידן און מיט זאָרגן,
מיט אַ יחוס־בריוו פון אבות,
און נישט ווי ביז אַצינד — —
היימען אויף קאַטאַוועס
געבויטע אויפן ווינט.

מדינה מיינט אַ היימלאַנד ווי ביי אַלע,
ווו מען דאַרף נישט כּורעים פאַלן

פאַר יעדן פרעמדן שמייכל,
פאַר יעדער פרעמדער פאַן.
נאָר אַלע מאָל מען קאָן
צו טיפן אייגענע דערגרייכן,
צו אייגענע באַזינטע הייכן — —
און נישט פאַר יעדן רשע
מיט אייגענעם געזיכט זיך שעמען,
מיט אייגענעם באַליבטן לשון
מיט אייגענע באַליבטע נעמען.

על כל אלה — האָט די זשורי פון די ליטעראַטור־פאָנד א.ב. פון ד״ר שמואל און רבקה הורביץ ז״ל ביי דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים איינשטימיק באַשלאָסן צוצוטיילן די הייייאָריקע סובווענץ, אַרויסצוגעבן אַ יידיש בוך — צום דיכטער דוד ספאַרד.

די רשימה פון די זשורי־מיטגלידער:

1) פאָרזיצער: ד״ר י.ח. בילעצקי; 2) פּרופ׳ וואַלערשטיין; 3) יצחק הרכבי; 4) יעקב ניומאַן; 5) אפרים שעדלעצקי; 6) הרב צבי תבורי; 7) סעקרעטאַר: דוד ברעסלאַו.



## רחל בוימוואָל

# דאָס לעבעדיקע לעבן

### די גוטע רגע

מאַך מיך ניט אומגליקלעך מיט דײַן שווײַגן!
מאַך מיך ניט אומגליקלעך מיט דײַן דאגהן!
לאָמיר אָנהאַלטן זיך אָן דער גוטער רגע,
ווײַל די גוטע רגע וועט פֿאַרבײַגיין.

ס׳איז די רגע ווי אַ זומער-רעגן.
מיט אַ מילדן שמייכל זי באַגעגן.
זי איז דאָך פֿאַר אונדזער ביידנס וועגן! —
שטעל זשע זיך דער רגע ניט אַנטקעגן.

זעסט, מע קאָן זי אויסציִען אַפֿילו!
אויב ס׳וועט גאָט דערהערן אונדזער תּפֿילה,
קאָן מען זי צעציִען אין אַ לעבן,
וואָס איין איינציק מאָל איז נאָר געגעבן —
אויף צו טאָן אַ שווינדל פֿאַר די אויגן,
און אין אַ רגע ווערן ווײַט פֿאַרפֿלויגן . . .

## וועגן וועלן געפעלן

אַ מענטש מעג וועלן געפֿעלן.
געפֿעלן הייסט — גוט זײַן און שיין.
דער מענטש זאָל געפֿעלן ניט וועלן,
וואָלט ער דאָך אַלץ טאָן דיר אין ביין, —

ווי איינער וואָס זאָגט: אײַך געפֿעלט ניט,
איז דאַרף מען ניט! האָב איך אַ זאָרג...
ער רעכנט זיך גאָר מיט דער וועלט ניט.
זי איז פֿאַר אים טויט ווי אַ מאָרג.

נאָר אייניקע ווילן געפֿעלן
און נאַרן בעת מעשה אונדז אָפּ.
זיי ווײַזן אַ שמייכל אַ העלן
כּדי אונדז פֿאַרדרייען דעם קאָפּ.

זיי מאַכן זיך איבערגעגעבן
און באַלבעז אַ סך מיט דער צונג,
נאָר זיי וועלן קיין מאָל ניט געבן
דעם דורשטיקן — וואַסער אַ טרונק.

פֿאַראַן אויך אַזעלכע וואָס האַלטן,
אַז וועלן געפֿעלן איז קרום.
זיי האַלטן די גוטסקייט באַהאַלטן,
פֿאַרכמורעטע גייען זיי אום.

זיי זאָלן אַ וואָרט דיר כאָטש זאָגן,
אַ לאַך טאָן, אַ שמייכל טאָן מילד —
ס'איז שווער אַזאַ גוטסקייט פֿאַרטראָגן.
אַ גוטסקייט אַזאַ מין איז ווילד.

געפֿעלן, געשמעלן — מיר וועלן
מיט אײַך זיך דאָ דינגען ניט שטעלן.
אַ מענטש, ער מעג וועלן געפֿעלן,
נאָר האָבן מיט וואָס צו געפֿעלן!

## געדיכט

אַ ליד איז אַ געדיכט.
נאָר אָפֿט מאָל איז עס ניט געדיכט, נאָר שיטער.

אויב ס׳פֿאַלט אויף דעם די ליכט,
איז טאַקע זייער ביטער.
דו זעסט אַ וואָרט,
און נאָך אַ וואָרט,
און צווישן זיי אַזוי פֿיל אָרט
פֿאַרוואַקסענע מיט ווילדגראָז!
כ׳בין אפֿשר ניט גערעכט, נאָר כ׳מיין, —
איך פֿיל דאָס! —
אַז אַלץ, וואָס שיטער, איז ניט שיין:
שיטערע ציין,
שיטערע האָר,
שיטערע לידער —
דאָס אַלץ דעם מענטשן איז דערווידער.
ווי פֿאַרן שניט דאָס פֿעלד, אַזוי געדיכט
דאַרף זײַן בײַם דיכטער דאָס געדיכט.

*

— נאָט אײַך מײַן ליד! —
נאָר ס׳וויל קיינער ניט נעמען.
דער שכן הייבט פֿאַרוואונדערט די ברעמען,
דער בריוון-טרעגער מאַכט זיך ניט הערן,
דער קלייטניק חשבנט און קנייטשט דעם שטערן.
נאָר דאָס קינד אויף דער גאַס נעמט מײַן בויגן
און קנייטשט פֿון אים אויס אַ פּאַפּירענעם פֿויגל.
פֿליט אַוועק מײַן ליד מיטן ווינט,
קוקן מיר נאָך — איך און דאָס קינד.

רופֿט די מאַמע דאָס קינד אירס עסן.
האָט ער וועגן דעם פֿויגל פֿאַרגעסן...
הייב איך אויף און גלײַך אויס דעם בויגן,
און זאָג צו מײַן ליד: גענוג געפֿלויגן!
קום אַ היים צו מיר אויפֿן טיש.
זעסט דאָך, אַז ס׳דאַרף דיך קיינער נישט...

## די האַרפּע

מיר׳ן מער ניט שפּילן אויף דער האַרפּע.
מיר׳ן מער די האַרפּע ניט באַדאַרפֿן.
וועט זי מיט איר ווינקל מיט איר שאַרפֿן
אויפֿן וואַנט אַ גרויען שאָטן וואַרפֿן . . .

ווי אַ פֿליגל פֿון אַ ריזן-פֿויגל,
וועט די האַרפּע שטיין אונדז פֿאַר די אויגן.

אָבער מיר, מיר וועלן מער ניט שפּילן.
בלויז אַ ווינטל אין אַן אָוונט אין אַ קילן
וועט אויף איר אַ גרימפּל טאָן אַ שטילן. —
וועלן מיר די אַלטע פֿרייד דערפֿילן,
וועלן מיר די אַלטע פּײַן דערפֿילן.

## עפּעס פעלט . . .

ווען וועל איך ווערן רײַפֿער און געזעצטער!
כאָטש נעם און פּלאַץ . . .
מײַן רויסטער בוך איז אַלע מאָל — דער לעצטער,
וואָס ליגט אין זאַץ.

און אַלע מאָל די אייגענע געשיכטע,
דער זעלבער חטא:
עס פֿאַלט מיר אײַן אין בוך עפּעס פֿאַרריכטן,
נאָר ס׳איז שוין שפּעט . . .

וואָס זאָל איך טאָן, אַזאַ איז שוין מײַן גורל
אויף אָט דער וועלט!
אין אנגסטן ווערט דאָס לידערבוך געבוירן.
נאָר שטענדיק עפּעס פֿעלט . . .

# דאָס לעבעדיקע לעבן

כ׳בין שטענדיק גרייט אַוועקלייגן דעם בלײַער.
דאָס לעבעדיקע לעבן איז מיר מערער טײַער
פֿון מײַן ליד.
דאָס לעבן מיך פֿאַרשיט
מיט פֿאַרבן און מיט טענער...
עס קומט אַרײַן אָט דער, אָט יענער,
און יעדער טראָגט אין זיך אַ וועלט
און אַלץ מיט עפּעס מיר געפֿעלט,
און אַלץ מיט עפּעס רעגט מיך,
און איינער לערנט מיך,
דער צווייטער פֿרעגט מיך,
דער דריטער גייט אַרויס מיט שטילע טריט, —
איך זאָל זיך נעמען ווידער צו מײַן ליד.

*

דו ווערסט לאַכן... ניין, דו ווערסט ניט לאַכן,
ווען איך וועל דערציילן דיר אַ סוד,
ווײַל עס טרעפֿן זיך אַזעלכע זאַכן
אויך געוויס מיט דיר אויף יעדן טראָט. —

גייסט אַזוי אין טראַכטעניש פֿאַרזונקען,
טוסט דעם בליק אַפֿילו ניט קיין הויב, —
פּלוצים שיטן זיך, דערזעסטו, פֿונקען
פֿון אַן איינפֿאַך גלעזל אינעם שטויב.

צי אַ זונען-העזל טוט אַ פֿינטל
און אַ שטיפֿערישן שפּרינג אויף דיר,
צי סע מאַכט זיך דיר אין וועג אַ הינטל,
וואָס באַגלייט דיך ביז דער סאַמער טיר —

אַלץ, וואָס איז אין דיר פֿאַרגרויט, פֿאַרראָסטעט,
אין דער רגע אויסגעשײַערט ווערט.

פֿון אַזאַ מין קלייניקייט אַ פּראָסטער
ביסטו גרייט אַראָפּשלינגען אַ טרער.

## די פּריין

אשר שוואַרצמאַנען געווידמעט

דו קוק זיך אום צוריק און שטוין:
ביז לעצטער שעה און פֿון געבוירן —
אַזאַ איז אונדזער גורל שוין —
דער שונא בײַ די טויערן!

פֿון ערשטן בית-המיקדש אָן
אויף צײַטן אייביקע געשווירן —
ס׳זאָל זײַן די שווערד, די שפּיז — אַ פֿאָן,
ווען ס׳שטייט דער שונא בײַ די טויערן.

פֿאַר יעדן פֿאָלק, פֿאַר יעדן לאַנד
מיר האָבן אונדזער בלוט פֿאַרגאָסן.
נאָר פֿאַר דעם זיגער, ווי אַ האַנט,
האָט טיר און טויער צוגעשלאָסן.

איצט איז מען ווידער אין דער היים,
אויף אונדזער ערד דער גאָלדיק-ברוינער,
וואָס איז מיט גרענעצן באַזיימט
בײַ אַלע טויערן — דער שונא.

נאָר יעדן מאָל געבוירן ווערט
און הערט ניט אויף זיך צו פֿאַרמערן
אַ יונגער זינגער אויף אַ פֿערד,
וואָס ביז דער לעצטער קויל זיך ווערט
עס זאָל דער מאָרגן אונדז געהערן.

און אָשר שוואַרצמאַנס אויף דער שוועל
ווי מורדים טוּען זיך אַ שטעל
מיט אַנגעצילטן וואָפּן.
און זייער האָפֿן לויכט זיך העל
אין זינגעוודיקע סטראָפֿן.
און אייביק, אייביק איז דער קרײַז
פֿון וואַגן און פֿון זיגן.
נאָר זייער טײַער איז די פּרײַז.
אַ, גרויסער גאָט, דעם וועג מיר ווײַז,
דעם וועג מיר ווײַז — אַ נס באַווײַז —
אַ פּיצל אָרט אין אָט דעם קרײַז
פֿאַר אָט דער פּרײַז צו קריגן.

*

**ישעיהו שפּיגל — חתן פּרס ראש הממשלה פֿאַר 1979**

דינסטיק, דעם 9טן אָקטאָבער איז אין בית שלום עליכם אין תל אביב פֿאָרגעקומען די פֿײַערונג פֿון צוטיילן דעם פּרס ראש הממשלה פֿאַר 1979 דעם יידישן פּראָזאיקער און פּאָעט ישעיהו שפּיגל. נאָך דער דערעפֿענונגס־רעדע פֿון פֿאָרזיצער פֿון קאָמיטעט פֿאַר יידישער קולטור אין ישראל יצחק קאָרן האָט שמעון קאַנץ געלייענט די מאָטיוון פֿון דער זשורי, אונטערשטרייכנדיק, אַז אין דער פּראָזע ווי אויך אין דער פּאָעזיע פֿון י. שפּיגל איז פֿאַראַן ״יענע טראַגישע שליחות, וואָס דער שרייבער האָט אויף זיך גענומען אויסצושרייען דעם גרויליקן אומקום פֿון מיליאָנען״.

די באַגריסונג פֿונעם ראש הממשלה צום חתן הפּרס לייענט יצחק קאָרן.

אין נאָמען פֿון העברעישן שרייבערפֿאַראיין באַגריסט דער שרייבער א.ב. יפה.

דער דיכטער יצחק יאַנאַסאָוויטש וועלכער באַגריסט אין נאָמען פֿון פֿאַראיין פֿון יידישע שרייבערס אין ישראל באַצייכנט דעם פּרעמירטן שרייבער אַלס ״גרויסער עדות־זאָגער און פֿאַראייביקער״. ישעיהו שפּיגל, זאָגט יאַנאַסאָוויטש, איז געווען איינער פֿון די סאַמע ערשטע, וואָס האָט אונדז אַנטפּלעקט דעם חורבן אויף אַזאַ אופֿן, אַז אויך די וואָס ״אין טרעבלינקע זענען זיי נישט געווען״ האָבן דערפֿילט, געזען און פֿאַרשטאַנען, וואָס דער דאָזיקער גרויל באַדייט.

איינדרוקספֿול איז געווען דאָס ענטפֿער־וואָרט פֿון חתן פּרס ראש הממשלה ישעיהו שפּיגל.

די רעדאַקציע און מיטאַרבעטער פֿון ״ירושלימער אַלמאַנאַך״ באַגריסן דעם יידישן שרייבער ישעיהו שפּיגל מיט אָט דער בכבודיקער פּרעמיע.

דב סדן

# וועגן וועלוול שאַר — דעם פינף-און-ניינציקער



ליבער און טייערער וועלוול שאַר,

א) אַוודאי, פינף־און־ניינציק יאָר, קיין עין הרע, זענען אַ היפּשע דאַטע, און עס איז טאַקע נישט ווייט פון די הונדערט, און פון דאָרט פירט שוין דער שטראָז גלייך צו די הונדערט־און־צוואַנציק, וואָס איז דער שפּיץ פון אונדזערע ווינשאָוואַניעס. נו, כדי צו מאַכן אַזאַ שפּרייז, ווי איר האָט אים שוין דורכגעמאַכט און זיין המשך, וואָס איר גרייט זיך דורכצומאַכן, דאַרף מען, וואָס איר האָט, און ווער, בסיעתא דשמיא, ווייטער האָבן — מזל, און דאָס יתרות איז, וואָס איר האָט צום מזל — שכל. דאָס איז דער שכל אויסצופּלאַסטערן דעם לאַנגן וועג — מיט מעשים

טובים, וואָס זענען, בעצם, אַ קייט פון אַ קיום מצווה, מיצוות־הלב — נאָכקומען אייער ליבשאַפט צו יידישע ספרים און סופרים און זיין, אויב מען מעג איבערטראָגן מקודש לחול — אַ מין זבולון לגבי דעם שבט יששכר.

ב) איך האָב געזאָגט: ספרים און סופרים, ווייל כדי צו באַטראַכטן, וואָס און ווי אַזוי איר האָט אויפגעטאָן — געגוג אַ קוק דערלאַנגען אין ר' אַלכס ראַבינ'ס אָפשאַץ וועגן אייך (״חשבון״) — כדי צו פאַרשטיין, אַז איר האָט אַ סך שכל צו אייער פּאַרציע מזל, און שכל באַשטייט אין אַ נישט־אַנגענומענעם, ווייל ממש פאַרקערטן פאַרטייל פון אייערע הכנסות — דאָס רוב קרן גייט פאַר סופרים און ספרים, און אַ מעשר פאַר אייך גופא. וואָס שייך דעם סדר: ספרים און סופרים, איז פאַקטיש אַ פאַרקערטער: סופרים און ספרים. האָט דאָך שוין לודוויג בערנע, אָפשאַצנדיק זשאַן פּאָול, אַזוי געזאָגט: ״דער גאַסט דער בלען פאַרגעסט דעם קינסטלער מחמת זיין שאַפונג. אמת, ווי אַ דאַנקעוודיקער פאַרדינט אַ שבח ווער עס דערציילט וועגן גוטס, פון וועלכן ער האָט נהנה געווען, אָבער דער דאַנקעוודיקסטער איז יענער, וואָס פאַרגעסט דאָס גוטס און געדענקט בלויז אירע טוערס״. איך האָב מיך שוין אַ מאָל מיט דעם ציטאַט באַנוצט, כדי אויסצובריייען, אַז עס ווייזט זיך מיר אויס ווי אַ געזונטע דערשיינונג, אויב עס באַווייזט זיך אַ רעאַקציע קעגן דער געוווינונג, וואָס איז געוואָרן אַ מין צווייטע נאַטור, צו זען בלויז די שאַפונג און נישט אויך דעם שאַפער, און איך בין אַפילו אַזוי ווייט געגאַנגען, אַז איך האָב געזאָגט, דאָס עס וועט ניט שאַטן אַז מיר וועלן עפּעס איבערטרייבן, לויט דער שיטה פון אויסדרייען דעם שטעקן, ווייל סוף־סוף איז אויך דער שאַפער אַ גרויסער ממש, וואָס אָן אים קען דאָך קיין שאַפונג ניט זיין (זע אין מיין בוך ״אבני בדק״, תשכ״ב, ז' 205).

ג) ווען איך האָב דעם געדאַנק מיט פּערציק יאָר צוריק (געגוי י״ז אלול תרצ״ט) אַרויסגעזאָגט, האָב איך נישט געוווסט, אַז עס איז אייערס אַ הלכה למעשה: נישט בלויז נישט פאַרגעסן דעם שאַפער און געדענקען בלויז זיין שאַפונג, נאָר בפירוש געדענקען דעם שאַפער לטובת זיין שאַפונג. געגוג צו באַטראַכטן, וואָס איר האָט אויפגעטאָן פאַר למד שפּיראַ, וואָס עלנט און אַלקאָהאָל האָבן אים געפרעסן, און אָפּגעראַטעוועט די מעגלעכקייט פון זיין שאַפן, כדי צו פאַרשטיין ווי אַזוי עס האָט זיך ביי אייך געפּאָרט, און פּאָרט זיך עד היום אייער ליבשאַפט צום געשאַפענעם אויך בדרך דאַנק, און ממשדיקער דאַנק, פאַר זיין שאַפער.

ד) צו מיין באַדויערן קענען מיר זיך נישט פּנים אל פּנים, נאָר דף אל דף — ווען איך בין געווען צוליב מיין לעקציע אָן אייניציקן אָוונט אין לאָס אַנדזשעלעס, האָב איך ניט אוספּעיעט אייך צו זען, כדי מקיים צו זיין דעם זאָג: עס איז בעסער איין שמועס פון מויל צו מויל, איידער טויזנט פאַרמעטן פון שלמה המלך, און דאָס האָט זיך אויך איבערגעחזרט ביי אייער ניינציק־יאָריקן יובל, וואָס מען האָט גע־

פראָוועט אין תל־אביב, און מיין באַגריס, וואָס מען האָט דאָרט פירגעלייענט, איז געווען נישט בעל־פה, נאָר דף אל דף.

ה) וועגן אייער באַזוך דאָ, מיט יאָרן פריער (1964), האָב איך נישט געוווּסט, אָבער ווען איך האָב געלייענט דערוועגן אין איציק מאַנגערס בריוו צו יצחק פּאַנער, האָב איך אַרייַנגעקלערט, אין זיינע ווערטער וועגן אייך: ״איך האָב דיר שוין געשריבן — זאָגט ער דאָרט — אַז אין ישראל געפינט זיך איצט אונדזער אַ גוטער פריינד, ווילי שאָר, פון לאָס אַנדזשעלעס — גיב זיך אָפּ מיט אים, וויפל דו קענסט. ער איז אַן 80־יאָריקער ייד, האָט שווער געאַרבעט דאָס גאַנצע לעבן, ער איז נישט דער גביר, וואָס ער האָט ליב צו שפּילן. ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט. גיב אַכטונג אויף אים. לאָז אים עס ניט צעטרענצלען. בעלנים וועט ער געפינען גענוג, וואָס זאָלן וועלן אויף זיין חשבון אַ הוליע טאָן. זע, דערלאָז עס נישט. קענסט אים ווייזן אַפילו דעם בריוו. טו מיר די געפעליקייט און געניאָן״ (״שטריכן צום פּאָרטרעט פון איציק מאַנגער״, תשל״ו, ז׳ 150). מעגלעך אַז מאַנגערס כאַראַקטעריסטיק פון אייך האָט אַ האַפּט, אָבער נאָך מעגלעכער איז, אַז עס טרעפט צו, אייך צו לענגערע יאָר, אַ פאַרגלייך צו מיין טאַטן, ר׳ חיים צבי הכהן עליו השלום, וואָס איז שוין לאַנג נישט געווען אַ גביר, ווי מען האָט אים פריער געהאַלטן. אָבער אַזוי ווי ער האָט זיך נוהג געווען, וואָס שייך צדקה געבן ווי אַלע יאָרן, האָט ער זיך געקויפט אַ נאָך שענערן פּעלץ, ווי ער האָט פריער געטראָגן, אַז די מקבלים זאָלן זיך נישט קווענקלען, מקבל צו זיין, און אַז ער האָט עס מיר, שוין זייענדיק הי, דערציילט, האָט ער געזאָגט, אַזוי האָט ער פאַרשטאַנען ווי אָרום דער חכם מכל אדם האָט געקענט זאָגן: ריש ועושר אל תתן לי, טייטש: אָרעמקייט און רייכקייט זאָלסטו מיר נישט געבן, ווייל אַזאַ סתירה קען טאַקע געמאָלט זיין. ״דען וואָס שייך מיינע באַדערפעניש — האָט ער מיר געזאָגט — בין איך טאַקע אַן אָרעמאַן. אָבער וואָס שייך דער צדקה, וואָס איך גיב, בין איך אַן עושר״. און איך זאָג לגבי אייך, אויפן סמך פון אייערע בריוו און אייער צוואה, ווו עס מיניען זיך ערנצט און איראָניע.

ו) איך האָב גערעדט וועגן מזל צו האָבן צום מזל — שכל, און איך וויל אונטערשטרייכן, אַז איינער פון אייערע שכל־אַנטפּלעקן איז וואָס איר האָט אייער זאָרג אויסגעברייט אויך לגבי מדינת ישראל, און דאָס זאָג איך מחמת דעם, וואָס איך האַלט, אַז מער ווי אַן אַנדער אָרט אויף דער וועלט וועט דאָ וואַקסן די פאַרשטענדעניש און דער באַצי צו אַלע אונדזערע היסטאָרישע קולטור־ווערטן, אַזוי אַז די זאָרג פאַר זייער טאָטאַליטעט וועט במילא אויך אַרומנעמען יידיש. איך ווייס גוט דעם חילוק צווישן אונדז — פאַר אייך איז יידיש, שפּראַך און ליטעראַטור, דער עיקר, פאַר מיר איז עס אַן עיקר, און איך האָב שוין דעריבער אַ סך געשריבן, און וויל מיך איצט בלויז באַנוגענען, איבערחזרנדיק דעם כלל, וואָס איך האָב

אויסגעבוילט אין מיין בריוו צו אייער ניינציק־יאָריקן יובל: אומעטום איז גוט, אָבער אין דער היים — אַמבעסטן. און דערלויבט מיר איבערחזרן מיין אַרגומענטאַציע אַזוי צו זאָגן:

אמת, דער ערשטער טייל פון זאָג איז נישט אַזוי אַקוראַט, ווייל ווי אַרום קענען מיר, יידן, זאָגן, אַז אומעטום איז גוט, דערפאַר אָבער איז דער אַנדער טייל פון זאָג אמת ויציב. ווי פלעגט דאָס מיין באָבע, מרת יאַניע עליה השלום, זאָגן: דער חילוק פון אַ מאַמע און אַ מומע איז אין פלוג נישט אַזוי גרויס — דאָ איז אַ וואָוו, און דאָ איז אַן אלף, אָבער דער חילוק אין די נקודות איז גרויס — אַ מלאפום (= שורוק) ווערט אויסגערעדט מיט אַ כמעט פאַרמאַכטן מויל, און אַ פתח ווערט אויסגערעדט מיט אַ בפירוש אָפן מויל. יאָ, נישט אומזיסט האָט מען אַ שטיפמאַמע גערופן מומע, און ווען מען האָט גערופן די מומע, ווייסן מיר דאָך פון קינדערווייז אויף. זעגט איר דאָך, ביי יעדן באַזוך אייערן דאָ, געזעסן ביי דער מאַמען און געזען ווי עס ווימלט אַרום איר — סאַמע יידן, טאַקע יידן, בלויז יידן. רק יידן, יידן, יידן. צרות — יידישע צרות, נחת — יידישער נחת.

ז) דאָנומלט האָט ר׳ חנא שמערוק אָפּגעפונען אַן אומבאַקאַנטן נוסח־ספרל ״דרך תמים״, זשאָלקיוו, תפ״ג — דאָרט ווערט געבראַכט אַ באַקאַנטער מאָטיוו אין אַ זייער חנוודיקן, היימישן נוסח — עס איז אַ מעשה מיט אַ יידן, וואָס האָט געהאַט צו שאַפן איבער די אוצרות פונעם תוגר, האָבן זיינע שונאים אָנטקעגנגעטראָגן אַ בלבול, אַז ער איז דעם תוגר נישט געטריי — אַ סימן האָט ער, זאָל ער אים נאָר פרעגן, וויפל געלט ער האָט, וועט ער זאָגן קוים אַ צענטל פון דעם, וואָס ער פאַרמאָגט ממש, וכך הווה — ער האָט געזאָגט: פופציק טויזנט גילדן, כאָטש ער האָט געהאַט צען מאָל אַזוי פיל. האָט אים דער תוגר געשיקט צום קאַלעך־מייסטער מיט אַ בריוו, ווו ער פאַרלאַנגט אַז מען זאָל דעם בריוו־ברענגער תיכף אַריינוואַרפן אין קאַלעך־אויוון. איז אָבער אויפן וועג אונטערגעקומען אַ ייד, וואָס האָט אונדזער יידן פאַרבעטן אַז ער זאָל זיין קינד מל זיין. האָט אונדזער ייד געבעטן אַ גרויסן שר, ער זאָל דעם בריוו איבערגעבן. יענער איז אַוועק מיטן בריוו צום קאַלעך־מייסטער, וואָס האָט אים תיכף אַריינגעוואָרפן אין קאַלעך־אויוון. אַז דער תוגר האָט זיך דערפון דערוווסט, האָט ער געשטוינט אויף דעם נס און האָט דעם יידן זיינעם געפרעגט, פאַרוואָס האָט ער אים אָפּגענאַרט מכוח דער גרויס פון זיין פאַרמעג. האָט דער ייד געענטפערט: (איך ברענג דעם אָריגינעלן אויסלייג): ״אדוני מלך, דאש איז וואר (= וואָר) דז איך האָב צעהן מאָל אַזוי פיל געלט, נור דאָס איז ניט מיין, איך וויש (ווייס) ניט, אוב עש וועט בלייבן בייא מיר אונ ווען עש ווערט יוא בלייבן בייא מיר ווען דיא צייט וועט קומן — מוז איך פון אַלים גוטן אַוועק גיין אונ ווי אַלץ הינטער מיר לאָזן. — אבר די פופציג טויזנט גילדן די זיינען איביג (אייביק) מיין אויף דער וועלט אונ אויף יענער וועלט, דען איך האָב זיא אוועק־

געגעבן ארמלייט אין צדקה. דאָס קען איך קיין מאָל אַן ווערן אונ אויף יענעם עולם האָב איך עש צו גניסן —" ("עלי ספר", ו'—ז', תשל"ט, ז' 127).

ח) דער משל און נמשל זענען קלאָר, אָבער כדי זיי זאָלן זיך באמת פּאַסן, מוז מען איבערדרייען די פּראָפּאָרציע — דעם רוב פון אייער פאַרמעגן וואָס איז נישט אין אייער רשות, ווייל איר האָט עס דאָך אָוועקגעגעבן פאַר דעם וואָס איז אייך אָמליבסטן — פאַר יידישע ליטעראַטור, ספרים און סופרים, און אויפטוען פאַר זיי און אַרום זיי, אָבער דווקא דאָס קען אייך קיינער ניט צונעמען, בשעת דער טייל פון אייער פאַרמעג וואָס איז אין אייער רשות, און דאַרף אייך באַזאָרגן מיט אַ דאַך און אַ טיש, איז אַ כמות מבוטלת לגבי דעם וואָס איז באמת אייערס, און איז צו קליין, עמעץ זאָל עס ווען צונעמען. לויט דעם משל זענט איר דער נמשל — אַ דוגמה פון אַ חכם, וואָס ווייסט וואָס ער וויל און טוט ווי אַזוי ער וויל. זאָל אייך באַשערט זיין מאריך ימים זיין — ביי אונדז אין דאַרף זענען געווען דריי זקנים וואָס זענען אַריבער די הונדערט, דער מלמד און חזן ר' יאָסל לינדנטיי, דער עלטסטער כהן ר' הענעכל באָלער און סתם אַ זקן, ר' מעכעלע שאַפּיראָ, פלעגט מען יעדן פון זיי בענטשן: איר זאָלט מאַריכער ימים זיין, בענטש איך אייך טאַקע אַזוי.

**בכבוד ובחיבה,**

**דב סדן**

ירושלים, אב תשל"ט.

*

# די לעצטע פּאָר ווערטער פון ווילליִ שאָר

זעט מיינע ליבע פריינט, אַז דער אָרון זאָל זיין אָפּגעדעקט, כדי איר זאָלט זען ווי איך ליג ווי אַ פריץ מיט אַ שמייכל אויף מיין פּנים: פּטור געוואָרן פון מיינע אַרטרייטיס און אַנדערע אַנשיקעניִשן; איך גיי אַוועק פון אייך אַ צופרידענער, זאַט מיט יאָרן; אָפּגעשפּאָרט אַ סך פריינט, געטאָן מיין חוב צו מיינע מיטמענטשן און אויך צו דער יידישער ליטעראַטור. איז וואָס נאָך דאַרף אַ מענטש דערוואַרטן אין לעבן!

אָבער פון דעסט וועגן, איילט זיך ניט צו קומען אויף יענער וועלט, זייט בעסער געזונט נאָך אַ סך יאָרן, ווייל דער לעבן אויף יענער וועלט ווי איך שטעל זיך עס פאָר, איז זייער אַן אומעטיקער: קיין ביכער לייענט מען ניט, יעדער איינער וויל וואָס נעענטער זיין לעבן דעם אייבערשטן, עס הערשט אויך דאָרטן, מיין איך, שינאה און קינאה, פּונקט ווי דאָ, מען פירט ליבעס, און עס פליען פייערדיקע פונקען פון אייפערזוכט, מען פליט אַרום און מען ווייס ניט אויף וואָס פאַר אַ וועלט מען איז.

איז אַנשטאָט שבחים לייענט בעסער אַ סאָנעט פון י.י. שוואַרץ:

דאָס ביסל האָניק אויפן שפּיץ פון שטעקן,
וואָס איז אין לעבן דיר געווען באַשערט —
איז זיס געווען צום גומען, ס׳האָט די ערד,
אַ ליכטיקע, אַ פריידיקע געטאָן זיך שטרעקן,
און האַרץ און אויג געהאַלטן אין איין וועקן,
געגעבן אַלץ דיר וואָס דו האָסט באַגערט.
און אויב אַפילו ביסט אַ מאָל געווען באַשווערט,
האָט ווידער אויסגעלייטערט זיך ווי נאָך אַ רעגן.
פון ביסל האָניק איז איצט גאַל געוואָרן,
געבליבן בלויז דער שטעקן. מענטש, דו מענטש,
זיי דאַנקבאַר פאַרן ביסל גוטס פון יאָרן,
וואָס עס האָט די ערד געגעבן דיר, און בענטש.
ס׳קומט אויפגאַנג מיט פאַרגאַנג פון מוטערס טראַכט.
זיי רויִק ביים געזעגעניש.
אַ גוטע נאַכט!...

צום סוף, אָנטשולדיקט פאַר איבערלאָזן אַזאַ קליינע סומע פאַר אַלע אינסטיטוציעס כ׳האָב פשוט ניט געהאַט מער...
אָקטאָבער 2, 1965.

**וויללי שאַר**

## פון ״ירושלימער אַלמאַנאַך״ און פון די יידישע שרייבער

טייערער פריינד וויללי שאַר, אפשר האָט עס געהאַט אַ זינען אָנצושרייבן ״די לעצטע פאַר ווערטער״ אין יאָר 1965... אָבער איצט איז דאָס לגמרי פריצייטיק; איצט, ווען איר ווערט שוין, ב״ה, אַ פינף־און־ניינציקער (די העכסטע פּראָבע!) איז צו וואָס דאָס איילעניש? איר וועט חלילה פאַרשפּעטיקן נאָך די הונדערט און צוואַנציק? ס׳איז דאָך פאַרבליבן אַ קלייניקייט; וואָס מאַכן אויס פאַר אַזאַ גייסטיקן גיבור, ווי איר זייט, נאָך וועלכע ס׳איז 25 יאָרעלעך?...

ווינטשן מיר אייך טאַקע, אונדזער ליבער וויללי שאַר, געזונט און איר זאָלט מאַריכער ימים זיין לטובות אונדזער יידיש לשון און יידישער קולטור.

רעדאַקציע פון ״ירושלימער אַלמאַנאַך״
יידישע שרייבער־גרופּע אין ירושלים.

*

## אַ פּרעמיע פאַר דער שרייבערין נינאַ טענענבוים-בעקער

פאַר דעם בוך ״מרדכי טענענבוים־טאַמאַראָף״, אַרויסגעגעבן דורך פאַרלאַג ״ניי לעבן״, האָט די פאַרשערין פון דער שואה — נינאַ טענענבוים־בעקער באַקומען אַ פּרעמיע. וואָס איז עטאַבלירט געוואָרן דורך ״יד ושם״ בשותפות מיט דעם וועלט־פאַרבאַנד און דער ישראלדיקער אָרגאַניזאַציע פון פאַרטיזאַנער, געטאָ־קעמפער און קאַצעטלער, ווי אויך מיט דער קופּת־חולים פון דער הסתדרות און מיט דער לאַנדסמאַנשאַפט פון ווילנע און סביבה.

אַסיאַ

# נייע לידער

## וועטערן

ניט פּאַזימקעס האָבן
די פּאַזימקע-ליפּן געחלומט,
נאָר ברויט.
אין ווײַסער פֿאַרווייטער ווײַט,
ווען אײַנגעשטעלט האָבן זיך וועטערן
לינדערן דעם הונגער מיט דאָרשט,
ביסטו געשען ווי אַ נס.
האָסט אַ מעת-לעת
מיט מיר ניט געטיילט,
נאָר באַלד מיר געשאָנקען
יאָרן קוואַליקע פֿרייד.
פֿולע געפֿעסן — דער גוף —
געטראָנקען לויטערע,
כ׳בין ווי דער קעמל
אין לאַנגן זומער אַרײַן.
באַלד וועלן זיך וועטערן בײַטן,
דאָרשט וועט פֿאַרשווינדן,
הונגער וועט בלײַבן.
צי וועל איך נאָך האָבן
די אייגענע ציין ?

ירושלים, 11.1.79

## אַ גרענעץ

לאַראַ * ציטערט פֿאַר די וועלף,
דעם פֿראָסט,
און אַרומנעם פֿון זײַן אָרעם.

אַ פֿיש אין נעץ, געפֿאַנגען
אין פֿענצטער,
איך רין אויס אין ווײַס-צעגליטער שטאָט.

ווען ס׳איז בײַ ייִדן ניט פֿאַרבאָטן,
איך וואָלט פֿאַרשפּאַרט
פֿון לעצטן שטאָק אַראָפּ.
נאָר בײַ דער טיר
איז ליל-שימורים נאָך בײַם זקן,
אײַנגעוויקלט אין דײַן ייִדנס באָרד
איבערן ספֿר.

פֿאַר וואָס איז באַלד
ניט קלאָר געוואָרן מיר,
אַז אָט די גרענעץ
נאָך אַ מאָל
וועסטו ניט שוואַרצן.

ירושלים, 1978

## אַ פּאָרטרעט

פֿאַר ד.מ.

אויף אַלע קנעפּלעך אַ פֿאַרקנעפּלטער,
דער שפּירעוודיקער אײַנגעהערטער פֿויגל.

*) פֿון "זשיוואַגאָ"

פֿון טשוב כמעט די פֿעדערן פֿאַרלאָרן —
טראָגט ער אים געהויבן,
ווי אַ צעוואַקסענע טשופּרינע.
ער מײַדט אויס אײַער בליק,
נאָר וועט ער זיך אין אים געפֿינען,
דאָרט בלײַבט ער.
ווי די אויגן,
פֿאַרזוכערס שטרענגע זײַנע ליפּן.
נאָר לויפֿט אַדורך זיי אַ מחשבה
אין אַ שמייכל באַפֿרײַט אַ שטראָם
וואַרעמקײַט — זײַן קול
און רײַסט אײַך מיט.

ירושלים, 1977

*

**אַ מסיבה אין "בית הנשיא" לכבוד דעם 120טן געבוירנטאָג פֿון שלום עליכם**

שרייבער, קינסטלער און קולטור־מענטשן זענען זונטיק, דעם 8טן אַפּריל געקומען צום צוזאַמענטרעף — אויף דער פֿאַרבעטונג פֿון נשיא המדינה — אין משכן הנשיא אין ירושלים, אָפּצוצייכענען דעם הונדערט־צוואַנציקסטן געבוירנטאָג פֿון שלום־עליכם.

די מסיבה האָט געעפֿנט פּ׳ ברוך אזניה, פֿאַרזיצער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿון בית שלום־עליכם.

דער שרייבער אברהם ליס, דירעקטאָר פֿון בית שלום־עליכם, האָט רעפֿערירט וועגן דעם באַדייט פֿון שלום־עליכמס שאַפֿונג אין אונדזער צייט, און האָט אַנאַליזירט די נאַציאָנאַלע און אוניווערסאַלע מאָטיוון פֿון זיין שאַפֿונג.

דער מדינה־פּרעזידענט מר יצחק נבון האָט אין זיין רעדע אַרויסגעהויבן די מקורותדיקייט און אויטענטישקייט פֿון שלום־עליכמס העלדן, וואָס זענען אַזוי נאָענט און אידענטיפֿיצירן זיך מיט די געשטאַלטן פֿון אַנדערע עדות אין אונדזער פֿאָלק.

די שוישפּילער שמואל עצמון און גדעון שמר האָבן פֿאַרגעבראַכט פֿון שלום־עליכמס ווערק.

ביים שלוס פֿון דער מסיבה האָט תמרה בערקאָוויטש־כהנא, שלום־עליכמס אייניקל, צוגעטראָגן דעם נשיא המדינה די שלום־עליכם־ביכער אין יידיש און העברעיש. וואָס זענען לעצטנס דערשינען.

**מ. מ. שאַפּיר** / מאָנטרעאָל-קאַנאַדע

## צוויי לידער

### זאַווערוכע

זאַווערוכע, שפּיליע אויף מײַן האַרץ מיר און פאַרוויי.
אַלע ווינטן אָטעמען אויף מיר מיט שניי.
אַלע אָדערן צעשפּיזלט מיר דער פראָסט.
אַלע מײַנע הימלען האָט די זון פאַרלאָזט.

אַלע ווײַסקייטן פאַרדעקן איצט די ערד.
ציטערן בײַם טײַך די ווערבעס מיט פאַרקרומטע בערד.
בערג פאַרשטעלן זיך פאַר וואָלקנס, ווערן אויך אויף זיי גראָטן.
ביזן הימל אויף אַ צלם קרײַציקט מען אַ שאָטן.
ברענען אויף אַ סטעפּ די אויגן פון צערייצטע הונגער-וועלף.
שדים בלאָנקען, שרײַען קולות: פאָטער העלף מיר, פאָטער העלף!
רײַסט די באַן זיך אויס פון חשכות, כאַפּט אַ שניט פון שאַרפן ליכט.
גאָט קריכט דורך, אַדורך אַ פײַער, מיט אַ פּנים אומגעריכט.
און אַוועק. צוריק ווערט פינצטער — און נאָך פינצטערער פון פריִער.
שווימט די נאַכט אַרויס פאַמעלעך פון די אַלע בערג אַפּיר.
זאַווערוכע, פאָטאַסקוכע *, רײַס מיך, בײַס מיך און פאַרוויי.
אַלע ווינטן, אַלע ווינטן אָטעמען אויף מיר מיט שניי.

### ווערטער

איך שרעק מיך, גאָט, אַזוי פאַר ווערטער
פון נשמות ערטילאָין, —
אַפּגעריסן פון די ערטער
זוכן זיי אין מיר
צו וואָיען.

* זונה.

אפשר אַנרייצן זיי הײַנט
אויף אומות
וואָס טאָן יעקבן אויפּפּרעסן —
צי אויף זיך, אל פּון נקמות
ווײַל איך האָב דיך
שיער פאַרגעסן ?
צי גאָר אײַנשפּינען מיט זיי זיך
אין בלויז בלאָע אומעט-לידער ?
טאָג ווי נאַכט ווען, גאָט,
דו שרעקסט מיך
וואָיען זיי אין מײַנע גלידער.

*

## שמרי-פּרײַז — דער דיכטערין רבקה באַסמאַן

מאָנטיק, דעם 30סטן אַפּריל, איז אין לייוויק־הויז אין תל־אביב, פאַרגעקומען די פייערלעכע צוטיילונג פון דער ליטעראַטור־פּרעמיע, וואָס איז עטאַבלירט געוואָרן דורך אַ "פאָנד צו העלפן דער יידיש־שאַפונג אין ישראל", ביים פאַרלאַג "ישראל־בוך". דער דאָזיקער פּרייז וואָס טראָגט דעם נאָמען פונעם רעדאַקטאָר פון אָט דעם פאַרלאַג, דיכטער **אריה שמרי** ז"ל, און איז אויסן אויף אַזאַ אופן צו פאַראייביקן זיין נאָמען, איז צוגעטיילט געוואָרן דער דיכטערין רבקה באַסמאַן תבל"א.

דער פאָרזיצער פונעם פאָנד, ח' **יצחק שושני** האָט געפירט דעם אָוונט און אין זיין אַריינפיר־וואָרט זיך אָפּגעשטעלט אויף די אָנדענק־טעג וואָס זענען אויסגעפאַלן איצט, דער געדענק־טאָג נאָך דער שואה און העלדישקייט און דער געדענק־טאָג נאָך די געפאַלענע קעמפער פאַר ישראל.

## בינם העלער און אהרן מגד — באַקומען פּיכמאַן-פּרײַז

זונטיק דעם 2טן סעפּטעמבער, איז אין "בית יהודי בסרביה" אין תל־אביב, פאַרגעקומען די זעכצנטע פאַרטיילונג פונעם פּרייז פאַר יידישער און העברעישער ליטעראַטור, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון יעקב פיכמאַן ז"ל און איז עטאַבלירט דורכן וועלט־פאַרבאַנד פון די בעסאַראַבישע יידן.

דער פאָרזיצער פון פאַרבאַנד, י. **קאָרן**, האָט געעפנט. אין זאַל האָבן זיך געפונען יידישע און העברעישע שרייבערס, אויך פריינד און קרובים פון די לאַורעאַטן, און די טאָכטער פון יעקב פיכמאַן — עדה זילבערשטיין.

אין נאָמען פון דער זשורי, וואָס איז באַשטאַנען פון די שרייבערס **ישראל כהן, יצחק**

יאַנאַסאָוויטש און שלמה שווייצער, האָבן געלייענט די מאַטיוון י. כהן (עברית) און י. יאַנאַסאָוויטש (יידיש).

אין נאָמען פון העברעישן שרייבער פאַראיין האָט באַגריסט ק. א. ברתיני און פון יידישן — ה. אַשעראָוויטש.

די לאַורעאַטן, בינם העלער און אהרן מגד, האָבן געהאַלטן דאַנק־רעדעס.

*

**דערשינען . . .**

יאָסל לערנער. "ביים אָפענעם פענצטער" לידער 160 זייטן פאַרלאַג ניי לעבן תל אביב. הילע פון אהרן מערכער ז"ל דאָס בוך איז איינגעטיילט אין פאָלגנדיקע קאַפּיטלען:

1. דער וועג איז לאַנג 2. די אייביקע שפּיל 3. אין טויזנט פייערן ווי אויך 4. איבער־דיכטונגען פון דער יאַפּאַנישער דיכטונג און 5. איבערדיכטונגען פון דער כינעזישער דיכטונג. מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן צום מחבר: יוסף לרנר, רחבת השקד 8/20, קרית אונו, ישראל. טל: 753747(03)



## הערשל וויינרויך-ווינאָקור

# אין די בערג פון פּאַמיר

(אויסצוג פון אַ ראָמאַן)

דער טייך פּאַנדזש אַריינגעשניטן אין די הימאַלאַיער בערג, ווי אַ שלאַנג איינגע־שרויפּט אין דער געגנט פון קיזיל־ראַבאַט און ווייטער פּויזנדיק שלייכט ער אַראָפּ צו די טאָלן ביז צו דעם טייך אַמו־דאַריאַ. די גיגאַנטישע ווילד־שפּיציקע, בלוי־ווייסע בערג זענען באַדעקט מיט שניי־היטלען און דערגרייכן ביז צו די הימלען. דאָרט איז אייביקער ווינטער. אונטן טיף אַראָפּ־צו פון די בערג ליגן די בליענדיקע טאָלן מיט פרישע פעלדער און פּולקאַליריקע בונטע גערטנער ביי די גרוי־שטיינערנע הייזער פון ברייט־צעשפּרייטע דערפלעך. דאָ איז אייביקער זומער. דער טייך פּאַנדש שטראָמט דורך די בערג און טאָלן און צעשפּאַלט דעם אַרום אויף צווייען; צוויי באַזונדערע וועלטן: פון איין זייט איז דאָס לאַנד פּאַמיר, וואָס מע רופט "דער דאַך פון דער וועלט". און פון דער צווייטער זייט ליגן כינע, אינדיע און אַפגאַניסטאַן.

ווייט און ברייט, הויך און לופטיק איז דאָס באַוווינטע פּאַמיר. אַ גאָלדענע שיין פון אַ גרויסער פייערדיקער זון באַווייזט זיך אין די העלע פרימאָרגנס און בלייבט הענגען איבער די אייביקע שניי־שפּיצן פון די בערג קאַראַ־קול, אישקאַשים און קירזאיל־אַרט. דערנאָך הייבט זיך די זון אויף נאָך העכער און לאָזט זיך באַלד אַראָפּ צו די פלאַכע רחבותדיקע טאָלן מיט אַ מילדער וואַרעמקייט. און באַלד שפּרינגט די זון אַריין אין די אָזערעס זאַרעץ און זאַר־קול און שיינט פון דעם וואַסער צוריק צום הימל אַרויף. פון הימל פאַלן סנאָפּעס גאָלדיק־פּיאָלעטעווע שטראַלן. די פּאַמירער דערפער, די קישלאַקן, ווערן פול מיט זון־שיין.

פון דעם קישלאַק אישקאַשים, וואָס האָט זיך צעשפּרייט און צעוואַקסן אַזש ביז צו דער סאַמע גרענעץ פון אַפגאַניסטאַן איז אַ יונגער בראַווער טאַדזשיק אַרויסגעגאַנגען. עס איז געווען ענדע נאַכט. אַ קוים זעבאַרע רויטע שיין האָט זיך געשפּרייט פון איבער די בערג. דער יונגער בחור האָט געוווּסט, אַז עס וועט ניט נעמען לאַנג און איבער די זעלבע בערג וועט אַ פייער־פלאַם זיך באַווייזן. דער־נאָך וועט זיך צעשטראַלן אַ פולע זון איבער גאַנץ פּאַמיר. דערפאַר האָט ער זיך געאיילט צו זיין וואָס ווייטער פון זיין דאָרף ביז עס איז נאָך טונקל. ער האָט געקלעטערט צו די ווילדע, כמעט ניט באַטראָטענע שניי־וועגן, וואָס פירן דורך

גאַנץ פאַמיר, — דורך האַראַג, רושאַן, וואַנטש, קאַלומב ביז צום גרויסן קישלאַק דיושאַמבע.

אַבו קאַרים איז געגאַנגען איבער די בערג און טאָלן און פאַזע די טייכן און אַזערעס און אויף אים האָבן געטשאַטעט הונגעריקע שאַקאַלן, ווילדע לייבן און מעכטיקע אָדלער־פייגל. זיי האָבן אים פון ווייטן באַכגעקוקט, אַט־אַט וועלן זיי אים באַפאַלן, צערייסן אויף שטיקער, צעפרעסן זיין קערפער און אויספיקן זיינע אויגן. אַ ציטער איז אַדורך זיין לייב. עס האָט אַזש ווי מיט נאָדלען געשטאָכן. און מיט וואָס האָט ער זיך געקענט ווערן קעגן די הונגעריקע און ווילדע פאַמירער חיות און פייגל ; מיט זיין קליין פאַרזשאַווערט פיסטאַלעטל, וואָס ער האָט געהאַלטן ביי זיך אין קעשענע פון די הויזן, צי מיטן קורצן קינזשאַלעכל, וואָס האָט זיך ביי זיין זייט געבאַמבלט ? ... אָבער מער ווי פאַר די חיות און פייגל האָט ער מורא געהאַט פאַר די צעווילדעוועטע באַסמאַטשן, די באַנדיטן פון די פאַרשיידנקאַליריקע און פאַרשיידנגלויביקע מחנות.

דערווייל האָט זיך קיין לעבעדיקער מענטש אויף דעם קוים דורכגעגנגלעכן וועג ניט געזען. דאָס וועטער האָט זיך פלוצעם געביטן. ער האָט געזען פאַר זיך נאָר פאַרשנייטע בערג און אַ כמורנעם, אַנגעברוגזטן הימל וואָס וועט באַלד אַ מבול טאָן מיט שניי, מיט האָגל אָדער רעגן.

אַבו האָט אָנגעהויבן צו פילן אַ מידקייט. די קניעס האָבן זיך אים איינגעבראָכן. און פלוצעם, ניט ווייט פון אים, אויף אַ נידעריק בערגל, האָט אים אויסגעדאַכט אַ גיגאַנטישע ווייס־האָריקע געשטאַלט מיט אַ פּאָר גרויסע לאַפּעס... די געשטאַלט איז געווען ענלעך צו אַ גאָרילע. און אפשר גאָר צו אַ מענטשן ? ... די לעגענדע וועגן דעם גרויזאַמען שניי־מענטש, וועלכער געפינט זיך ערגעץ אין די בערג פון די הימאַלאַיען, צווישן טיבעט און פאַמיר, האָט אויפגעבליצט אין זיין מוח און מיט אַ שווערער שרעק אין זיין האַרצן זיך באַזעצט.

— אַללהאַ, פאַטער אין הימל, און מוחאַמעד דיין נביא, באַשירעמט און באַשיצט מיך ! ...

ער האָט געטריבן דעם געדאַנק פון זיך און ניט געוואָלט גלייבן אין די פּוסטע מעשיות פון די פינצטערע, אומוויסנדיקע דעקחאַנעס, — די פּויערים וואָס קומען צוריק פון זייערע קאַראַוואַן־רייזעס און דערציילן זיך אָן מיט ליגנס, אַז אַללהאַ אין הימל איז זייער עדות, אַז זיי האָבן אַליין מיט זייערע אייגענע אויגן געזען ווי דער שרעקלעכער שניי־מענטש שפּאַנט איבער די פאַמירער בערג...

און אַזוי ווי ער איז געגאַנגען אין ציטערניש און שרעק, זעען ווי פון אונטער אים אויסגעוואַקסן אַ צענדליק באַוואָפנטע מענטשן מיט בייע שיינענדיקע ביקסן און מיט ווייסע זילבערנע שווערדן. ביי דער מערהייט זענען באַדעקט געווען די קעפּ מיט גרויע קאַראַקולענע פלאַטשיקע היטעלעך, אַזעלכע ווי עס טראָגן די

מוסולמענער פון אינדיע און די באַרג־תושבים פון אַפגאַניסטאַן. אַ פּאָר מענטשן האָבן געטראָגן טיורבאַנען און איינער — אַ פּירקאַנטיקע אויסגעהעפטע, "טיבעט־קע", אָדער "טיובּיטייקע", אַ מין טראַדיציאָנעל מיטל־אַזיאַטיש "קאַפּעלע", אויף זייערע לינקע אָרעמס האָבן זיך אויסגעטיילט שוואַרצע בענדער, צום אונטערשייד פון די אַנדערע באַסמאַטשישע באַנדעס, און ספּעציעל צום אונטערשייד פון די מיליטערישע פאַרטיזאַנישע קאַראַוואַנען, וועלכע זענען באַשטאַנען פון טאַדזשיקן, קירגיזן און רוסן, סימפּאַטיקער פון דער נייער באָלשעוויסטישער מאַכט. (די זאַרבאַזיס — די סאָלדאַטן פון די קאַראַוואַנען האָבן געטראָגן רויטע בענדער אויף זייערע ברוסטן און רויטע בענדער אויף די אַרבל).

אַבו איז אַ דערשטוינטער מיט אַ פאַרגליווערטן בליק פאַרבליבן אויפן אָרט ווי צוגעקאָוועט. ער האָט געזען, אַז חוץ די גרויע קאַראַקולענע היטעלעך און די שוואַרצע אַרמבענדער זענען אַלע געקליידעט אין די טראַדיציאָנעלע טאַדזשיקישע מלבושים. אין וואַרעמע כאַלאַטן — געקווייטלטע און אין בונטע פּאַסן, אין ברייטע שאַראַוואַרעס און שטיוול פון ווילדע ציגן־פעל. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס איז אַ טייל פון חוסיין אַלי־בעקס באַסמאַטשישער אַרמיי. ער האָט אויך אין דעם הויכן, לאַנגנאַזיקן און גאַלאַנטן טאַדזשיק, מיט דער שיין־באַפּוצטער "טיבעטקע" אויפן קאָפּ און מיט דער גאָלדענער שווערד ביי דער זייט, דערקענט דעם פירער פון די באַסמאַטשעס, דעם אַטאַמאַן און "גענעראַל" חוסיין אַלי־בעק. דאָס וואָס חוסיין איז דאָ נאָר מיט אַ צענדליק רייטער איז דאָס אַ סימן, אַז דאָס זענען זיינע לייב־גוואַרדייער, זיינע נאָענטסטע גאַרגל־שניידער, זיינע געטרייסטע אַדיוטאַנטן.

אַבו האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און דרייסט באַגריסט חוסיין אַלי־בעקן מיט איבערגעטריבענע אַזיאַטישע לויב־ווערטער:

— סעלעם עלייקים! אָ, דו הויך־געשעצטער פירער פון דער הייליקער איס־לאַמישער מחנה! גרויס איז דיין נאָמען און געבענטשט זענען דיינע אויפטוען! אויף די גאָלדענע פליגל פון קרישטאָל־ווייסע טויבן זענען צו אונדז, אין דעם וויטן קישלאַק אישקאַשים, דערגאַנגען די קלאַנגען פון דיין העלדישקייט און דיינע גוטע מעשים. איך, דיין קנעכט, אַבו־קאַרים איבן אַבדול־באַבור, בלאָנדזשע טאָג ווי נאַכט אין די בערג און טאָלן פון אונדזער ליבער וואַטאַן, — אונדזער מוטערלאַנד, פּאַמיר, און איך בעט דעם אַלמעכטיקן אַללהאַ און מוחאַמעדן זיין נביא, אַז זיי זאָלן מיך פירן אויף דעם וועג ווו דו גייסט, אַז איך זאָל זיך מיט דיר באַגעגענען און אַז איך זאָל בושא חן זיין אין דיינע קלוגע אויגן!

חוסיין אַלי־בעק האָט שעלמיש אַ שמייכל געטאָן און זיך געווענדעט צו זיינע לייב־היטער:

— ווי געפעלט אייך דער אָ בחור? קען מען אים גלייבן?...

די באַנדיטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אַבו'ען, אים באַטאַפּט און באַזוכט, אים

אַריינגעקוקט ווי צו אַ פערד אין די ציין, באַטאַפּט זיינע געזונטע מוסקולן, געקלאַפּט אין זיין גרויסן ברוסט־קאַסטן און באַלד באַשטימט:

— אַ געזונטער יונגאַטש, ווי אַ קעמל — אַזוי געזונט!

מע האָט געלאַכט פון זיין פאַרזשאַווערט פּיסטאַלעטל און דאָס קליינע קינזשאַ־לעכל, וואָס מע האָט ביי אים געפונען:

— הע־הע, אַבו, מיט אַזאַ מין קינדער־שפּילכל וועסטו קיין אומגלייביקע רויטע רוסן און די מוסולמענישע חזירים, וואָס האָבן זיך פאַרקויפט צו זיי, ניט קענען אויסראָטן!...

און חוסיין, דער אַטאַמאַן, האָט זיך אַ ביסל אַנגעכמורעט, מיט זיין לאַנגער נאָז עפּעס אַ מין שנאָרע געטאָן און איבערגעפרעגט.

— זאָגסטו, אַז דו ביסט פון אישקאַשים?

— יאָ, מיין האַר, איך בין פון דעם קישלאַק אישקאַשים. אַ לערער דאָרטן געווען, מיט די קינדער, און אַפילו אויך מיט אייניקע דערוואַקסענע, געלערנט אונדזער מוטער־שפּראַך טאַדזשיקיש, אונדזער קאָראַן־שריפט אַראַביש, און — ער האָט אויסגעשפּיגן — געמוזט אויך לערנען די חזירישע רוסן־שפּראַך פון אונדזערע באַצווינגער!!!

— גוט־גוט! — האָט חוסיין אויסגערופן און באַלד ווידער געפרעגט, — האָסטו דאָרט געקענט איינעם מיטן נאָמען דאַניש איבן־סינאַ?

— אָ, דעם איינהאַנטיקן דאַניש? פאַרשטייט זיך! מע האָט אים אַ נאָמען געגעבן ביי אונדז אין קישלאַק דאַניש דער הינט־שלעגער, ווייל ער האָט אַ מאָל אַ זעץ געטאָן אַ הונט און דער הונט האָט אים אַ ביס געטאָן אין דער לינקער האַנט. מע האָט אים געמוזט די האַנט אָפּשניידן, ווייל דער הינטישער גיפט וואָלט זיין גאַנצן קערפּער פאַרסמט און ער וואָלט געשטאָרבן. ווען אונדזער עמיר, געזונט זאָל ער זיין, איז דורך די רויטע אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון זיין טראָן און איז אַוועק אין גלות, קיין אַפגאַניסטאַן, און ער האָט צו זיך גערופן אַלע זיינע געטרייע נאָכפאָלגער און זיי באַפוילן אַרויסצוגיין אין אַ הייליקן קאַמף קעגן די רויטע בעסטיעס איז דאַניש אַוועק פון אונדזער קישלאַק און, ווי מיר האָבן געהערט, איז ער אַריינגעטראָטן אין איינער פון די מוסולמענישע מחנות...

— האָסט דעם אמת געזאָגט, מיין פריינד! דאַניש, כאָטש ער האָט נאָר איין האַנט איז ער אַ בראַוווער מענטש און ער שלאָגט זיך ווי אַ לייב. ער איז איינער פון מיינע לייטענאַנטן!

— אַך, דאַניש איז דאָ, ביי דיר? אָ, אַללאַה, מיין גאָט! איך בין אים אַזוי גערן צו זען!

— דו וועסט אים זען! — האָט חוסיין אַ צופרידענער געענטפערט, — ער איז איצט מיט זיינס אַן אָפּטייל אויף אַ ספּעציעלער שליחות... — ער האָט ווידער

אַ ניט־צוטרוילעכן קוק געטאָן אויף אַבו׳ען און געפרעגט, — קענסטו מיין קינסמען קאַיאַם־סעיד טורסון ?

— וואָס רעדסטו ? מיין ליכטיקער האַר, מיין גרויסער אַטאַמאַן ! איז קאַיאַם־סעיד אויף אַן אמת דיינס אַ קרוב ? אַ, אַללאַה !... דער חשובער קאַיאַם וועט דאָך זיין מיין שווער ! זיין טאָכטער, די שיינע קהאַניפאַ איז מיין כלה !

— אַזוי ?... — האָט חוסיין אַלי־בעק אַן איבערראַשטער אויסגערופן, — מיין קאַיאַם האָט שוין אַזאַ דערוואַקסענע טאָכטער ?... נו־ווּעסט מיר אַלץ דערציילן, אַבו, מיין פריינד !... ווייל איך ווייס כמעט גאָרניט וועגן אַט דעם קאַיאַם. איך ווייס נאָר, אַז ער איז מיינס אַ קרוב, אָבער איך האָב אים קיין מאָל ניט געזען. גוט־גוט. וועסט מיר אַלץ דערציילן שפּעטער, איצט מוזן מיר זיך רירן. זאָג נאָר אַבו־קאָרים, האָסטו ניט באַגעגנט אין דיין וועג קיין שום שפּורן פון רויטאַרמייער אָדער פון די חזרים, די פּאַרטיזאַנישע מיליטער־קאַראַוואַנען ?

— ניין, מיין האַר ! איך בין די גאַנצע צייט געווען איינער אַליין אויף די זייטיקע וועגן און שטעגן פון אונדזער ליבן פּאַמיר. אַ, ניין, וואָס זאָג איך איינער אַליין ? איך בין געווען אין צווייען. אַללאַה איז מיט מיר געווען !

"גענעראַל" חוסיין אַלי־בעק האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער, און אַלע זיינע באַגלייטער האָבן חניפהדיק מיטגעלאַכט. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען אַ ווייסן נאָז־טוך און מיט אַ משונהדיקן פייף אויסגעשנייצט די נאָז. באַלד האָט ער פון איינעם פון זיינע אַדיוטאַנטן אַ כאַפּ געטאָן אַ לאַנגע ווייסע זילבערנע שווערד, באַצירט מיט געקריצטע גאָלד־געפעדעמטע אָרנאַמענטן, און ער האָט די שווערד אָנגעהאַנגען אויף אַבו׳ען. ער האָט אים באַטראַכט אַ ווײַלע און אויסגעשריגן :

— איצט ביסטו אַן אמתער זאָרבאַזיס, אַן אמתער סאָלדאַט פון דער מוסולמענישער אַרמיי ! מיר וועלן דיר שפּעטער נאָך אויך געבן אַ נייע ביקס. אוך, ווי שיין די ביקסן זענען ! אַזש פון סאַמע ענגלאַנד צו אונדז אַריינגעשמוגלט. נו, גוט־גוט. מיר וועלן קומען צו מיין שטאַב וועלן מיר דיך איינשווערן און דיר אָנטאָן אַ שוואַרצן באַנד אויף דיין אָרעם און ערשט דאַן וועסטו שוין באמת זיין אַ העלד פון דער באַנייטער מוסולמענישער אַרמיי, וואָס קעמפט פאַרן עמיר, אונדזער הערשער, און פאַר פּאַמיר, אונדזער וואַטאַן, אונדזער מוטערלאַנד !...

חוסיין אַלי־בעק האָט באַפוילן זיינע לייב־היטער, אַז מע זאָל געבן אַבו־קאָרימען אַ פערד פון די, וואָס האָבן זיך אין רעזערוו ביי זיי געפונען.

מע איז געפאָרן ווייטער.

פון אונטער די בערג האָט זיך אַ שפּיציקע רויטלעכקייט באַוויזן און האָט געברענט ווי אַ פלאַקער־פייער. פלוצעם האָט אַ ווינט זיך אָנגעטראָגן און די שניי־היטלען פון די הויכע בערג זענען זיך צעפאַלן, אַראָפּגעגלידערט מיט אַ קראַך.

עס איז געוואָרן קאַלט. שניי־שטויב איז געפלויגן אין דער לופטן און די זון האָט זיך געהויבן העכער די בערג. די זון־שטראַלן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די שניי־שטויבן און אויסגעכישופט כלערליי פאַרבן: גאָלדיק־גרין, רויטלעך־בלוי און זיל־בערדיק־ווייס.

— איצט איז די צייט אָנצופאַלן אויף דעם קישלאַק קאַלאַי־הושב! — האָט אַ באַסמאַטש מיט אַ צעפּאַטלטער שוואַרצער באָרד אַ זאָג געטאָן. דער אַ באַסמאַטש איז באַקליידט געווען אין אַ שוואַרצן גלים, אַזאַ קאַפטאַן איבער אַ ווייס־קויטיקער טוניקע. זיינע בלויע ברייטע הויזן, — די שאַראַוואַרעס, האָבן זיך פון ווינט אָנגע־בלאָזן. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ ווייסן טורבאַן מיט שוואַרצע, געפלאָכטענע שטריק אַרומגעוויקלט. יאָגנדיק זיך אויף זיין גרוי פערד האָט ער אויסגעזען ווי אַ פליענדיקער אַשמדאַי. ער האָט פון דער שייד אַרויסגעכאַפּט זיין שווערד און מיט איר אַ פאָכע געטאָן אין דער לופט. — מוחאַמעד אונדזער נביא איז מיין עדות, אַז איך וועל אַלע רוסן, יונג און אַלט, אויסשעכטן!

— היץ זיך ניט, גנעדיקער נאַסיר איבן־גאַלאַד! — האָט צו אים חוסיין אַלי־בעק אַ געשריי געטאָן. — גראַד איצט איז די צייט צו באַהאַלטן זיך אין די וועלדלעך פון די ניט צוטריטלעכע בערג, ווייל גראַד איצט, אין אַזאַ אַ וועטער, ווען מע דערוואַרט דאָס ניט קאָן דער טייוולאָנישער "גרויסער קאָמיסאַר", אָנטאָן פאַראַכאָוו, אָנפאַלן אויף אונדז מיט זיינע היינטישע רויטע אַרמייער!

מע האָט זיך פאַרנומען אויף אַ שמאָל וועגל, וואָס האָט זיך געשלענגלט צווישן צוויי הויכע בערג, באַוועגט זיך לאַנגזאַם, ווייל עס איז שווער געווען שנעל צו רייטן אין דעם צעקרימטן באַרג־שפּאַלט.

חוסיין אַלי־בעק איז אויף זיין ווייסן אַדלער־פערד געפלויגן צו אַבו'ען, וועלכער האָט געריטן אויף אַ קליין, שוואַרץ קירגיזיש פערדל, ער האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— זענען אין דיין קישלאַק חוץ אונדזערע ברידער טאַדזשיקן און אַנדערע מוסולמענער אוזבעקן, קירגיזן און טאַטאַרן, דאָרט אויך פאַראַן פיל רוסן?

— רוסן? נאָר אַ פּאָר פאַמיליעס, מיין גנעדיקער גענעראַל!

— נאָר אַ פּאָר פאַמיליעס, זאָגסטו? הע־הע, בחור, איך האָב פיינט אַז מע נאַרט מיך. איך ווייס, אַז אישקאַשים איז אַ גאַר גרויס דאָרף, כמעט אַזוי גרויס ווי דיושאַמבע און כאָטש איך בין אין דיין אישקאַשים קיין מאָל ניט געווען, זאָג איך דיר, אַז איך וועל נאָך דאָרט זיין! און איך ווייס, אַז דאָרט וווינען אַ סך רוסן און יידן אויך!

— די רוסן זענען זיך צעלאָפן, מיין גנעדיקער, זון־שיינענדיקער און באַרג־שיינער חוסיין אַלי־בעק! עס זענען ביי אונדז פאַרבליבן נאָר פיר רוסישע משפחות. זיי שרעקן זיך איצט פאַר אונדז און זיי אַנטלויפן און באַזעצן זיך דאָרט ווי די

גארניזאַנען פון דער רויטער אַרמיי געפינען זיך! אָבער יידן? זיי האָבן זיך אויסגעמישט... מיר דוכט, אַז איך און אויך דו, מיין אַטאַמאַן, זענען געוועזענע יידן!...

פלוצעם האָט חוסיין אַ דריי געטאָן אַ שפּיץ פון זיינע קליינע וואָנצן, וועלכע זענען כמעט אין גאַנצן פאַרשטעלט געווען פון זיין גרויסער נאָז און ער האָט אויסגעשריגן:

— צו ווייט וועלן די היגטישע אורוסן ניט לויפן! פריער אָדער שפּעטער, — מיין שווערד וועט זיי דערגרייכן! — און באַלד האָט ער ראָמאַנטיש ווי צו אַ שיין מיידל צו אַבו'ען מיט אַ תאווה־בליק אין זיינע אויגן זיך געווענדעט: — זאָגסטו, אַז מיין קרוב קאַיאַם סעיד־טורסון האָט שוין אַ טאָכטער וואָס איז דיין כלה? זי מוז זיין אַ שיינע, האַ?

— יאָ, מיין גנעדיקער האַר!

חוסיין האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן: — הע־הע!... מיין קרוב האָט פאַרשעמט אונדזער שבט! ער האָט געזאָלט ווערן אַ מוללאה און איז גאַר געוואָרן, ווי איך האָב געהערט זאָגן, אַ באַרבער און אַ שאַרלאַטאַנסקע דאָקטער... דערצו נאָך אויך, ווי מע זאָגט אין אונדזער שבט, אַן אַפּיקורס!... ער לאַכט זיך אויס פון די שריפטן פון אונדזער הייליקן קאָראַן און ער האָט זיך פאַרקויפט צו די הינטישע נאָכפאָלגער פון לענין און טראָצקי!... וואָלט ער כאָטש אויסגעטאָן זיין טשאַלמע מיטן צייכן, אַז ער האָט באַזוכט די הייליקע מעקאַ!...

— זאָל מיר דער גרויסער מאַן פאַרגעבן אויב מיינע רייד וועלן זיין ווידער־שפּרעכיק, איך בעט דיך, מיין האַר!

— זאָל דיין צונג זאָגן וואָס דיין האַרץ פילט. איך וועל דיר פאַרגעבן, אַבו!

— איך וויל זאָגן, אַז קאַיאַם סעיד־טורסון איז אַ גוטער מוסולמענער און ער איז ניט קיין אָנהענגער פון אַ נייעם, אַ רויטן קאָראַן, וואָס הייסט קאָמוניזם! — אַבו האָט אַ שפּיי געטאָן. — ווי איך ווייס, און דאָס האָט מיר קאַיאַם, מיין צוקונ־פטיקער שווער אַליין דערציילט, איז ער אָפּגעריסן געוואָרן פון אייער שבט צוליב אַ קריג פון זיין פאָטער מיט זיינס אַ ברודער און ער איז אַוועק פון פאַמיר און זיך באַזעצט אין אַפגאַניסטאַן אין דער שטאָט העראַט. אָבער צו לאַנג איז קאַיאַם מיט זיינע עלטערן אין דער שטאָט ניט געבליבן. דער שטערן פון זייערע מזלות האָט זיי געשטויסן צו וואָגלען און זיי זענען געגאַנגען פון לאַנד צו לאַנד, קיין אינדיע און צוריק קיין אַפגאַניסטאַן, קיין פערסיע און צוריק קיין אַפגאַניסטאַן. און קאַיאַם איז דאַן אַלט געווען בסך הכל צען יאָר... ער איז אַנטלאָפן פון זיינע עלטערן און זיך צוריקגעקערט קיין פאַמיר. ער האָט זיך באַזעצט ביי עפּעס אַ קרוב אין האַראַג. און ווי דו ווייסט, מיין האַר, איז האַראַג פון לאַנג באַפעלקערט מער מיט רוסן ווי מיט טאַדזשיקן. אין דער שולע, וווּ ער האָט זיך געלערנט, אין האַראַג, האָט מען

שטודירט מער רוסיש ווי טאַדזשיקיש, מער די הינטישע סלאַוון־שריפט ווי די הייליקע אַראַבישע אותיות און דאָס איז געווען קאַיאַמס גרויסער אומגליק און דערצו איז ער נאָך אויך געווען אַ גרויסער שלימזל. ער האָט זיך קיין מאָל ניט געקענט אויסלערנען גוט לייענען דעם אַראַבישן שריפט און גוט פאַרשטייען די אַראַבישע שפּראַך, איז וואָס פאַר אַ מוללאַה האָט ער געקענט ווערן ?... איז ער געוואָרן אַ פּראָסטער דעקהאַן, אַ פּראָסטער פויער, וואָס באַארבעט זיין שטיקל ערד מיט דעם שוייס פון זיין פּנים און מיט דעם בלוט פון זיין לייב !!!

— צטסע... צטסע... צטסע ! — האָט חוסיין זיך צעצסאַקעט מיט דער צונג,

— דערצייל אַבו, דערצייל ווייטער ! ערגעץ איז פאַרוואָרפן מיינס אַ קרוב און איך קען אים ניט און איך מוז זיך צוהערן און גלייבן, אַדער ניט גלייבן, וואָס מע זאָגט מיר וועגן אים !... אַך... אַך... אַך ! — האָט ער זיך צעלאָזט, — וואָס פאַר אַ וועלט איז דאָס געוואָרן ? מע ווייסט דאָך היינט ניט וועמען יאָ צו גלייבן און וועמען ניט צו גלייבן ! — נו־נו, דערצייל ווייטער, ליבער אַבו !

— און ווייטער, מיין האַר, ווייס איך, אַז קאַיאַם סעיד איז צו אונדז אין אישקאַשים אָנגעקומען שוין אַ דערוואַקסענער און מיט פיר ווייבער, און ער האָט געמוזט אָפּגעטן דריי פון זיינע פיר ווייבער, ווייל זיי זענען געווען פּויליכצעס און זיי האָבן אים ניט נאָר קיין זין, אַפילו קיין טעכטער אויך ניט געבוירן. דערצו האָבן זיי אַליין אויך מיט קיין שום אַרבעט אין פעלד און אין גאָרטן אים אַרויס־העלפן ניט געוואָלט. ער איז געבליבן מיט זיין לעצטער, מיט זיין פערטער ווייב, וועלכע האָט אים נאָר אַ טאָכטער געבוירן. דאָס מיידל, קאַניפאַ איז איצט זעכצן יאָר אַלט. זי איז שיין ווי טויזנט זונען און אַפילו אין אַ פינצטערער נאַכט שיינט איר געזיכט ווי אַ פולע זילבערנע לבנה. אין אירע שוואַרצע אויגן זענען איינגע־זעצט בלוילעכע אַלמאַזן, וואָס גלאַנצן אַזוי ווי שטראַלן פון דער זון, וואָס שלאָגן זיך אָן אין די העכסטע שניי־שפּיצן און ברעכן זיך איבער אויסגעלייטערטע, ווען זיי פאַלן אַראָפּ צו אונדז אין קישלאַק. איר קערפּער איז ווייס ווי שניי אָבער הייס ווי פייער, און ער איז שלאַנק און בייגעוודיק ווי אונדזער גרויסער טייך פּאַנדזש. דערצו איז זי אויך גוט דערצויגן און פיין געבילדעט אין טאַדזשיקעש און אין רוסיש...

— העי־העי, אַבו וואָרט ! — האָט חוסיין אויסגערופן, — איך שווער ביי מיין גאָלדענער שווערד, אַז איך האָב געטראַכט אָפּצוהאַקן דעם קאָפּ פון מיין ווידער־שפּעניקן קינסמען קאַיאַם סעיד־טורסון. אָבער, ווי איך הער דיינע רייד פון חכמה און אמת, איז זיין טעכטערל אַזאַ שיינהייט, צו וועלכער איך הייב שוין אָן צו גלוסטן. איך וואָלט אַ פולן זאַק מיט גאָלד צו מיין "קאַזין" קאַיאַם אַוועקגעגעבן פאַר זיין שיינער קהאַניפאַ, אויב זי איז טאַקע אַזוי שוין ווי דו מאָלסט זי. און דיר, אַבו, וואָלט איך אויך אַ פולן זאַק מיט גאָלד אָפּגעגעבן, אַז דו זאָלסט זי מיר

אַפּטרעטן. אָבער אַללאַה איז מיין עדות, אַז אַ הייליקע מוסולמענישע קריג איז אויסגערופן געוואָרן און איך בין דער דינער פון דעם איינציקן גאָט אַללאַה און זיין נביא מוחאַמעד, איך דין אויך געטריי מיין עמיר, כאָטש ער איז פון זיין לאַנד אין גלות פאַרטריבן!...

אַ שרעק איז אַבו׳ען באַפאַלן און ער האָט מיט ציטער אין קול אויסגערופן: — איך גלייב דיינע רייד, מיין גרויסער אַטאַמאַן!

און חוסיין האָט פאַרגעזעצט:

— צען טויזנט גאָלדענע רובל האָט גענעראַל פרונזע, וועלכע איז פון טראָצקין אַהער מיט זיין אַרמיי געשיקט געוואָרן, צען טויזנט רובל וויל פרונזע באַצאָלן פאַר מיין קאָפּ!... אויך צען טויזנט רובל איז צוגעזאָגט פאַר די קעפּ פון די אַנדערע עמירס געטרייע דינער — פאַר איבראַהים־בעק איבן איסאַ־האַדזשאַ, דעם פירער פון דעם לאַקקאַי־שבט, און פאַר עגוועער־פאַשאַ, דער געטרייער מוסולמענער, וועלכער איז אַזש פון סאַמע טערקיי אַהער געקומען העלפן אונדזער עמיר!

— אַך־אַך־אַך! — האָט אַבו אונטערגעזיפצט — זאָל אַללאַה דיך באַשיצן, מיין טייערער האַר, חוסיין אַלי־בעק!

און חוסיין האָט פאַרגעזעצט זיך צו באַרימען:

— דער בייזער ״גרויסער קאָמיסאַר״, דער רויטער טשינגיס כאַן, דער הינטי־שער אַרויסהעלפער פון גענעראַל פרונזע, אַנטאַן פאַראַכאַוו האָט געשווירן, אַז ער וועט מיך אַ לעבעדיקן אָדער אַ טויטן כאַפּן, אין אַ זאַק מיך אַריינוואַרפן און מיך קיין דיושאַמבע, צום שטאַב פון גענעראַל פרונזע ברענגען... נו, מיין פריינד, פאַרשטייסטו דאָך אַליין, אַז איך מוז מיין קאָפּ היטן, אַז ער זאָל ניט אַריינפאַלן אין די טריפענע הענט פון דעם פאַרשיוון אַנטאַן פאַראַכאַוו! — ער האָט פלוצעם אויסגעזעצט אַ געלעכטער, וועלכער איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ פייפעריי פון זיין לאַנגער נאָז, — מע זאָגט דאָך, אַז דער ״גרויסער קאָמיסאַר״ איז גאָר קליין ווי אַ וואָרעם, ער האָט אַ צעקנייטשט פּנים ווי אַ פאַרטריקנטע באַר, און זיין באָרד איז ווי פון אַן אַלטער צעפוילטער ציג און דערצו נאָך האָט ער אַ פאַרך אויפן קאָפּ, און דערפאַר וויל זיין שיין, יונג און בלאָנד ווייבל מיט אים ניט שלאָפן!... — ער האָט זיך ווידער צעלאַכט, נאָר באַלד ערנסט אַ זאָג געטאָן, — ווערסט נאָך זען, אַבו, אַז מיר וועלן אין איינעם אַן אויפדערנאַכט זיך אַראָפּכאַפּן קיין האַראַג און אויסשעכטן דאָרט דעם גאַנצן רויט־אַרמייש־קאָזאַקישן גאַרניזאָן! אַנטאַן פאַ־ראַכאַוו וועל איך אין קייטן שמידן און אים צווינגען צו קוקן ווי איך לייג זיך אין בעט מיט זיין בלאָנדער שיינער ווייבל! — דערנאָך האָט ער זיך ווי עפּעס פאַרשעמט פאַר זיינע רייד און צוגעגעבן: — הערסטו אַבו, דו האָסט פאַר מיר אַזוי שיין אויסגעמאָלט דיין כלה, אַז זי גייט מיר גאָר פון קאָפּ ניט אַרויס, איך וואָלט בעסער אַנשטאָט מיט דער בלאָנדער אומריינער אורוסין זיך געלייגט מיט אַ

ריינער מוסולמענערין, מיט דיין קהאַניפאַ!... אָבער איך זאָג דיר צו אַבו, אַז קהאַניפאַ וועט נאָך אַמאָל זיין מיין יונגסטע, מיין בעסטע און מיין שענסטע זיבעטע ווייב, און דיר, אַבו, ווי דעם בעסטן פריינד מיינעם, וועל איך שוין וויסן ווי אַזוי אָפּצודאַנקען!

אַבו האָט ווידער אויפגעציטערט. עס איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן און דער קאָפּ האָט זיך אים אַזש פאַרדרייט.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט חוסיין אַלי־בעק אַ פרעג געטאָן דערזעענדיק ווי בלאַס אַבו׳ס פּנים איז פּלוצעם געוואָרן. זיין גאַנצער קערפּער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און אַט־אַט באַלד פאַלט ער אַראָפּ פון זיין פערדל.

אַבו האָט זיך געכאַפּט און כיטרע זיך פאַרענטפערט:

— אָ, גרויסער און ליכטיקער האַר מיינער! זיי מוחל דיין קנעכט אַבו קאַרים, פאַרוואָס אַ שלאָף איז אים אין דער מיט פון דיינע קלוגע רייד באַפאַלן. איך האָב דאָך עטלעכע נעכט מיינע אויגן ניט צוגעמאַכט. די ווילדע שאַקאַלן און די הונגע־ריקע אָדלערס האָבן געטשאַטעוועט נאָך מיר, נו, האָט מיין קערפּער ניט געוואָלט צו דער ערד זיך אַראָפּלאָזן און מיין קאָפּ האָט קיין שלאָף ניט געהאַט. און איצט, ווען איך בין אין שוץ פון דיין גנעדיקייט ציט זיך מיין קערפּער צו דער ערד פאַר אַ ביסל רו!...

*

## משה שולשטיין — ערשטער לאַורעאַט פון דער פרעמיע פונעם פאַראיין פון יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן אין פראַנקרייך

די פאַרוואַלטונג פון פאַראיין פון יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן אין פראַנקרייך, וואָס האָט באַשלאָסן איינצושטעלן אַ יערלעכע פרעמיע, וואָס זאָל צוגעטיילט ווערן שרייבער אָדער זשורנאַליסטן וואָס לעבן און שאַפן אין יידיש, אין מערב־אייראָפּע, האָט איר ערשטע צוטיילונג באַשטימט דעם יידישן דיכטער, וואָס וווינט שוין יאָרן אין פּאַריז **משה שולשטיין** — פאַר ״זיין שאַפן, וואָס שטעלט מיט זיך פאַר אַ וויכטיקן און וואָגיקן בייטראָג צו דער יידיש־פּאָעזיע״.

די זשורי איז באַשטאַנען פון די שרייבער און זשורנאַליסטן: באַרווין־פרענקעל, ד״ר נח גריס, מרדכי ליטווין, ל. לענעמאַן און מ. ראָזענבלאַט.

## מאיר חרץ

# דאָס וואָס אַלע פֿילן

דאָס וואָס אַלע פֿילן איז שוין אויסגעזונגען,
דאָס וואָס אַלע ווייסן איז שוין אויסגעזאָגט,
האָבן גויִים נאָכן גרויסן אומגליק אויסגעדונגען
גאָר דעם לוין פֿאַר זיך און אָפּגעדונגען
פֿון די ליידן אונדזערע און זיך — באַוויינט, באַקלאָגט.

זיך באַקלאָגט, באַנעבעכט און די פֿאַרברענטע כאַטעס
אויפֿגעשטעלט צוריק און גרעסערע אַצינד
און מיט פֿרישע כוחות האָבן אַלטע טאַטעס
אין די נײַע קליידער שטאָט די אַלטע שמאַטעס
צוגעגרייט ירושה — יעדער פֿאַר זײַן קינד.

קלאַפּן מיר אַצינדער אין די פֿרעמדע טירן,
עפֿענען זיך טירן מיט אַ בייזן סקריפּ.
ווערן מיר פֿאַרציטערט און קאָנען זיך ניט רירן,
קלאַפּט מען אונדז אין פּלייצע, לאָזט מען זיך פֿאַרפֿירן
און מיר מיינען ווידער, אַז מע האָט אונדז ליב.

ירושלים, 14טער יאַנואַר 1979

## מיש-מאַש

אַ מיש-מאַש פֿון צײַטן אין די רוימען,
ליכטיאָרן, סעקונדעס — אַ גאַנצער באַלאַגאַן —
פֿאַלן ווי די קאַסטנס פֿון אַ הייבקראַן אויף אַ קוימען,
פֿאַלן ווי די זעלבסטמערדער פֿון דעכער אין תהומען,
פֿאַלן ווי די ראָסע אויף די שפּיצן פֿון באַלקאַן.

ערגעץ פֿון אַ שטערן זעט מען ערשט אַצינדער
ווי די רוימער צינדן און פֿאַרגיסן אונדזער בלוט,
ערגעץ פֿון אַ צווייטן זעט מען אונדזערע קינדער,
זעט מען זייערע אייניקלעך מיט זייערע קינדס קינדער
פֿײַערן דעם טויזנטסטן יום העצמאות.

אַ מיש-מאַש פֿון צײַטן אין די רוימען
ביז צו משוגעת,
אַ מיש-מאַש פֿון טרויבן-קערלעך מיט די זוימען
פֿון די ערשטע עפּל פֿונעם עץ הדעת
אַ מיש-מאַש
מיש-מאַש
מיש-מאַש.

## דאגות

סע פֿעלן ניט קיין דאגות, דאַנקען גאָט,
סע פֿעלן ניט און וועלן אויך ניט פֿעלן
און קיינער נאָך ניט אויסגעקליבן האָט
אַליין די דאגות, וועלכע אים געפֿעלן.

און ווי דו זאָלסט ניט זאָגן-שרײַבן גראָד —
ניט אויסגעקליבן האָט צי האָט ניט אויסגעקליבן,
סע פֿעלן ניט קיין דאגות, דאַנקען גאָט,
קיין חילוק ווי דו האָסט געזאָגט-געשריבן.

אָט לעב איך אין דער אויסגעבענקטער שטאָט
און, דאַכט זיך, איך בין גליקלעך עס צו וויסן,
נאָר עפּעס דרייט זיך אום אין מײַן קאָפּ אַ ראָד,
די דאגות לאָזן ניט פֿונעם גליק געניסן.

די דאגות דרייען עס אין מײַן קאָפּ דאָס ראָד,
די אַלטע פֿאַלן אָפּ, סע קומען נײַע,

סע פֿעלן ניט קיין דאגות, דאַנקען גאָט,
אויך דאָ אין הייליקן ירושלים.

ירושלים, יאַנואַר 1979

## אַנדערש, אַנדערש

אַנדערש, אַנדערש, אַנדערש.
זאַמד פֿון גאָר אַן אַנדערן פּלאַנעט,
היצן פֿון אַ פֿײַער פֿון אַן אַנדערס
אַלץ איז אַנדערש, וואָס איר הערט און זעט.

פּרוווט און רוקט די וואָלקנדלעך פֿונאַנדער
ווי די פֿירהענגלעך פֿון פֿענצטער מע צערוקט,
זעט איר ווי דער הימל דאָ איז אַנדערש,
ווען צו גאָט פֿון היגן זאַמד מע קוקט.

אויך די וואָלקנדלעך זענען ניט די זעלבע
דינער, זײַדענער, שיטערער געוועבט,
זיי באַווײַזן זיך דאָ זעלטן-זעלטן
גלײַך ווי מיט אַ ווינט צונויפֿגעקלעפּט.

און די הײַזער דאָ, אויך די וואָלקנקראַצערס
זעען ווי געצעלטן גרויסע אויס
און די פּאַסטעכער פֿאַרפּוצט אין דודס פּאַנצערס
טרײַבן זייערע שאָף צום זאַמד אַרויס.

שעפֿעלעך, אוי שעפֿעלעך געטרײַע,
אייניקלעך פֿון יעקבס שאָף געשטרײַפֿטע און געפֿלעקט,
פּאַשעט איר זיך הײַנט בשפֿע מיט די קלײַען
פֿון די בלומען, וואָס מע שיקט אַוועק.

און די אייזלען און די קעמלען אָנגעלאָדן
בלײַבן שטיין בײַ רויטער שײַן, וואַרטנדיק אויף גרין

מיט דער משא אָנצוקומען ביז צום ים אָן שאָדן
מיט די ריחות פֿון די בלומען אָן געשטאַנקען פֿון בענזין
פֿון אַ לאַסטמאַשין.

אַנדערש, אַנדערש, אַנדערש,
זאַמד פֿון גאָר אַן אַנדערן פּלאַנעט,
היצן פֿון אַ פֿײַער פֿון אַן אַנדערס
אַלץ איז אַנדערש, וואָס איר הערט און זעט.

## דאָס צענטע לידערבוך ליגט אָפֿן

דאָס צענטע לידערבוך צעעפֿנט.
מײַן גאָט, וואָס איז מיט מיר אַצינד?
צי קאָן קיין איינציק ליד ניט טרעפֿן?
צי זענען אַלע בילדער בלינד?

ווּ איז דער קאַרוסעל פֿון פֿאַרבן?
ווּ איז דער כּישוף פֿון געזאַנג?
צי קאָנען לידער אויכעט שטאַרבן?
צי איז מײַן חוש הטעם קראַנק?

צי איז מײַן האַרץ אָן מיר געשטאָרבן
אַ פּראָסטן טויט? צי איז עס מאָרד?
עס ווערט אין מיר מײַן האַרץ באַגראָבן
און אָן אַ קלאָג, אַ טרויערוואָרט.

דאָס צענטע לידערבוך ליגט אָפֿן,
די אויגן קלעפּן זיך, ס׳איז שפּעט,
דו זאָלסט מיך פֿאַר די רייד ניט שטראָפֿן,
מײַן גאָט, וואָס כ׳האָב דאָ אָנגערעדט.

## מיידלעך ביי די פענצטער

איך געדענק אים נאָך דעם אויסגעצויגענעם פֿאַרנאַכט.
מיידלעך שטייען בײַ די פֿענצטער און זיי בענקען
נאָך פֿאַראַנענעם, וואָס שפּיגלט זיך אין זיי פֿאַרטראַכט,
לאָזנדיק די זון אין טײַך זיך טרענקען.

עפּעס שרײַט אין זיי, שרײַט אין זיי געוואַלד,
אָבער קיינער-קיינער רירט ניט מיט קיין פֿינגער
אויף צו ראַטעווען די ליכטיקסטע געשטאַלט,
אָדער כאָטש דאָס אונטערגיין איר מאַכן גרינגער.

מיידלעך שטייען בײַ די פֿענצטער טיף אין זיך פֿאַרטראַכט
און עס איז זיי גוט זיך ניט צו רירן.
איך געדענק אים נאָך דעם אויסגעצויגענעם פֿאַרנאַכט
מיט די מיידלעך בײַ די פֿענצטער הינטער צוגעמאַכטע טירן.

## רעכנט ניט פֿאַר אומגוט

רעכנט ניט פֿאַר אומגוט מיר מײַן שווײַגן,
כ׳האָב אַזוי פֿיל ווערטער שוין דערשטיקט.
ווען איך וואָלט געלאָזט זיי פּלאַפּלען, לײַגן,
וואָלט בפֿירוש מערער מיר געגליקט.

רעכנט ניט פֿאַר אומגוט מײַן פֿאַרקוקן,
כ׳האָב אַזוי פֿיל זאַכן שוין פֿאַרזען
און געלאָזט זיי שטיין הינטער מײַן רוקן,
גלײַך איך וואָלט ווי זיי אַ זאַך געווען.

רעכנט ניט פֿאַר אומגוט מײַן פֿאַרהערן,
ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן וויי און פּײַן.
קעגן וויי-געשרייען קאָן מען זיך ניט ווערן,
נאָר אַ טויבער קאָן אַ גבור זײַן.

# אין טאָג פון אָפּענע הערצער

אין טאָג פֿון דײַנע „אָפֿענע הערצער"
דו שטייסט בײַ דײַן אייגענעם האַרץ
אַזוי ווי אַן אָרעמאַן בײַ אַ פֿענצטער,
וואָס וואַרט אויף אַ שטיקל ברויט אַ שוואַרצס.

איך ווייס, אַז ברויט האָסטו תמיד מערער
אויף דעמאָלט, ווען אַנדערע האָבן עס ניט.
דורכן קוימען אַפֿילו ווי אַ קוימענקערער
דו קאָנסט נישט אַרײַנקומען דערמיט.

אין טאָג פֿון דײַנע „אָפֿענע הערצער"
וואָס דו אַליין האָסט געמאָלדן אַ מאָל,
דו שטייסט בײַ דײַן האַרץ אַן אָנגעפּעלצטער
מיט בלבול און היקעוואַטע קול.

פֿון מסור קאָן מען זיך פֿאַרהיטן,
מע שווײַגט, ווען ער האַלט בײַ דער טיר אַן אויער.
פֿון בלבול אָבער ווערט מען פֿאַרשניטן
אַפֿילו, ווען מע פֿאַרשליסט דעם טויער.

דער בלבול אַז בייליס זאָל האָבן געקוילעט
און גענוצט דאָס בלוט פֿון אַ רוסיש קינד,
דער בלבול קעגן יידישע דאָקטוירים
און דײַנע בלבולים פֿון אַצינד

זיי קומען אין טאָג פֿון אָפֿענע הערצער,
וואָס ווערן פֿאַרקלעמט פֿון דײַן געזאַנג.
די הערצער בעטן: עפֿנט די פֿענצטער
און זאָל באַטש אַרויסגיין דאָס געשטאַנק.

ירושלים, מערץ 1979

## יאַנקל גוטקאָוויטש / ניו-יאָרק

# די דרויסיקע אַמעריקע

### 1. אין סאַבוויי

פון אָנהייב האָב איך זיך ניט געכאַפּט וועגן וואָס סע גייט. אין וואַגאָן זענען נאָך געווען היפּש פרייע ערטער, אַפילו צום זיצן, און די מענטשן זענען געלאָפן ווי אונטערגעשאָסענע. ווער פאַרויס, ווער אויף צוריק. וואָס לויפן זיי אַזוי? — האָב איך געפרעגט. מיין שכן האָט מיר דערקלערט: יעדערער לויפט צו "זיין" וואַגאָן, סע זאָל אים זיין וואָס נעענטער צו "זיין" אַרויסגאַנג. איצטער, אַז כ'האָב זיך אַ ביסל אויסגעגרינט, לויף איך שוין אויך צו "מיין" וואַגאָן.

אין ערגעץ טרעפט איר זיך ניט אַזוי דירעקט מיט די איינוווינער פון דער גרויסער שטאָט ווי אין סאַבוויי. די וואָס האָבן באַוויזן צו פאַרנעמען אַ זיץ־אָרט, וועגן זיי רעדט מען ניט. זיי זענען די גליקלעכע. די איבעריקע שטייען זייט צו זייט, פּלייצע צו פּלייצע. אין גאַס קאָנט איר די אַנדערע פאַרבייגיין, דורכלאָזן, אויסמיידן. ניט אָבער אין סאַבוויי. דאָ ערשט קאָנט איר אָפּפילן דעם טעמפּעראַמענט, די קולטור פון אייערע מיטפאָרער. מיט די סאַבווייען פאָרט דאָס פאָלק צו דער אַרבעט. גיכער, ביליקער און אָן פּראָבלעמען מיטן פאַרקן דעם אויטאָ. דאָ טרייבן קאָרס (אויטאָס בלע"ז) אַלע. יונג און אַלט, מענער און פרויען. מיליאָנען אויטאָס פאַרפלייצן די גאַסן פון דער גרויסער שטאָט. אין אַמעריקע איז אַ קאָר ניט קיין לוקסוס (מיר ריידן ניט פון די טייערע "ראָלרויסן", "קעדילאַקס" און "לינקאָלנס"). דער פּראָבלעם איז: ווו שטעלט מען אַוועק די קאָר, ווו פאַרקט מען זי, היות די גאַסן זענען פאַרפּראָפּט מיט זיי — פאָרט מען מיטן סאַבוויי.

אין סאַבוויי הערט איר אַלע מינים לשונות. דער עיקר: ענגליש און שפּאַניש. דאָס לעצטע, מעגלעך, נאָך מערער. ניט מחמת דער צאָל ריידנדיקע אויף דער שפּראַך פון סערוואַנטעסן, נאָר צוליב דער הילכיקייט פון זיין אַרויסזאָג. אין ניו־יאָרק זענען עס דער עיקר פּאָרטאָריקאָנער. זיי ריידן גיך־גיך, שווער נאָכצוהאַלטן זייער טעמפּ.

כמעט אַלע אין סאַבוויי לייענען. פאָרן דאַרף מען לאַנג, איז כדי צו קירצן די צייט לייענט מען. יונגע מענטשן שלעפּן אַרויס פון דער קעשענע אַ ביכל אין ווייכע טאָוולען, אַ סטודענט — אַ לערנבוך, די מערסטע אָבער אַ צייטונג. אַלע לייענען, אַפילו די וואָס קאָנען ניט לייענען. די לעצטע "לייענען" ביכלעך וואָס אַנשטאָט ווערטער באַנוצן זיי זיך מיט בילדלעך. צו דעם דאַרף מען ניט האָבן באַהערשט די קונסט פון באַנוצן זיך מיטן אַלף־בית. די בילדלעך ריידן שוין פאַר זיך.

די מערסטע לייענען די "דיילי ניוס", די פאַרשפּרייטסטע צייטונג אין אַמעריקע. שוין פון דער ערשטער זייט דערוויסט איר זיך וועגן אַ פרישן מאָרד, אַ האָלאָפּ (אָנפאַל) אויף אַ

באַנק, וואָר וועמען און ווו פֿאַרגוואַלדיקט, אַ פּרישה שריפה, אַ קאַטאַסטראָפֿע מיט אַ סאָבוויי, אַלץ באַגלייט מיט שרייאיקע "קעפּ" און מיט פּאַטאַגראַפֿיעס געמאַכט אויף דער הייסער מינוט. דערנאָך גייען אָוועק זייטן נאָך זייטן מיט אַנאָנסן־רעקלאַמעס, וואָס און ווו עס ווערט פֿאַרקויפֿט, און אומבאַדינגט פֿאַר אַ האַלבן פּרייז: כאַפּט אַריין היות מאָרגן וועט ניט זיין! די צייטונג גייט זיך פֿאַנאַנדער אין מיליאָנען עקזעמפּלאַרן און האָט אַ היפּשע אָפּווירקונג אויף די מיליאָנען לייענער אירע.

בדרך כלל נעמט מען ניט די "דיילי ניוס" מיט זיך אַהיים. אַדורכגעבלעטערט לאָזט מען די צייטונג איבער אין סאָבוויי. זענען טאַקע די וואַגאָנעס אויסגעבעט אָנשטאָט מיט טעפּיכער — מיטן "דיילי ניוס".

די אינטעליגענטערע לייענער לייענען שוין דעם "ניו־יאָרק טיימס". דאָס איז אַ צייטונג מיט דער בעסטער אינפֿאָרמאַציע אין דער וועלט, אַ צייטונג וואָס מיט אירע אַרויסזאָגונגען רעכנט מען זיך פֿון נידעריקסטן "פּאָליטישן" (דאָס איז אַן אַמעריקאַנער באַצייכענונג פֿאַר אַ מענטשן וואָס האָט צו טאָן מיט פּאָליטיקעריי־ביזנעס, און קאָן גריילעך מיינען ניט קיין פּאָליטיקער, נאָר טאַקע און בלויז אַ פּאָליטישן), ביז די סענאַטאָרן און קאָנגרעסלייט, דעם פּרעזידענט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן אַריינגערעכנט. אַ קלייניקייט — די "טיימס" האָט געשריבן! און דאָך איז די צאָל לייענערס פֿון דער "טיימס" נישט אין פֿאַרגלייך אַ קלענערע ווי פֿון די "דיילי ניוס".

צוריק פֿון דער אַרבעט לייענען די ניו־יאָרקער די איינציקע נאָכמיטאָג־צייטונג, די "ניו־יאָרק פּאָסט". געדרוקט אין זעלבן פֿאָרמאַט וואָס די "דיילי ניוס", אָבער אַ סאָלידערע און אַ מער ליבעראַלע. האָט זי טאַקע אַ פּיל קלענערן טיראַזש.

אינעווייניק אין סאָבוויי איז שמוציק. פֿון דרויסן ווידער זענען די וואַגאָנעס באַמאָלט דורך די שוואַרצע ווייסע־חברניקעס, אַזוי, אַז ניט איין אַוואַנגאַרדיסטישער מאָלער וואָלט זיי געמעגט מקנא זיין אין פֿאַנטאַזיע, אין זייער שוווּנג. פּולע, הונדערט פּראָצענטיקע אַב־סטראַקטע קאָמפּאָזיציעס און בחינם!

אין סאָבוויי טרעט קיינער קיינעם ניט אָפּ זיין פּלאַץ. מעג עס זיין אַן אַלטן מאַן, אַן אַלטע פֿרוי, אַ פֿרוי מיט אַ קינד אויף די הענט. אַמעריקאַנער זענען ניט סענטימענטאַל. און טאָמער טרעפֿט פֿאַרט, אַז איינער טרעט אָפּ זיין אָרט אַן עלטערער פֿרוי אָדער אַ מאַמען מיט קינדער, זאָלט איר וויסן, אַז דער איינער קומט ערגעץ פֿון דער "צעפּוילטער אייראָפּע".

די סאָבווייען זינדיקן ניט מיט פּינקטלעכקייט. ניטאָ קיין גראַפֿיק פֿון זייער אָנקום און אָפּגיין. צוליב אַלטקייט, מסתמא, בלייבן זיי אָפּט שטעקן אין די אונטערערדישע טונעלן. צום באַוווּנדערן איז די סטאָישע רויקייט, מיט וועלכער די פֿאָרער באַגעגענען אַזאַ מין ניט פֿאַרגעזעענעם אָפּשטעל פֿון צוג. בלויז איין מאָל בין איך בייגעווען ווי עפּעס אַ פּאַסאַזשיר האָט ניט אויסגעהאַלטן און אויסגעזעצט אַ שויב פֿאַר כעס. דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, אַן אויסנאַם־פֿאַל. בדרך כלל זיצט מען רויק, די נעזער אַריינגעטאָן אין דער צייטונג.

ניט זעלטן "ווערטלט" מען זיך איבער צווישן זיך. איינער האָט אָנגעטראָטן אויפֿן הינער־אויג פֿון צווייטן. ס'מוז אָבער ניט גורם זיין אַזאַ מין אויסטויש פֿון "העפֿלעכקייט". ס'דערגייט, זאָל אַזוי ניט דערגיין, צו אַן "איבעררייד", געזען דורך די קאָלירן פֿון "שוואַרץ

און ווייס״, ווי אַן אויסבראָך פון אויטענטישער ראַסן־שנאה, אָנגעזאַמלט במשך פון ווער ווייסט וויפל דורות און ביי באַדינגונגען, וואָס די היינטיקע סאָבוויי־פּאַרער האָבן צו זיי אַזאַ שייכות ווי איך מיט אייך צום טערקישן סולטאַן. ווי געזאָגט אָבער שרייב איך דערווייל בלויז וועגן דער דרויסיקער אַמעריקע, און דאָ טרעטן מיר אַריין אין גבול פון דער אינעווייניקסטער אַמעריקע, נאָר וועגן דעם — אפשר שפּעטער.

## 2. אויב נישט נאָך העכער...

אַמעריקע איז דאָס גרעסטע און רייכסטע לאַנד אין דער וועלט. וואָס דען, ניט אַזוי? ניו־יאָרק ווידער, איז די גרעסטע שטאָט און בראָדוויי, די לענגסטע גאַס אין דער וועלט. זי ציט זיך פון סאַמע דרום פון ניו־יאָרק און פאַרכאַפּט שוין אַ שטיק פון שכנותדיקן יאָנקערס.

די גרעסטע אוניווערסאַלע מאַגאַזינען (דעפּאַרטמענט סטאָרס), די גרעסטע סומער־מאַרקעטן (שפּייז־געוועלבער), די לענגסטע בריקן, די העכסטע בנינים. קיין העכערס גיט גאָר ניט אין דער וועלט. איר ספקט? — אַמעריקאַנער ספקן ניט.

וואָל־סטריט איז טאַקע ניט מער ווי אַ שמאָל קורץ געסל אין ניו־יאָרק, האָט זי אויך איר אייגענעם זכות־אבות: דאָ האָבן זייערע אָפיסעס (ביוראָען) די גרעסטע בענק אין דער וועלט היינט די גרעסטע אין דער וועלט בערזע פון ווערט־פּאַפּירן און אָקציעס פון אַלע גרעסערע און קלענערע קאָרפּאָראַציעס און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, איז אַ הונט ביי אייך?

בסך הכל זענען די פאַראייניקטע שטאַטן אַ יונג לאַנד מיט אַ יונג פאָלק. מע האָט ערשט נישט לאַנג געפּראַוועט דעם 200־יאָריקן יובל פון דער אַמעריקאַנער רעפּובליק. אויב איטאַליע, פראַנקרייך, זענען לענדער פון טוריסטן, איז אַמעריקע אַ לאַנד פון איינוואַנדערער. ווער עס איז געקומען מיט הונדערט אָדער מער יאָר קריק, און ווער ערשט נעכטן. אַפילו די וואָס האַלטן זיך פאַר די סאַמע מיוחסים, די אַזוי גערופענע וואַספּ (ווייסע, אַפּשטאַמיקע פון דער אַנגלאָזאַקסישער ראַסע, פּראָטעסטאַנטן לויט דער רעליגיע), זענען אין לעצטן סך־הכל אויך איינגעוואַנדערטע, געקומענע אַהער פון אייראָפּע, אפשר מיט דעם אונטערשייד, וואָס זיי, צוזאַמען מיט די נאָך פריער געקומענע שפּאַנישע קאָנקוויסטאַדאָרן, האָבן אויף זייער קאָנטע דאָס אויסראָטן דאָס הי־געבאָרענע פאָלק, — די אינדיאַנער, וואָס מיט דעם קאָנען זיך געוויס ניט איבערנעמען די שפּעטער געקומענע.

ווי אַזוי־זשע און מיט וואָס־זשע איז אַמעריקע געוואָרן דאָס וואָס זי איז און דאָס במשך אַ קורצן געשיכטלעכן צייט־אָפּשניט? טאַקע אַ ריזיק לאַנד, געבענטשט מיט קאָלאָסאַלע נאַטור־אוצרות, אָבער רוסלאַנד, די אַמאָליקע, די פון די צאַרן, און סאָוועט־רוסלאַנד פון היינט, פאַרמאָגן דאָך אויך פון די אַלע עשירותן. און כינע, מסתמא, אויך. און דאָך? אַ גרויס פאָלק! יאָ, 220 מיליאָן איינוווינער ציילן די פאַראייניקטע שטאַטן. אַזוי פיל אָדער אַפילו מערער, ציילט דער ראַטן־פאַרבאַנד. כינע — באַלד אַ מיליאַרד, אינדיע ״בלויז״ 600 מיליאָן. איז מיט וואָס זשע פאַרט דערקלערט זיך די רייכקייט און די שפע, דער דאָזיקער פאַנאַנדערבלי פון לאַנד? אוודאי מיינט נאָך ניט דער פאַנאַנדערבלי פון

דער דאָזיקער טעכנישער ציוויליזאַציע אויך אַ גרויסע קולטור־ציוויליזאַציע, אָבער וויפל פון די אַלטע אייראָפּייאישע קולטור־פעלקער וואָלטן זיך גערן געביטן מיט אַמעריקע, איר אָפּגעגעבן אַלע זייערע היסטאָרישע דענקמעלער און קונסט־מערקווירדיקייטן פאַר די וואָלקנקראַצערס פון מאַנהעטן — אָט דעם אינדזעלע אין האַרץ פון ניו־יאָרק, אָפּגעקויפט אַמאָל פאַר עטלעכע־און־צוואַנציק זילבער־טאָלער ביי די אינדיאַנער. היינט וואָלט, מסתמא, ניט געקלעקט די יערלעכע הכנסה פון אַ גאַנצער ריי אייראָפּעישע מלוכות אים צוריק אָפּצוקויפן.

געקומען אַהער זענען מענטשן וואָס האָבן געהאַט אין גאַנצן איבערגעריסן מיט זייער פאַריערדיקייט. קיין זאַך איז ניט געווען בכוח צו צוימען זייער עקספּאַנסיע ביים באַהערשן קאָלומבוסעס מדינה. אַלץ וואָס איז געשטאַנען אין וועג איז אָפּגעראַמט געוואָרן. די געזעצן פון אייראָפּע, די מאָראַל פון דער אַלטער היים, זענען איבערגעלאָזט געוואָרן אין דער אַלטער היים. דעצידירט האָט דער רויער כוח. דאָס איינציקע בוך וואָס זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך — די ״ביבל״, רעדט זיך דאָרטן אויך ווי גאָטס אויסדערוויילט פאָלק האָט מיט שווערד איינגענומען דאָס לאַנד כנען. ניט געווען קיין גענוג פאַר יעדער מין פּריוואַטער איניציאַטיוו. די קאָלאָסאַלע אָנזאַמלונג פון פאַרמעגנס, די קאָנצענטראַציע פון עשירות פלוס אַרבעט, מענטשלעכע אַרבעט, האָבן געמאַכט פון אַמעריקע דאָס וואָס זי איז געוואָרן. מע דאַרף זען ווי אַמעריקאַנער אַרבעטן. ניט ווי עס ווערט געאַרבעט אין די מלוכהשע אָדער קאָמונעלע אינסטיטוציעס — דאָ ״אַרבעט״ מען ווי אין אַלע ענלעכע אינסטיטוציעס אין דער גאָרער וועלט.

ניט אַזוי אין פּריוואַטן ביזנעס. דאָ ווערט וויסנשאַפטלעך, מיט דער הילף פון געלערנטע, סטאַטיסטיקער, קאָמפּיוטערס געפּאַרשט עס זאָל ניט פאַרלוירן גיין קיין איין מינוט, די מענטשלעכע אַרבעט זאָל אַרויסגעבן דעם מאַקסימום רעזולטאַטן. און באַוואָפנט איז דער אַמעריקאַנער אַרבעטער מיט מכשירים און אינסטרומענטן, מיט הייב־קראַנען און גראָב־מאַשינען, מיט טראַקטאָרן און קאָמביינען, ווי אין קיין שום אַנדער לאַנד. נישט קיין שמץ פון דער רוסישער ״דובינושקע״ (שטעקן) און ״עי, אוכניעם!״, דערצו איז אַלץ סטאַנדאַרטיזירט ביזן לעצטן שרייפל. אימפּראָוויזירן ווערט איבערגעלאָזן פאַר די מענטשן פון דער קונסט־בראַנזש, כאָטש אויך דאָ פעלן שוין ניט קיין עלעמענטן פון סטאַנדאַרטי־זאַציע.

צו דעם אַלעם איז אויך נייטיק, פאַרשטייט זיך, די פאַראינטערעסירטקייט פון אַרבעטער אין זיין טוּעכץ, ער זאָל אויך געניסן, אין אַ וואָסער ניט איז מאָס, פון דער אַלגעמיינער שפע. האָבן טאָקע די אַמעריקאַנער אויסגעבויט אַן אַמעריטשקע האַ־האָ! דאָס מיינט ניט, אַז אַלע דאָ זענען רייך, געהערן צום שטאַנד פון די ראָקעפעלערס און מאָרגאַנס און ווי זיי הייסן דאָרטן. אין אַמעריקע האָבן מיר די גרעסטע אָנזאַמלונג פון עשירות אין דער וועלט, און די סטאַטיסטיק וועגן די דורכשניטלעכע הכנסות פון די בירגער זענען אימפּאָנירנדיקע. הינטער די דאָזיקע, אויגנפאַרכאַפּנדיקע ציפערן, באַהאַלטן זיך די פּאַנ־טאַסטישע ״פאַרדינסטן״ פון די פּרעזידענטן און וויס־פּרעזידענטן, דירעקטאָרן און וויצע־דירעקטאָרן פון די גרויסע קאָרפּאָראַציעס און ביינק, אייל־אימפּעריעס און אינדוסטריעלע גיגאַנטן, און מיין וואַכן־לוין און פון אַזעלכע ווי איך. ניטאָ אַזאַ אָנזאַמלונג פון רייכקייט

אין געציילטע העגט ווי דאָ. מע זאָגט, און גיי קאָנטראָליר עס, אַז דער פאַרמעגן פון איינער אַזאַ משפחה איז גענוג אָפּצוקויפן בעלגיע, מיט האָלאַנד, מיט לוקסעמבורג ווי אַ צולאָג.

אין דער שטיין־רײַכער אַמעריקע זענען פאַראַן, איר וועט עס ניט גלויבן, מיליאָנען אָרעמע, אין דעם אויך אחינו בני ישראל. מע שטאַרבט ניט פון הונגער, אָבער מע איז גענוג אָרעם מע זאָל איין מאָל און אַ צווייטן מאָל איבערציילן דעם טאָלער, איידער מע גיט אים אויס.

קוים אַרבעט אָבער דער מענטש, פאַרדינט ער שוין אויף זיין אויסקומעניש, און לייגט נאָך אָפּ אַ טאָלער אויף אַ רעגנדיקן טאָג, ווי מע זאָגט דאָ. דאָס, פאַרשטייט זיך, ציט די מענטשן וואָס רייסן זיך קיין אַמעריקע פון אַלע עקן וועלט. קיינער וועט מיר ניט איינריידן, אַז די אַלע פּאָרטאָריקאָנער האָבן פאַרלאָזן זייער ווונדער־שיינעם אינדזל, די נעגער און מולאַטן פון דרום־אַמעריקע זייערע היימען, די אינדוסן, כינעזער און אַנדערע יאַפּאַנעזער, זענען אַלע געקומען אַהער צוליב דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע. דעמאָקראַטיע איז טאַקע זייער אַ ווױלע זאַך, נאָר ציען ציט די מענטשן אַהער די מעגלעכקייט פון באַקומען אַרבעט, קאָנען פאַרדינען, די פּערספּעקטיוון פון אַן אייגענעם אויטאָ מאָרגן און אַ שרייאיקן טראַנזיסטער היינט, שוין ניט ריידנדיק וועגן זאַט אָפּעסן. דאָס איז ניט שייך די גרעסערע אָדער קלענערע שטראָמען פון גערודפטע צוליב רעליגיעזע אָדער ראַסן־סיבות, ווי דאָס איז געווען מיט די יידן פון צאַרישן רוסלאַנד אין די ניינציקער יאָרן פון פאַריקן יאָר־הונדערט, וואָס האָבן זיך דאָ געראַטעוועט פון די מאַסן־פּאָגראָמען און דאָ געפונען אַ היים פאַר זיך.

אַריינקומען אין אַמעריקע קומט אָן ניט לייכט. אַ מעשה מיט קוואָטעס. פאַר יעדן לאַנד איז דאָ איינגעשטעלט אַ געוויסע צאָל אַריינפאַר־וויזעס. אַדורכפירן די פאָרמאַליטעטן פאַרנעמט אַ סך צייט און איז פאַרבונדן מיט ניט ווייניק קלאָפּאָטן. פון די שכנותדיקע לענדער באַמיט מען זיך די אַלע פאָרמאַליטעטן אויסצומיידן און מע קריגט זיך אַריין אומלעגאַל. ס׳קאָסט טאַקע, אָבער די פּראָצעדור איז ניט אין פאַרגלייך אַן איינפאַכערע. ציילן זיך טאַקע די אומלעגאַלע איינוואַנדערער אין די מיליאָנען. אַלע וויסן פון דעם, אויך די וואָס זענען באַרופן צו דעם ניט צו דערלאָזן, אָבער סע העלפט ניט.

קוים אָבער ביסטו אין לאַנד אַריינגעקומען, קאָנסטו זיך באַזעצן ווו דו ווילסט. דיין זאַך. דאַרפסט זיך ניט מעלדן אין דער פּאָליציי, קיינער פאָדערט ניט פון דיר קיין דאָקומענטן, דאַרפסט נאָר ווייזן (פאַר אַ געקומענעם) דאָס פּאַפּירל וואָס גיט דיר דאָס רעכט אויף אַרבעט. אַן אַמעריקאַנער האָט ניט קיין פּאַספּאָרט, סיידן ער קלייבט זיך פאָרן קיין אויסלאַנד. דער וויכטיקסטער און פאַרשפּרייטסטער דאָקומענט ביי אַמעריקאַנער איז די דערלויבעניש צו "טרייבן" אַן אויטאָ. דער דאָזיקער דאָקומענט ווערט האָנאָרירט אומעטום: אין באַנק ביים אַרויסנעמען געלט, אין געריכט, אין דער פּאָליציי, און ווו ניט? די דעצידירנדיקע פראַגע איז: ווו דו געפינסט דיין אַרבעט. אין דער גרעסערער שטאָט זענען די מעגלעכקייטן גרעסערע. זענען זיי טאַקע, די שטעט, מגולגל געוואָרן אין ריזיקע גיגאַנטן. דער קלימאַט אין זיי איז אַ גוואַלדיק פאַרפּעסטיקטער, פאַבריקן און מיליאָנען אויטאָס שפּייען אַרויס מיליאָנען טאָן שעדלעכע אָפּזאַצן אין דער לופט פון די דאָזיקע

שטעט, אַזוי אַז ווען סע קומט דער "ליבער" זומער, קאָן מען קוים דעם אָטעם אָפּ כאַפּן, און דאַך ציען די שטעט צום מערסטן דעם אימיגראַנט. ערשטנס, געפינט ער שוין דאָ אַ שטיקל היימישע סביבה, זיינע לאַנדסלייט. איטאַליענער האָבן זיך זייערע ווױן־ראַיאָנען, די כינעזער — זייערע, די שפּאַניש־ריידנדיקע — זייערע. אמת, ניטאָ קיין שטרענג־צעטיילטע ראַיאָנען, די גרענעצן זענען שטאַרק באַוועגלעכע. חוץ דער עמיגראַציע פון דרויסן, קומט פאָר אַ כסדרדיקע פעלקער־וואַנדערונג אין לאַנד גופא. דאָס איז באַזונדערס נוגע יידן. די סיבות? — פאַרשיידענע. טייל האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט, געוואָרן פאַרמעגלעך אָדער טאַקע רייך, האָבן זיי "געמופט", ד"ה זיך איבערגעצויגן אין בעסערע געגנטן, רייכערע, ווו דאָס דירה־געלט איז אַן אַ שיער העכער און ניט פאַר יעדן צוטריטלעך. די מערסטע אָבער האָבן זיך איבערגעקליבן אונטערן דרוק פון אַנדערע פעלקער־גרופּעס. אַזוי למשל איז דער היינטיקער האַרלעם, דער צענטראַלער נעגערשער ווױן־ראַיאָן, געווען בשעתו אַ דורכאויס יידישע געגנט. היינט וועט איר דאָרטן אַ יידן אויף אַ רפואה ניט געפינען. נאָר דאָ גייען מיר שוין ווידער אַריבער דעם גבול פון דער אינעווייניקסטער אַמעריקע. און פּראָבלעמען האָבן זיך דאָ אָנגעהויפט מער ווי מע וואָלט זיך עס געקאָנט ווינטשן, פּראָבלעמען פון רייך און אָרעם, פּראָבלעמען פון סאָציאַלן און ראַסן־כאַראַקטער, מיט אַ סך, אַ סך אָנוווקסן, אויף וועלכע יעדער איינער האָט זיך זיין ענטפער און פאַרענטפער.

### 3. אין גאַס, אין סופּערמאַרקעט, אין דעם היים

דאָס האַרץ פון ניו־יאָרק איז מאַנהעטן, אָט דאָס קליינע אינדזלעלע אין צענטער פון דער שטאָט. די אַרומקרייזנדיקע ראַיאָנען, ווי: בראָנקס, קווינס, ברוקלין, זענען אין גרונט גענומען גרויסע, ריזיקע שטעטלעך, אָדער, אויב איר ווילט, מיליאָניקע דערפער, מיט זייערע אייגענע פיזיאָנאָמיעס און כאַראַקטער.

ביי טאָג איז די שטאָט געווען גראָ, דערפאַר ביינאַכט פאַרכאַפּט דאָס אויג. עס בלענדן און בליצלען טויזנטער און טויזנטער ליכטער פון אַלע קאָלירן און שימערירונגען. און אַלע רייסן זיי זיך, צוליב ענגשאַפט, ניט אַזוי אין דער ברייט ווי אין דער הויך. דערביי פלייצט אַן אומענדלעכער, לעבעדיקער, צאַפּלדיקער שטראָם פון אויטאָס.

יונגע מענטשן, אַפילו ווען זיי לעבן ניט אין מאַנהעטן, רייסן זיך אַהין נאָך דער אַרבעט, נאָך די שעהען אין אוניווערסיטעט. דאָ זענען קאָנצענטרירט די מערסטע קינאָס, אַלע טעאַטערס, מוזייען,גאַלעריעס, די רייכע מאָדע־געשעפטן, די גרעסטע "דעפּאַרטמענט־סטאָרס" (אוניווערסאַלע געוועלבער), באַרן און רעסטאָראַנען וואָס נעמען זיך איבער מיט דעם וואָס זייערע קליענטן ווערן באַדינט דורך האַלב אָדער דריי פערטל אויסגעטאָענע קעלנערקעס.

די באַלעבסטע פון אַלע גאַסן איז די צוויי־און־פערציקסטע ביים טיימס־סקוועער און די גאַסן וואָס רינגלען זיי אַרום. דאָ "בליט" דער האַנדל מיט פּאָרנאָגראַפיע. פאַר בלויז אַ קוואָדער (25 סענט) קאָנט איר אַריינקוקן אין אַ פילם־קאַסטן און זען אַ סעקס־פילם, אָדער איר קאָנט איינהאַנדלען אַ זשורנאַל מיט נאַקעטע יפיפיות אין אַלע מעגלעכע, און

נאָך מערערע אוממעגלעכע פּאָזעס. פאַר פּרויען־זשורנאַלן מיט מענער־מאָדעלן, אויך אויסגאַבעס פאַר האָמאָסעקסואַליסטן, לעזביאַנערינס, געשלעכט־סאַדיסטן. אין די קינאָען פון יענעם ראַיאָן ווייזט מען פילמען, וואָס אילוסטרירן די נייסטע "טעכניק" פון ליבן זיך.

אַ סך מענטשן זענען אַרויסגעטראָטן פאַר ליקווידירן די "שאַנד פון ניו־יאָרק". ס'האָבן זיך גלייך געפונען פאַרטיידיקער — סטייטש? איר ווילט צונעמען ביים אַמעריקאַנער זיין פרייהייט? און ווו איז דעמאָקראַטיע? איר ווילט ניט קוקן? קוקט ניט! עמיצער נייט אייך? אָבער די וואָס ווילן יאָ קוקן? פאַר וואָס דאַרפן מיר אָפּנעמען ביי זיי זייער רעכט? חוץ דעם, שמועסט מען, זענען אין דעם פאַראינטערעסירט היפּשע קרייזן פון דער ביזנעס־וועלט. אויך די שטאָט, זאָגט מען, קריגט עפּעס אַריין פון דער הכנסה פון די דאָזיקע אונטערנעמונגען, איז ווי־זשע ליקווידירט מען זיי?

דאָס איז פאַרן פּראָסטן פאָלק, פאַרן ערב־רב, פאַר די געקומענע פון דער פּראָווינץ. פאַר די מער פאַרמעגלעכע זענען פאַראַן אין זעלבן ראַיאָן, און פאַר די רייכע אין די רייכערע גאַסן, מאַסאַזש־סטודיאָס. פאַרן געהעריקן באַצאָלטס קאָנט איר זיך לאָזן איינרייבן די מידע גלידער, און אויך זיך באַנוצן מיט אַנדערע דינסטגרייטקייטן פון דער מאַסאַ־זשיסטין. נאָר צאָלט.

ניטאָ, זאָגט מיין באַקאַנטער, קיין מער אינטערעסאַנטע שטאָט ווי ניו־יאָרק. ער איז שוין אויסגעוועזן אַ וועלט, אָבער יעדער מאָל ווען ער פאָרט אַוועק פון ניו־יאָרק אויף אַ ביסל צייט, נעמט אים, ווי מיט אַ מאַגנעט, ציען צוריק אַ היים. כדי צו זען אַ רעמבראַנדט, אַ בילד פון גאָיאַ, אַן על גרעקאָ, צי גאָר די פראַנצייזישע אימפּרעסיאָניסטן, אַ פּיקאַסאָ אָדער אַ שאַגאַל, אַ מאָדיליאַני צי אַ סוטין, דאַרף מען היינט ניט פאָרן קיין אייראָפּע. אַמעריקע האָט שוין אַ סך פון די דאָזיקע באַרימטע מייסטער אַריבערגעשלעפּט צו זיך. היינט די טעאַטערס, באַלעטן, סימפאָנישע קאָנצערטן, שוין אָפּגערעדט פון דעם אייגענעם אַמעריקאַנער ראָק־ענד־ראָל, נעגער־זינגערס, וועט איר אַ צווייטע אַזאַ ניט געפינען.

ניו־יאָרק איז אָבער ניט גאַנץ אַמעריקע, און אַמעריקע איז ניט ניו־יאָרק. אַמעריקע דאָס זענען די טויזנטער און טויזנטער גרעסערע און קלענערע שטעט און שטעטלעך מיט זייערע בענזין־סטאַציעס ביים אַריינפאָר און אַרויספאָר, מיט זייערע סופּערמאַרקעטן און "טשוירט" (קלויסטער) אין דער מיט, מיט די צענדליקער כאַפּ־אַ־ביס־אינסטיטוציעס. אַמעריקאַנער האַלטן זייער פון דער אכילה. מע האָט פיינט צו לאָזן איבערחלשן דאָס האַרץ, עסט מען. יעדע אונטערנעמונג פון געזעלשאַפטלעכן, קולטורעלן צי אַפילו ליטעראַ־רישן כאַראַקטער אויך ביי אחינו בני ישראל, אָדער ביי זיי נאָך מערער, ווערט באַגלייט מיט אַ צוביס, מיט אַ "לאָנטשאָן". ווער קאָן אויסזיצן אַזוי פיל צייט און ניט כאַפּן עפּעס אַן איבערביס? אָפּט הייבט זיך עס אָן מיטן עסן, און וואָס איז ניט ווייניקער וויכטיק, — דער שמועס דערביי מיט פריינד און באַקאַנטע. דאָס געהערט שוין צום אַזויגערופענעם אַמעריקאַנער "סטייל" (סטיל) ווייל וואָס דען? כ'בין געקומען הערן דעם לעקטאָר דעם נודניק? זיך טרעפן מיט פריינד, מיט באַקאַנטע — אָט וואָס.

די באַדינונג אין אַמעריקע איז אַוועקגעשטעלט קאָמערציעל, דערפאַר — ערשטקלאַסיק. אין די געוועלבער איז אַלץ אויסגעלייגט, פאַרפאַקט, די פרייזן אָנגעגעבן פון אויבן. ביי שפּייז־פּראָדוקטן איז אָנגעגעבן די צייט פון זייער פרישקייט.

בדרך כלל קויפן איין די מענטשן פראָדוקטן אויף דער גאַנצער וואָך. דערנאָך קויפט מען צו דאָס און יענץ. דאָס ווערט געמאַכט דער עיקר פרייטיק צו נאַכט אָדער שבת אין דער פרי, ווען מען איז פריי פון דער אַרבעט. איינער קומט מיט אַן אייגענעם אויטאָ, אַ צווייטער מיט אַ קליין וועגעלע ספּעציעל פאַר דעם צוועק, אַ דריטער — באַשטעלט מען זאָל אים די איינגעהאַנדלטע סחורה צושטעלן אַ היים. צו דעם האָט יעדער סופּערמאַרקעט אַ פּאָר ייִנגלעך מיט אַ "בייסיקל" (ראָווער), וואָס ווילן צופאַרדינען אַ פּאָר סענט, און זיי ברענגען עס אייך אַהיים. האָבן זיי דערפון קעשענע־געלט.

די רייכערע קומען ניט אין סופּערמאַרקעט, קלייבן ניט אָפּ קיין סחורה. דאָס טוט שוין פאַר זיי דער סופּערמאַרקעט און איר קאָנט זיך אויף אים פאַרלאָזן. זיי מאַכן עס־אַלץ דורך דער פאַרמיטלונג פון טעלעפאָן, נאָר צאָל! אַזאַ אויסוואַל, אַזאַ קוואַליטעט פון סחורות, וועט איר אין די סופּערמאַרקעטן פון די אָרעמע געגנטן ניט זען.

דאָרטן ווו מיר קויפן איין, טרעפן מיר אָפט אַן עלטערן יידן. אַלע מאָל אַליין, אָן אַ ווייב. מסתמא אַן עלנטער מענטש. ער באַקוקט יעדער מאָל די סחורה, קאָנטראָלירט נאָך דעם פּרייז, פאַרגלייכט מיטן פּרייז פון אַן ענלעכער סחורה פון אַ צווייטער פירמע. ביי דער קאַסע ציילט ער צוויי מאָל דאָס געלט. יאָ, ווייט ניט אַלע יידן אין אַמעריקע זענען ראָטשילדס. נאָר די לעגענדע גייט זיי נאָך. אַ קליינינקייט — אַמעריקע!

אין די שטעט מיט אַ גרעסערער אָדער אַפילו קלענערער יידישער באַפעלקערונג, ווייזן אָן די סופּערמאַרקעטן שוין ביים אַריינגאַנג, אַז דאָ קענט איר באַקומען כשרע און ניט כשרע פּראָדוקטן. די כשרע ליגן אין גוט־שכנות מיט די ניט כשרע אַרטיקלען. אמת, אַלץ איז הערמעטיש פאַרמאַכט, פאַרפּאַקט און פאַרקלעפּט און ס'קאָן קיין זאַך ניט צושטיין פון איין אַרטיקל צום צווייטן. דאָך, די שכנות פון אַ כשר הינדל מיט אַ שטיק בשר־קוויטש, ווירקט אויף אַ ניי־געקומענעם היפּשלעך מאָדנע. אַמעריקאַנער יידן פון אַ גאַנץ יאָר, שאַקירט עס ניט. אַ פרומער, פאַרשטייט זיך, וועט פון דעם מין כשרע פּראָדוקטן ניט געניסן. אַן אָפּגעהיטער ייד וועט גיין איינהאַנדלען אין אַ געוועלב וואָס פאַרקויפט "גלאַט כשר", וועט גיין צו זיין "בוטשער" (קצב) נאָך אַ כשר שטיקל פלייש אָדער נאָך אַ "טשיקען" (אַ הינדל), אין אַ בעקעריי גלאַט כשר.

די כשרות־אינדוסטריע אין אַמעריקע איז אַ מיליאָנען־ביזנעס. אין שול טאַקע גייט דער ייד איין־צוויי מאָל אַ יאָר: ראש השנה און יום־כיפור, אָבער מאַנישעוויטשעס געפילטע פיש, האָראָוויצעס אייער־מצה, גודמאַנס מצה־קניידלעך — אדרבה ואדרבה. אין די געדיכט־באַוווינטע יידישע געגנטן פון ברוקלין, אויך אַנדערע ראַיאָנען, קאָנט איר באַקומען געפילטע קישקע, קנישעס, בלינצעס, אַ לאָקשן־אָדער בולבע־קוגל. צו די יום־טובים ריידן צו אייך די בעקערייען מיט דער שפּראַך פון המן־טאַשן, טייגלעך, און וואָס ניט? דער מין יידישקייט האָט זיך אויפגעהאַלטן צום בעסטן. אי, דער יידישער מאָגן זאָל געזונט זיין!

(המשך קומט)

## שלמה רויטמאַן

# סטראָפעס

פֿון ציקל „פּאַטריאַכאַליש״

### די סטראָפֿע

ס׳איז מײַן פֿירשורההדיקע ליד
אַ װעגעלע אויף רעדער פֿיר,
דער זין מיט האַרץ אונטערגעשמידט
איז דאָס געטרײַע פֿערד בײַ איר.

### װעגן װאָס װיינט אַ װאַסערל

אַ שנייען-שטראָמעלע אַ ריינס
װיינט אונטער זון מיט גרױסע טרערן,
אַז אויף דעם ריטשקעלע דעם קליינס
ניט װיל זיך אויסגעטריקנט װערן.

### אַ ריס אין דער קייט

פֿאַר קלעפּ פֿון האַרץ מײַנעם נישט האָט מײַן זון קײַן אויער,
אויך איך דערהער ניט, װאָס די אויגן זײַנע ריידן.
צי װעלן אפֿשר פֿאַר אַזאַ מין טאַטנס טרויער
אַ מאָל די אייניקלעך דערפֿרייען זייער זיידן.

### דער אַלטיטשקער פּראָפֿעסאָר

װאָס דורות מער סטודענטישע כ׳פֿלעג ליבן,
אַלץ יונגער האָט דעם האַרץ געװאָלט זיך זײַן.
צי איז אין אודיטאָריעס פֿאַרבליבן
מײַן שפּאַנענדיקער שאָטן און מײַן שײַן?

### דער בעזן-קוסט

פֿאַר מיר זיך האָט מיט דופּט געמעלקט
אַ מילכיק-בלויער בעזן-קוסט,
און כאָטש ער איז שוין לאַנג פֿאַרוועלקט,
ער היילט נאָך אַלץ מײַן קראַנקע ברוסט.

### מײַן משפּחה

הײַנט איז אין מיר אַזוי ווי נאָך אַ רעגן,
דאָרט גרינען ווידער יונגע שפּראָצנדיקע וועגן,
וואָס פֿירן מיך — אַזאַ פֿאַרבלאָנדזשעט ביימל-קינד —
צו טאַטע-הימל, מאַמע-ערד און ברודער-ווינט.

### גלויבן

אַש שיט שוין פֿון מײַן פֿײַערווערק,
צום טויט ווערט קירצער דער מהלך,
נאָר כ׳גלייב נאָך, הינטער יענע בערג
וואַרט אַלץ אויף מיר דער גוטער מלאך.

### צום תּמימותדיקן מאָלער

ווײַל האָסט דײַן פֿאַרב פֿון גראָז געצויגן,
געזויגן חכמה פֿון דער ערד,
דו מאָלסט בײַ שעפּעלער די אויגן
באַהאַרצט און קינדעריש-פֿאַרטרערט.

### פֿאַרבענקט זיך

כ׳בענק נאָך אײַך, נשמות ריין ווי גאָלד,
איר האָט מיר אין אַ נויט געדינט דאָך גערן —
קיין איבעריקן גראָשן ניט געוואָלט,
אַז איר פֿון אים זאָלט אָרעמער ניט ווערן.

### רײנע קינאה

אויף טאַטעס קוקן זין מיט אומשולדיקער קינאה
דער נעבכטן שיכורט זיי מיט העלדישקייט, ווי ווײַן,
צי וועלן יונגען אויך אַ מאָל מיט הערצער גרינע
מײַן עלנט־אָפּגעברענטן דור מקנא זײַן?

### פֿאַרקאָכט

וואָס טויג דיר, קינד, פֿאַר שטערן זיך צו בוקן,
באַוווינען יענעם, וואָס איז אָפּגעפֿלויגן;
קיין איינער קען פֿון זיי אַזוי ניט קוקן
ווי איך אויף דיר פֿאַרליבט מיט מײַנע אויגן.

### מײַן אָסיען

פֿאַלט אויף מיר מיט ווינט און רעגן אַן דער אָסיען,
קומט ער מיך, ווי זײַן גערעטעניש, צו קאָסיען;
כ׳בין די בין, וואָס האָט איר זומער אָפּגעזשומעט,
שטעקט אין מיר דער סערפּ פֿון שנײַדנדיקן אומעט.

### מײַן ווינטער

קומען די זאַווייען מיך פֿאַרווייען,
קומען זאַמעטילן מיך פֿאַרשטילן,
וויקלען מיך די הימלען אײַן אין שנייען,
מיך, ווי ווינטער־תבואה, אײַנצוהילן.

### מײַן זומער

הענג איך מיט דעם זומער אויף די צווײַגן,
גלײַך מיט פּירות טרינק איך שיכור שטראַלן,
גוט מיט אים נאָך גרין צום הימל שטײַגן,
גוט מיט אים שוין רײַף צום נידער פֿאַלן.

## מײַן װעסנע

האָב איך מיט דער װעסנע אָפּגעדופּט,
אָפּגעװיגט זיך אין דער װיג פֿון קװײט,
איצט בין איך אין גאַנצן אין דער לופּט
װי אַ קינדהײַט בלעטלעכװײַז צעװײט.

## מיט מײַן עלטער־זײדן

מע זאָגט, כ'בין ענלעך אויף מײַן עלטער־זײדן,
מיר האָבן אײנס דאָס צװײטע ניט געװוּסט,
נאָר אויב אײן פּנים איז בײַ אונדז בײַ בײדן,
איז אָט די װעלט שוין גאָרנישט אַזוי פּוסט.

## װער זענען מיר?

צי פֿון אַ שׂרפֿה אונדזער לעבן איז דען מער,
צי אפֿשר װײניקער מיר זענען פֿון אַ טרער?
די פֿונק ניט לאָזט דאָך אונדז צוריק צו אַש זיך קערן,
די טרער ניט לאָזט מיר זאָלן אויסגעטריקנט װערן.

## אויף דעם גרינעם לשון

װען אויך אויף הילך פֿון האָרץ מײַנעם נישט ענטפֿערט מיר דער רוים,
װי ס'װאָלט פֿאַר אים מײַן גאָלדגעװיכט נישט װעגן אויך קײן גראָשן
דאַן זע איך אַלע צונגען פֿון דער װעלט נאָר אין דעם בוים,
איך װײן מיט טוי, ער ענטפֿערט מיר אויף רײנעם גרינעם לשון.

# פֿאַרקריצט אין זכרון...

## צום 90סטן געבוירן-טאָג פֿון דוד האָפשטיין



צייכענונג פֿון קינסטלער א. מערכער

ס׳וועט ניט פֿאַרגיין אונדזער צער פֿאַר די קרבנות און ס׳וועט זיך ניט שטילן אונדזער צאָרן אויף די הענקער, ביים אויסציילן די דערמאָרדעטע אין ראַטנפֿאַרבאַנד יידישע וואָרט־מייסטערס און קולטור־שעפֿער.

מיט אַ באַזונדער ציטער רעדן מיר היינט אַרויס דעם נאָמען פֿון גרויסן יידישן דיכטער **דוד האָפֿשטיין**, וועמענס 90סטן געבוירן־טאָג ס׳איז אָפּגעמערקט געוואָרן אין יאָר תשל״ט.

...און ווידער ווערן מיר געשטאַרקט און געפֿינען טרייסט יעדעס מאָל ווען מיר קערן זיך אום אויף ס׳ניי צו דער טיפֿער לויטערקייט פֿון זיין אויסגעוווייטיקטן פּערז, צו זיין יידיש וואָרט וואָס איז מילד און טייער, צו דער אייביקער שיינקייט און מענטשלעכקייט פֿון זיין פּאָעזיע...

## אַן עפּל

דו רייגער לאָגל פֿול מיט וויַין, מיט שנייִיק האַרטן,
ווי דורכזיכטיק, ווי דופּטיק איז דיַין דינינק הײַטל,
ווי מילד פֿאַרזיגלט ביסט מיט שטעמפּעלעך מיט צאַרטע
פֿון ביידע זייטן!

וואָס זאָל איך טאָן? די ציין, דער גומען וואַרטן.
ווי זאָלן זיך די אויגן שוין צעשיידן
מיט אַזאַ גרוס אַ העלן אַ געגאַרטן
פֿון פֿרילינגס-פֿריידן?

אַ וויַטער גרוס פֿון וויַסע בליטן,
פֿון ערדן-רויך מיט זונען-שטראַלן,
נאָר אָט די ציין — זיי וואַרטן, היטן,
אַ ביס — פֿאַרפֿאַלן...

פֿון ציקל "פֿאַר טאָג" (1917)

*

פֿייגען

אַ שאַרפֿער שאָטן אויף דער וואַנט
פֿון קליינער פּאַלמע מיַינער, פֿון אַ יונגינקער טראַצענע,
וואָס שטייט אַקעגנאיבער אויף מיַין פֿענצטער,
דערמאָנט מיר שטיל אין יענעם לאַנד,
דערמאָנט מיר שטיל אין טעג אין יענע,
דערמאָנט מיר אין מיַין שענסטער.

ס'איז מיר באַשערט צעריסן זיַין אויף שטיקער
און וויי פֿון בענקשאַפֿט האָבן, ווי אַ גליד,
וואָס אַלע שטיקער פֿעסט פֿאַרשמידט,
דעם וויי פֿון בענקשאַפֿט האָבן ווי אַ דריז,
וואָס נערט מיַין ליַיב,
וואָס מאַכט מיַין ליַיב דורכויסיק-שיכור,
ווי יענער הייסער וויַין
פֿון יענעם לאַנד —
ער מאַכט דעם קערפּער אומגעהיַיער גרויס.

און ווי פֿון יענער שיכרות,
ווער איך ציַיטנוויַיז
אַ ריז
און שפּריַיז
לאַנד איַין
לאַנד אויס.

פֿון ציקל דערמאָנונג "אַלע מיַינע וועלטן" — (1929)

*

ח. נ. ביאַליק

עס שיילט זיך די ווונד פֿון מײַן אומרו
און ווערט שוין געהיילט,
מיט פֿינצטערע וואַרעמע שטומרייד
אַליין זיך מײַן האַרץ שוין דערציילט:

איר זעט דאָרט, איר אַלע, איר ווייבע, איר האַרבע,
ווי ברייט דאָ מײַן ברוסט איז צעפּראַלט,
אַז טרערן ווי אַרבעס,
אין פֿינצטערניש פֿאַלן און פֿאַלן . . .

אַז יעדן פֿון מײַנע באַגלייטער,
אויף שווערן, אויף ערדישן וועג
מיט נעצן פֿון ליבע און ברייטקייַט
פֿאַרצי איך אויף ווײַטערע טעג.

פֿון בוך "אויף ליכטיקע רוּינען" (1927)

*

זיבן טעג האָב איך געשוויגן,
איך האָב אָפּגעשוויגן שיבעה —
אויף דעם אַכטן כ'בין אַרויס
פֿון מײַן אויסגעשטומטן הויז

ס'בעט זיך שוין דאָס וואָרט דאָס ערשטע,
איצטער שטייט מיר פֿאָר דאָס שווערסטע,
איצטער קומט די גרויסע לייד —
ריידן מוז איך, ס'גייען רייד . . .

כ'בין פֿאַרמישפּט ווערטער פּראָסטע
שטעלן רייענווײַז געמאָסטן,
און פֿון ווייען און פֿון לייד
שאַפֿן פֿײַן-געפֿורעמטע רייד.

פֿון בוך "איך גלויב" — 1944

דער אָנדענק-שטיין אין ירושלימער גאָרטן א.נ. פֿון 1952טן יאָר
לזכר די אומגעבראַכטע יידישע שרייַבער און קולטור
געזעלשאַפֿטלעכע טוער אין ר״פֿ.



די צווייטע זײַט פֿון אָנדענק-שטיין.



## אסתר ראָזענטאַל-שניידערמאַן

### אויף דער פּאַרטיי-רייניקונג

די פּאַרטיי־רייניקונגען (טשיסטקי), דאָס הייסט דער פּעריאָדישער עפנטלעכער קאָנטראָל איבער דער פּאָליטישער כשרות פון יעדן פּאַרטיי־מיטגליד האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך אין 1921. דער 18טער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, וועלכער איז פאָר־געקומען אין 1939, האָט באַשלאָסן איבעררייסן די "פּעריאָדישע טשיסטקעס", אָבער אין דערווירקלעכקייט האָבן זיי ווייטער עקזיסטירט אין אַ ביסל געענדער־טער פאָרם: אָן דעם גרויסן רעש און פּאָמפּע.

ווען איך בין געקומען פון פּוילן קיין קיעוו, האָב איך זיך געוווּנדערט הלמאי איניקע מיינע נייע סאָוועטישע חברים, ווען ס'קומט אָן אויף זיי אַ מינוט פון אויפריכטיקייט, ריידן צווישן זיך אַרויס דאָס דאָזיקע וואָרט "רייניקונג" מיט עפּעס אַזאַ אומפאַרשטענדלעכן פּאַר מיר שמייכעלע, און דאָס האָט מיך שטאַרק געאַרט. ניט איין מאָל האָב איך געטראַכט וועגן אַזאַ אַנגעזעענעם סאָוועטיש־יידישן קולטור־טוער ווי מאָטיע גלאָזמאַן, וועגן אַזאַ גרויסן געלערנטן מאַרקסיסט ווי מאיר ווינער און אַנדערע: עפּעס ציבישעס איז דאָ אין זייער באַציונג צו אָט דער וויכטיקער געשעעניש אין דער פּאַרטיי.

כ'האָב געטראַכט אַזוי: וואָס קען זיין בעסער, ווי פון צייט צו צייט דורכקאָנ־טראָלירן צי די פּאַרטיי ווערט ניט אויסגענוצט דורך שלעכטע מענטשן צוליב זייערע אייגענע עגאָיסטישע צוועקן? וואָס קען זיין בעסער ווי אָפּרייניקן די פּאַרטיי פון קאַריעריסטן, וואָס דער פּאַרטיי־בילעט איז פאַר זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּרנסה־ביכעלע?

און וואָס קען זיין גלייכער, ווי פון צייט צו צייט דורכקאָנטראָלירן צי פאַר־שטעלטע שונאים פון דער רעוואָלוציע האָבן זיך בכיוון ניט אַריינבאַקומען אין דער הערשנדיקער פּאַרטיי, כדי פון אינעווייניק אויפצורייסן די נייע קאָמוניסטישע געזעלשאַפט?

און ערשט דעמאָלט, ווען איך בין צום ערשטן מאָל אַליין געוואָרן אַ באַשטאַנד־טייל פון אָט דעם צביעותדיקן ספּעקטאַקל, וואָס מען רופט "רייניקונג", האָב איך באַנומען, פאַרוואָס זיי האָבן ניט געוואָלט אין אַנוועזנהייט פון מיר, דער גרינער, אָנרופן דאָס פאַרזעעניש ביים ריכטיקן נאָמען. שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען

זייער כוונה: זאָל זי — די ניי־געקומענע זיך אַליין צוקוקן צו דערווירקלעכקייט און זעלבסשטענדיק מאַכן אירע אויספירן.

די רייניקונגס־קאָמיסיע ווערט באַשטימט פון אויבן, און יעדער מיטגליד אירער ווערט פריער געריייניקט אין די סאַמע־סאַמע העכסטע פּאַרטיי־אינסטאַנצן. צו דער קאָמיסיע קען ניט געהערן קיין מיטאַרבעטער פון דעם אַנשטאַלט, וואָס ער דאַרף רייניקן. ווי אַ כלל איז די קאָמיסיע באַשטאַנען פון מער־ווייניק גראַמאַטנע אַרבעטער, אָבער זיי האָבן זיך ניט געקענט אָריענטירן אין פראַגן פון בילדונג און נאָך ווייניקער אין וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען פון דעם געריייניקטן אַנשטאַלט. צו דער רייניקונגס־קאָמיסיע האָט ניט געקענט געהערן קיין שום קאָמוניסט, וואָס האָט אַ מאָל געהערט צו אַן אַנדער פּאַרטיי.

צו רייניקן די יידישע אַנשטאַלטן האָט מען תמיד געשיקט ניט־יידן, שטעלט איר זיך שוין פאָר ווי אַזוי זיי האָבן זיך אָריענטירט אין די פּאַרוויקלטע יידישע פּראָבלעמען. ניט איין מאָל זענען צווישן זיי געווען אַנטיסעמיטן.

פאַקטיש איז דער גאַנצער בעל־הבית געווען דער פאָרזיצער פון דער קאָ־מיסיע, די איבעריקע מיטגלידער זענען געווען געהאַרכזאַמע סטאַטיסטן. מחמת זייער נידעריקן בילדונגס־ניוואָ האָבן זיי זיך אין אַלעס פאַרלאָזט אויפן מער דערפאַרענעם, מער גראַמאַטנעם פאָרזיצער, און שטענדיק מסכים געווען מיט אים.

כ׳געדענק ניט גענוי דאָס יאָר פון דער רייניקונג, וועגן וועלכער איך וועל דאָ דערציילן, צי דאָס איז געווען אין 1932, אָדער גאָר אין 1933. די רייניקונגען פון אונדזער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פלעגן פאָרקומען ניט באַזונדער, און ניט אין די ווענט פון אונדזער אייגענעם אינסטיטוט, נאָר צוזאַמען מיט אַנדערע פּאַרטיי־קעמערלעך פון דער גאַנצער אַקאַדעמיע.*

די מיטגלידער פון דער רייניקונגס־קאָמיסיע, וועמען די צענטראַלע קאָנטראָל־קאָמיסיע פלעגט אָנפאַרטרויען בודק צו זיין אונדזער פּאָליטישע כשרות, זיינען געווען די סאַמע־סאַמע חשובסטע און שטרענגסטע אַלטע קאָמוניסטן מיט אַ גאָר וויכטיקער באַלשעוויסטישער פאַרגאַנגענהייט און שטענדיק ניט קיין יידן.

דאָס מאָל איז דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע אַ הויכער ברייט־פּלייציקער לעט לויט זיין נאַציאָנאַליטעט, מיט אַ גוטן קלוגן שמייכל. ער האָט גרויס דערפאַרונג און אַרבעט אין פּאַרטיי־אַפּאַראַט פון צ.ק. אין מאָסקווע. כ׳געדענק שוין ניט זיין פאַמיליע־נאָמען.

די פּאַרטיי־רייניקונג קומט פאָר אין דער נייער מאָדערנער געביידע אויפן

* דאָ רעדט זיך וועגן וויסנשאַפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור ביי דער אַלאוקראַאינישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע אין קיעוו, ווו איך האָב פאַרענדיקט די אַספּיראַנטור און דאָרט פאַרבליבן אַרבעטן אַלס וויסנשאַפטלער ביז מיין אַפּפאָרן קיין בירא־בידזשאַן.

ראַג פון בולוואַר שעווטשענקאָ און לענין־גאַס, אין גרעסטן זאַל וואָס די אוקראַי־נישע אַקאַדעמיע פאַרמאָגט. ניטאָ ווו אַ שפּילקע צו וואַרפן. הונדערטער מיטאַרבע־טער, יידישע און ניט־יידישע פון אַלע אינסטיטוטן, ניט בלויז פון די, וועלכע געהערן צו דער אַקאַדעמיע, פאַרטייער און אומפאַרטיייִשע, און סתם אינטעליגענץ איילן זיך צו קומען אַ סך פריער, כדי צו פאַרכאַפּן אַן אָרט. זיי גרייטן זיך ווי צו אַ גראַנדיעזן ספּעקטאַקל, ריכטיקער געזאָגט — ווי צו אַן עפנטלעכן יום־הדין איבער יעדן פאַרטייער. און פירן פירט מען דעם יום הדין, פאַרשטייט זיך, אין דער אוקראַינישער שפּראַך. און דאָס איז שוין די ערשטע סיבה, וואָס דעטאַנירט די מערהייט פון אונדזערע פאַרטיי־חברים, וועלכע קענען שוואַך די לאַנדס־שפּראַך — אוקראַיניש.

אין יענע פיבערדיקע יום־הדין טעג האָט די אָנגעגליטע אַטמאָספער געמאַכט ציטערן ניט בלויז יעדן פאַרטיי־מיטגליד באַזונדער, נייערט אונדזער גאַנצע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. ווארום אויף יעדער טשיסטקע ווערט דאָך באַשטימט ניט בלויז דער פּערזענלעכער גורל פון יעדן פאַרטייער — צי ער איז זוכה צו פאַר־בלייבן אויף ווייטער אין די רייען פון דער פאַרטיי, נאָר דאָ שאַצט מען אויך אָפּ: צי שטייט די טעטיקייט פון דעם גאַנצן פאַרטיי־קעמערל אויף דער "געהעריקער באָלשעוויסטישער הויך" ?

גערייניקט האָט מען אונדז ניט לויטן אַלף־בית פון אונדזערע פאַמיליע־נעמען, נאָר לויט דעם איינזען פון דער קאָמיסיע. האָסטו קיין מאָל ניט געוווּסט: ווען וועט קומען דיין ריי ? און אויב איר וועט נעמען אין אַכט, אַז עטלעכע מאָל פלעגט די זיצונג אָפּגעלייגט ווערן פון איין וואָך אויף דער צווייטער (צוליב פאַרשידענע סיבות, איבערהויפּט דעמאָלט ווען אין גאַנג פון דער רייניקונג האָט די קאָמיסיע באַשלאָסן צו זוכן נייע צוגאָב־מאַטעריאַלן וועגן דעם אָדער יענעם פאַרטיי־מיטגליד), וועט איר פאַרשטיין: מ'האָט באַדאַרפט האָבן ניט נערוון, נאָר שטאָלענע שטריק . . . פון טאָג צו טאָג איז די שפּאַנונג געשטיגן, ניט בלויז ביי די, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער ריי, נאָר אויך ביי די וואָס זענען די עקזעקוציע שוין איבערגעקומען, וואָרום: ווער קען עס וויסן וואָס פאַר אַ נייע געשיכטע קען אַרויסשפּרינגען ? די גרעסטע גרויסהאַלטערס איז געווען ניט צו דערקענען. ווו איז אַהינגעקומען די פאַרטיי־גאווה ביי די מענטשן ? פּלוצים איז יעדער פון אונדז געוואָרן אַזוי שטיל, צניעותדיק און נעבעכדיק ! . . . ס'ווערט פּריקרע צו קוקן איינעם אויפן אַנדערן. און ווו איז אַהינגעקומען די רויקע גלייכגעוויכט וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אָט דעם חבר ? ס'איז מיר אַ ווייטיק צו זען זיינע דערשראָקענע אויגן. פּחד — ביי איינע אָפענער, ביי אַנדערע שלעכט פאַרבאַהאַלטענער, איז דער הויפּט־געפיל, וואָס האָט זיך אין יענע טעג פעסט באַזעצט ביי אונדז אַלעמען, קאָשמאַרנע נעכט האָבן געמאַטערט די נערוועזע . . .

נאָר דער, װער ס'איז דעמאָלט בײגעװען אין ראַטנפּאַרבאַנד, קען האָבן אַ באַגריף װי אַזױ עס האָט אין יענע טעג אױסגעזען דאָס לעבן פֿון מיליאָנען זײַנע פּאַרטײיִשע בירגער. אין יעדער אַזאַ שטוב האָט געהערשט אַ יום־כּיפּור־שטימונג. נײן, דאָס איז ניט דער ריכטיקער באַגריף... אױף װיפֿל איך געדענק די יום־כּיפּור־טעג בײַ מײַנע עלטערן אין שטוב, זענען דאָס ניט געװען קײן טעג פֿון שרעק, נאָר טעג פֿון עפּעס אַ געלײַטערטקײט, פֿון אַ דערהױבנקײט, פֿון אױסטאָן זיך פֿון טאָג־טעגלעכער גשמיות, יעדער איז געװאָרן עפּעס רויִקער, פֿאַרגיביקער צו יענעם, עפּעס אַזאַ רײנקײט האָט אַרױסגעשײַנט אין יענע טעג פֿון מײַן מאַמעס גאַנצן װעזן, און דאָס האָט געלײַטערט אונדז — אירע קינדער און דעם גאַנצן אַרום.

איצט אָבער זענען בײַ אַלעמען די געמיטער געװען שװער און בײַ יעדן האָט זיך דערװעקט שרעק פֿאַר דער נאָענטער עקזעקוציע. אַפֿילו דער, װאָס האָט ניט געפֿילט הינטער זיך קײן שום חטא, האָט אױך געציטערט װי אַ פֿיש אין װאַסער: מאַלע װאָס עס קען זיך מאַכן!... װאָס עס קען פּלוצעם אױף דער פֿאַרזאַמלונג אַרױסשפּרינגען?... — װער קען װיסן פֿון װעלכער זײַט דאָס אומגליק קען קומען? און װאָס מער אומגעריכט דער אָנפֿאַל קען קומען, אַלץ װײניקער צוגעגרײט װעסטו — דער "שולדיקער" זײַן פֿעיִק צו דערװײַזן דײַן אומשולד.

און די אומפּאַרטײיִשע? זײ זען דאָס אַלץ, און — װאָס איז דאָ צו לײקענען אַחוץ קלײנע אױסנאַמען, קוקט הײַנט זעלטן װער מיט מיטגעפֿיל אױף די, װאָס זענען געװען אַזױ תּקיף לגבי זײ ביז איצט. און דיך װוּנדערט גאָרניט, אַז אָט דער, װאָס האָט די גאַנצע צײַט זיך געפֿילט דערבײַדעריקט דורך זײַן פּאַרטײיִשן חבר, װעלכער האָט געהערשעװעט איבער אים, גײט הײַנט אַרום מיט אַ שלעכט באַהאַלטענעם נקמה־געפֿיל.

די טשיסטקע פֿון אונדזער פּאַרטײ־אָרגאַניזאַציע, װעגן װעלכער איך דערצײל דאָ, דױערט שױן עטלעכע װאָכן. די, װאָס װאַרטן אױף זײער רײ געררײניקט צו װערן, זיצן ניט טױט, ניט לעבעדיק. באַהאַלטענערהײט דערלאַנגט מען זיך אַ פּיל: "נאַ, שלינג אַראָפּ, װעסט באַרויִקן דאָס האַרץ־קלאַפּעניש און אײַנשטילן די משוגענע פּולסירונג אין די שלײפֿן..."

אַמשטאַרקסטן ציטערט די הױט אױף אונדז, די "געװעזענע". װאָס מער פֿירער עס איז אַ מאָל געװען דער "געװעזענער" דאָרט, אין יענער נאַציאָנאַלער פּאַרטײ, אַלץ גרעסערע צרות האָבן אױף אים געװאַרט בײַ דער טשיסטקע. די פּאַרטײ האָט דעם אַלטן חשבון קײן מאָל ניט פֿאַרגעסן... מ'האָט זיך דערמאָנט אַלע זײַנע פּאָליטישע עבֿירות, און דער געררײניקטער שטײט אַ מאָל אַ טאָג און גאַנצע צװײ און אַפֿילו דרײַ פֿאַר דער פֿאַרזאַמלונג און ער דאַרף דערקלערן: װי אַזױ איז ער עס (אָפּט מאָל מיט צענדליקער יאָרן צוריק) געװען מסוגל צו באַגײן חטאים קעגן אַרבעטער־קלאַס? דאָס הײסט — געװען אַ קאָנטררעװאָלוציאָנער? און װי

אַזוי האָט ער זיך איבערגעבויט? און פון וועלכן טאָג דינט ער טריי דער רעוואָלוציע? און צום סוף מוז אומבאַדינגט קומען זיינער אַזאַ פּזמון: כאָטש פון צייט צו צייט דערוועקט זיך אין מיר דער נאַציאָנאַליסטישער שונא, באַקעמף איך אין זיך די שאָוויניסטישע רעשטלעך, און דעריבער בעט איך מיך איבערלאָזן אין די רייען פון דער פּאַרטיי...

זיץ איך אויף דעם טראַגיקאָמישן ספּעקטאַקל, און איך, די אַקטיווע אָנטיילנעמערין אין אים הער ניט אויף מיט ביטערניש צו טראַכטן: זע נאָר די אַבסורדאַלע לאַגע — דער, וואָס האָט ביז דער רעוואָלוציע געפירט אַ בעל־הביתיש רויק לעבן, און איצט, ווען ס'האָט געלוינט, איז ער געוואָרן אַ קאָמוניסט — ער איז גאָר אין דער פּאַרטיי דער חשובער. אים טרויט מען, ווייל נאָך אים שלעפּן זיך ניט נאָך דער לונג און לעבער ווי נאָך דעם ״געוועזענעם״.

און אַזוי ווי די אָנפירער מיט דער יידישער אַרבעט זענען כמעט אַלע געוועזן געוועזענע, איז קיין וווּנדער ניט, וואָס יעדע טשיסטקע איז פאַר זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אמתן גהינום, ״ניט די וועלט, ניט יענע וועלט״ — איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל. דאַן, ביים צאַר, זענען זיי פאַר זייער אָנגעהעריקייט צו די נאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען געווען פאַרפאָלגט, פאַרשיקט אין סיביר, און דאָ, ביי דער ראַטנמאַכט, ווען זיי זענען שוין קאָמוניסטן, ליידן זיי ווידער אַ מאָל פאַר די זעלבע חטאים.

וואָס גרעסער ס'איז דער פּאָסטן, וועלכן אַזאַ היינטיקער פּאַרטייער פאַרנעמט, אַלץ גרעסער איז די געפאַר ער זאָל אַרויסגעוואָרפן ווערן פון דער פּאַרטיי פאַר נאַציאָנאַליזם.*

* אונדזער אינסטיטוט איז ניט געווען קיין אויסנאַם, פונקט אַזאַ פיינלעכע אַטמאָספער האָט געהערשט אין פאַרלאַג און אין רעדאַקציע פון מאָסקעווער ״דער עמעס״, און אויך אין כאַרקאָווער יידישן פאַרלאַג און אין די דאָרטיקע יידישע רעדאַקציעס (וועגן מינסקער יידישע אינסטיטוציעס ווייס איך ווייניקער). כ'ווייס ניט, צי דעם לייענער איז באַוווּסט, אַז אַזאַ מענטש ווי דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון ״דער עמעס״ משה ליטוואַקאָוו (דער פאַקטישער דיקטאַטאָר איבער דער יידיש סאָוועטישער ליטעראַטור) איז ווי אַ געזעץ כמעט אויף יעדער טשיסטקע אויסגעשלאָסן געוואָרן פון פּאַרטיי פאַר זיינע אַמאָליקע נאַציאָנאַליסטישע זינד, און ס'פלעגט נעמען אַ לאַנגע צייט ביז ס'פלעגט אים, פאַרן פרייז פון אַן אַ שיעור מאָראַלישע דערנידערונגען, צוריקגעבן דאָס רויטע ביכעלע. פונקט אין אַזאַ לאַגע האָט זיך געפונען אויף יעדער פּאַרטיי־רייניקונג, וואָס איך געדענק, משה קאַמענשטיין (זיינע אַמאָליקע פּסעוודאָנימען אין די יידישע אַרבעטער פּאַרטייען, צו וועלכע ער האָט געהערט — זעליקאָוויטש, בערל גוטמאַן, באַלטע־קאַקליס), וועלכער האָט פריער אָנגעפירט מיטן ״געזקולט״ אין כאַרקאָוו און שפּעטער געאַרבעט אין צענטראַל־ראַט פון ״געזערד״ אין מאָסקווע. וועגן די קוריאָזן און טראַגיקאָמישע סיטואַציעס בעת זייער רייניקונג, פלעגן אַרומגיין וויצן און אַנעקדאָטן. יידיש מאָסקווע, קיעוו און מינסק לאַכן דעמאָלט מיט יאַשטשערקעס... און גייען

מענטשן פון אַ נידעריקער מאָראַלישער מדרגה, מיט פּאַרטיי־בילעטן און אָן פּאַרטיי־בילעטן — באַמיען זיך דאָ כאַפּן פיש אין מוטנעם וואַסער, זיי גריבלען זיך אין דער נאָענטער און ווייטער פאַרגאַנגענהייט פון דעם, וואָס שטייט איצט אויף דער בינע און וואַרט אויף זיין פּסק־דין. זיי פאַרשיטן אים מיט פראַגעס און פראַגעלעך, אַזעלכע "איידעלע", "נאַיווע" שאלותלעך... די דאַזיקע "וואַכזאַמע" פאַרשוינען זוכן איצט אויף דעם אומגליקלעכן אַזעלכע חטאים, וואָס זענען אָפּט מאָל אויסגעזויגן פון פינגער. ניט זעלטן טוען זיי דאָס, כדי זיך אַליין צו באַווייזן אין אַ העלערן ליכט אין די אויגן פון נאַטשאַלסטווע.

צו מיר טשעפּעט מען זיך אויך, און ניט אַבי וועלכע טענות האָט מען צו מיר. אָט האָט נאָר וואָס מיט אַ קריגערישע מינע אויף איר איינגעשרומפּענעם באַבישן פּנים זיך צוריקגעזעצט אויף איר אָרט די אַספּיראַנטקע פון דער פּעדאַגאָגישער סעקציע, שיינע גיטעליס. זי וואָלט וועלן וויסן, האָט זי געפרעגט מיט איר קלינג־געוודיקער שטימעלע אויף אַ גוטן אוקראַיניש, "הלמאי איז די חברטע שניידערמאַן אַזוי אָפּגעפרעמדעט פון פּראָלעטאַריאַט? זי מיינט, זאָגט זי, אַז די חברטע שניי־דערמאַן באַקעמפט צו ווייניק אין זיך די 'אינטעליגענטשטשינע', וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון קאַפּיטאַליסטישן פוילן..."

אָבער פון זאַל דערהערט זיך עמעצנס אַ שטימע: "פּונקט פאַרקערט, זי חברט זיך דווקא מיט די אַרבעטער פון דער טריקאָטאַזש־פאַבריק!"... (איך פיר דאָרט קולטור־אַרבעט אויף יידיש).

פאַר דער קאָמיסיע איז גיטעליס, זעט אויס, ווי אַ זלידנע פליג, פון וועלכער דו קענסט זיך ניט אָפּטשעפּען... פאַר יעדן וואָס שטייט אויף דער בינע האָט זי — די געוועזענע פּועלי־ציוניסטקע, וואָס קען גאַנצע פּסוקים פון תנ"ך און פון ביאַליקס שירים אויף אויסנווייניק — צוגעגרייט אַזעלכע קורצינקע שטעכיקע פראַגעלעך! און... אַ סברה, אַז כ'בין טאַקע געבוירן אין אַ הייבל! אַ סימן האָט איר: דער פאָרזיצער גיט אַ זאָג: "ח־טע גיטעליס, איר קענט גיין צוריק אויף אייער אָרט". און אָט שטייט שוין אויף מאָטל קרוגליאַק און דערווידערט דער חברטע גיטעליס: ער, ווי אַן אומפּאַרטייִשער, פילט זיך, זאָגט ער, פערזענלעך געטראָפן פון דער ח־טע גיטעליסעס פאַרוואורף, וואָס זי, די פּאַרטייערין, מאַכט דער איבערגעגעבענער ח־טע שניידערמאַן. ער האָט קיין מאָל ניט געזען קיין שום פּאָליטישע עבירות אין דער אויפפירונג פון דער ח־טע שניידערמאַן, ער אַרבעט טאָג־טעגלעך, זאָגט ער, צוזאַמען מיט איר איבער איינער אַ פאָרשונג און צוזאַמען שטעלן מיר צונויף לערנביכער פאַר דער שול, און ער, אַלס אומפּאַרטייִשער,

ווייטער געהאָרכזאַם אין שפּאַן, ווי עס פּאַסט פאַר פערד מיט קאָמוניסטישע שאָרן איבער די אויגן.

קען דאָ מיט שטאָלץ מעלדן, אַז איך, די פּאַרטייערין, האָב אויף אים, דעם אומ־פּאַרטייישן, בפירוש אַ "שטאַרקן פּאָליטישן איינפלוס"... אַ סימן האָט איר — ער גרייט זיך שוין טאַקע נאָך אַ מאָל אַנצוגעבן אַ מעלדונג מ'זאָל אים צונעמען אַלס קאַנדידאַט פון פּאַרטיי...

מאָטל לייגט אומפּאַרשעמט: איך פיר מיט אים קיין מאָל ניט קיין שום פּאָלי־טישע ויכוחים!... איך וויל עס ניט און מיר האָבן אויף דעם קיין צייט ניט. ער איז הונדערט מאָל מער בקי אין לעניניזם און דיאַמאַט ווי איך די פּאַרטייערין, און בכלל איז ער פיל פעיקער פון מיר. מיר גרייטן זיך צוזאַמען צו די סעמינאַרן פון העגעלן און קאַנטן, וואָס עס פירט מאיר ווינער, און יעדעס מאָל ווער איך ממש דערשטוינט — ביז אים האָב איך נאָך אַזאַ מענטשן, וואָס קען אַזוי בליץ־שנעל תופס זיין די שווערסטע אַבסטראַקטע פּראָבלעמען, ניט באַגעגנט. חוץ דעם איז ער פויפסטלעכער ווי דער פויפסט אַליין, אפשר דערפאַר, וואָס ער ווייס, אַז פאַר קיינעם איז קיין סוד ניט: אין זיין שטעטל האָט ער געהאַט אַ שם פון אַ לערנער — אַן עילוי, און דאָס שטערט אים אין זיין איצטיקער פּאָליטישער קאַריערע — שוין יאָרנלאַנג שטרעבט ער פאַר יעדן פּרייז אַנגענומען צו ווערן אין פּאַרטיי און דער רייקאָם איילט זיך ניט אים צו באַגליקן מיט דעם קאַנדידאַטסקן ביכעלע.

מיר איז פריקרע פון זיינע שבחים, אָבער אַ טובה האָט ער מיר איצט געטאָן אַ גרויסע.*

און דער פּאַרטייישער אַספּיראַנט פון דער עקאָנאָמישער סעקציע נוסנבוים איז דוקא אַ פעיקער בחור, אָבער ווי שטענדיק איז ער אויך הַיינט אַ גרויסער פּאַסקודניאַק. ער בעט אַ וואָרט, און איצט שטייט ער שוין האַרט לעבן מיר אויף דער בינע: ער דענקט, אַז ס'איז כדאי איך זאָל דערציילן געגוי וועגן מיין פּאָליטי־שער טעטיקייט דאָרט אין סאָנאַציע־פּוילן, ווו איך בין אַזאַ לאַנגע צייט געווען אַ מיטגליד אין דער שאָוויניסטישער פּאַרטיי "פּאַראַייניקטע", און "מיר וויסן זייער ווייניק וועגן דעם... זאָל זי דערציילן גענויער..."

כ'בלייב שטיין אָן לשון, אַ צעטומלטע און אַ דערשראָקענע. אָבער איך פיל און זע, אַז די סימפּאַטיע פון זאַל איז געווענדעט ניט צו דעם פרעגער, נאָר צו מיר.

* וועגן מ. קרוגליאַקן האָב איך שוין געשריבן אין 2טן בוך "נפתולי דרכים" אין פּרק "פגישה" ראשונה פנים אל פנים עם הפעולה היהודית הסובייטית", 1972, תל־אביב. זיין קינדהייט און יוגנט האָט באַשריבן ג. בר צבי אין בוך "עיירתנו טרנובקה", תל־אביב, תשל"ב, און איך בין דאַנקבאַר דעם מחבר פאַר דעם צוגעשיקטן בוך. איצט האָב איך זיך פון אים דערוווּסט זייער אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן זיין יוגנט־פריינד, און פאַר מיר זענען קלאָר געוואָרן אַ סך זיינע האַנדלונגען דעמאָלט, ווען איך האָב צוזאַמען מיט אים געלערנט און געאַרבעט.

ווערט אין זאַל שטיל, ווי אין אַן אויער. וואָס וועט דאָ ווייטער זיין ?... בלויז אויף דער בינע שעפּטשען זיך שטיל דער פֿאַרזיצער מיט די צוויי מיטגלידער פון דער קאָמיסיע, און... אָ, גאַטעניו, הערט נאָר, הערט: ער שטעלט זיך אויף, און: "— אָט האָבן מיר שרה מאַיסעיעוונע שניידערמאַנס גאַנצע פּאַרטיי־דיעלאָ — ווייזט ער אַ געשוואָלענע פּאַפּקע, וואָס ער האַלט אין האַנט, — און דאָ, זאָגט ער, איז פֿאַרשריבן איר גאַנצע טעטיקייט אין פּוילן, און דעריבער מיינט די קאָמיסיע, אַז עס איז איבעריק צו פּטרן צייט אויף איבערחזרן דאָס וואָס מיר ווייסן שוין..."

אין זאַל ווערט אויף אַ ווײַלע רעשיק... און ער, ניסנבוים, גייט צוריק אויף זיין אָרט מיט גאָרניט... דער שווערער שטיין האָט זיך אַ קייקל אַראָפּ געגעבן פון מיין פּחדנישן האַרצן.

די איבעריקע טשעפּענישן צו מיר אויף דער דאָזיקער רייניקונג זענען אַרויס־געפלויגן פון מיין קאָפּ און אין זכרון זענען פֿאַרבליבן בלויז די דריי פֿאַרשוינען.

געווען ביי אונדז אַזעלכע, וואָס זענען אין זייער האַס צו פֿאַרטייער דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה: "באַגראָבן אַ קאָמוניסט איז אַ מצווה", און די רייניקונג איז געווען דאָס אָרט, ווו זיי קענען די מצווה מקיים זיין.

געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן דאָס געטאָן ניט אויס ליבע צו דער פֿאַרטיי, נייערט מחמת פּערזענלעכער שנאה צו זייערן אַ קעגנער. לייגט ער אים צו אַ קנייטל. ווען קען זיך נאָך אַ מאָל מאַכן אַזאַ געלעגנהייט ? מיר אַלע ווייסן דאָס גוט. די קאָמיסיע ווייס עס אָבער ניט, און די אַנטימאַראַלישע באַשולדיקונג, וואָס אַזאַ "וואַכזאַמער" נקמה־נעמער האָט נאָר וואָס אויסגעטראַכט, לייגט זיך גאַנץ פיין אויפן שכל, און ווען אַפילו עס געפינט זיך שוין איין אַזאַ שרעקלאַזער מענטש, וואָס נעמט אַ וואָרט און פּרוּווט דערציילן וועגן דער ריכטיקער כוונה וואָס באַוועגט דעם "וואַכזאַמען" אַרויסצורוקן די עבירות קעגן דעם גערייניקטן, וויל די קאָמיסיע וועגן דעם ניט הערן, און זעט איין, אַז גראָד ער, דער פֿאַרטיי־דיקער — רעדט ווי אַ "קליינבירגער" און דאָס איז "קעגן דער פּראָלעטאַרישער עטיק" פון אונדזער פֿאַרטיי.

ס'וואָלט אָבער געווען ניט ריכטיק צו מיינען, אַז אַלע, וואָס האָבן געזוכט חטאים ביי זייערע חברים, האָבן דאָס געטאָן מחמת זייער אַנטימאַראַלישקייט, אָדער מיט אַ בייזן ווילן צו ברענגען שאָדן עמעצן. כ'האָב געהאַט אַזעלכע חברים, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז וואָס שאַרפער ס'וועט זיין די קריטיק קעגן גערייניקטן, ד.ה. וואָס מער מען וועט זיך גריבלען אין דיין נשמה, אַלץ געזינטער וועט עס זיין פאַר דער פֿאַרטיי און פאַר דעם גערייניקטן גופא — ער וועט מאָראַליש געלייטערט ווערן. זיי האָבן געזען אין דער פֿאַרטיי־רייניקונג אַ מין מיטל אָפּצוגעבן זיך אַ חשבון הנפש. אָבער אַזעלכע זענען געווען געציילטע: די צוויי היסטאָריקער — יונה כינטשין און הערשל ווערבער, דער פֿאַרוואַלטער מיט דער יידסעקציע און

רעדאַקטאָר פון פּעדאַגאָגישן זשורנאַל "ראַטנבילדונג" אהרן מאַקאַגאָן און נאָך צוויי־דריי — ניט מער.

אַפּט, גאָר אָפט טרעפן זיך אויף אונדזערע טשיסטקעס אַזעלכע קוריאָזן: מאָראַליש שוואַכערע פּרווון אין זייער דערשראָקנקייט אַרויפּצויען אויף זיך אַזעלכע "זינד", אין וועלכע זיי זענען גאָר ניט שולדיק, און נאָך מער — זיי זענען זיך מודה אין אַזעלכע עבירות, וואָס זענען לויט דער באַלשעוויסטישער תורה גאָר קיין עבירות ניט. איר פרעגט פאַרוואָס? ווייל ס'איז גלייכער, אַז ער אַליין זאָל זיין זעלבסטקריטיש, און פאַרלויפן דעם וועג זיינע שונאים און זיך מודה זיין אין זיינע כלומרשטע פּאָליטישע זינד. דאָס איז אַ מין פּראָפילאַקטיק, וואָרום פאַר אַזאַ מין פּאָליטישן מאַזאָכיסט איז געוויינטלעך דער אורטייל ניט אַזאַ שטרענגער... ווייל דער "חבר אַנערקענט אַליין זיין שולד"... אָבער ניט זעלטן קוקן אַפילו די שטרענגע מיטגלידער פון דער רייניקונגס־קאָמיסיע אויף אַזאַ היסטעריש "בעל־חטא'ניק" מיט שטוינונג, און גיבן אים אַ שטעל אָפּ: "ברודערל, דיין זינד איז דאָך גאָר... אַ מעלה!". און דער עולם אין זאַל האָט פון וואָס צו לאַכן... און די שווערע אָנגעגליטע אַטמאָספער ווערט אַ ביסל לייכטער, אָבער נאָר אויף איין רגע, ווייל אָט דערהערט זיך שוין דאָס גלעקל פון פאַרזיצער: "וואָס פאַר אַ געלעכטער דערלויבט איר זיך אין אַזאַ ערנסטן פּאַרטייישן מאָמענט?!"

דער לייענער ווייס מן הסתם, אַז די פּאַרטיי־טאַקטיק פּאָדערט: אַ יידישער קאָמוניסט איז מחויב קודם כל אויפצודעקן דעם יידישן נאַציאָנאַליזם אין דער אייגענער יידישער סביבה. האָבן דאָס געוויסע דערשראָקענע פּאַרטייער און אומ־פּאַרטייישע געטאָן מיט גרויס התמדה. אין זייערע "זעלבסטקריטישע" אַרויסטרע־טונגען האָבן זיי אויף דער טשיסטקע געשמירט מיט בלאָטע ניט בלויז דאָס אייגענע פּנים, נאָר אויך פאַרשוואַרצט דעם גוטן נאָמען פון פאַרשידענע יידישע אַנשטאַלטן. באַזונדערס האָבן זיך דערמיט אויסגעצייכנט די פּאַרטייישע מיטאַר־בעטער פון אונדזער אינסטיטוט: דער שפּעטערדיקער דירעקטאָר גרשון גאָראָכאָוו, ניסנבוים, שיינע גיטעליס, דער אַספּיראַנט פון דער היסטאָרישער סעקציע בן־ציון גוטערמאַן, דער שרייבער און קריטיקער אברהם אַבטשוק, דער היסטאָריקער אברהם סלוצקי. ניט ערגער פון זיי טוען דאָס אונדזערע אומפּאַרטייישע קאָלעגן: דער פילאָלאָג מיידאַנסקי, דער געלערנטער סעקרעטאָר פון אינסטיטוט שעכטער, מאָטל קרוגליאַק און אַנדערע, וועלכע האָבן שטאַרק געוואָלט ווערן פּאַרטיי־מיטגלידער. איר ווייסט אויך, מן הסתם, אַז פאַר דער פּאַרטיי איז זייער געוווּנטשן, אַז אויף די רייניקונגען זאָלן זיך אַקטיוו באַטייליקן אומפּאַרטייישע, וואָס זאָלן ווייזן, אַז זייער איבערגעגעבנקייט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז אין לשער, און דעריבער גיט זיי די קאָמיסיע אַ וואָרט אין דער ערשטער ריי און הערט זיך צו צו זייערע געטרייע רייד מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט.

איז די טשיסטקע ביי אונדז אין דער אוקראַינישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פּאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין וואַקכאַנאַליע פון אויפדעקן שאָוויניסטישע אָפּנויגן אין דער אַרבעט פון אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור — אַפּט מאָל ניט געש־טויגענע און ניט געפלויגענע.

און איך בין אַן אַרגאַנישער טייל פון דעם גאַנצן טראַגיקאָמישן ספּעקטאַקל, וואָס שפּילט זיך דאָ אָפּ. כ'בין דאָך "ניט אַבי ווער" — אַ צייט געווען דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. זענען מיינע נערוון אָנגעצויגן ווי דראָטן, אָט אָט פּלאַצן זיי. און דאָך... ציט מיך ווי אַ מאַגנעט יעדעס מאָל אַ קוק צו טאָן דווקא אויף אונדזערע אומפּאַרטייישע מיטאַרבעטער.

נאָך הייבט זע איך: אין דער סאַמע לעצטער ריי זיצט נחום שטיף, דעם קאָפּ האָט ער — דער גרויסער יידישער פילאָלאָג — אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן, — דאָס באַהאַלט ער דעם אויסדרוק פון זיין פּנים. אָבער פּלוצעם טוט ער עפּעס אַ שעפּטשע צו זיין דאָראַ איסאַקאָוונאַ, גיט זיך אַ הייב פון אָרט און אויף די ציפּקעלעך (אפשר וועט עס קיינער ניט באַמערקן?), שלייכט ער זיך אַרויס פון זאַל. נאָך אים גייט געהאָרכזאַם זיין שטענדיקע לעבנס־באַגלייטערין. זי פּאַלגט איר היציקן מאַן, הגם זי ווייס, אַז זיין ראַפּטומדיק פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג וועט שלעכט אויסגעטייטשט דורך נאַטשאַלסטווע. "ער איז ניט אימשטאַנד דאָס אַלץ אויסצו־האַלטן!..." — גיט אַ טיאַכקע אין מיין האַרץ.

אַ ביסל נענטער, צוגעטוליעטע איינער צום אַנדערן, זיצן די צוויי עלטערע פילאָלאָגן און שרייבער — בער סלוצקי און שמעון דאָבין מיט זיין רחלען. לעבן רחלס פּנים פון דער רעכטער זייט פינקלען אַרויס די פענסנע פון משה בערעגאָוו־סקי — דעם אויסגעצייכנטן מוזיק־עטנאָגראַף. אָט די גרופּע זעט איצט אויס עפּעס אַזוי אומבאַהאָלפן... פאַרלאָרענע, איינגעשרומפּענע, ווי זיי וואָלטן קלע־נער, אומזעבאַרער ווערן... אָבער זיי, די אַלט איינגעזעסענע סאָוועטישע בירגער, האָבן מער דערפאַרונג ווי דער אויסלענדער נחום שטיף. דעריבער אַנטלויפן זיי ניט, אדרבא, זיי הערן זיך צו מיט געשפּאַנטן אינטערעס צו יעדן וואָרט, און בלויז פון צייט־צו־צייט קוקט מען זיך שטום אין די אויגן אַריין. זיי ווייסן, אַז פון זייערע פּנימער דאַרף קיינער ניט אַראָפּלייענען דאָס, וואָס זיי טראַכטן איצט. מיינע בליקן באַגעגענען זיך דאָ מיט איינעם, דאָ מיט אַ צווייטן, אָבער בלויז אויף איין חלק פון אַ סעקונדע, און איך ווייס ניט פאַר וואָס און איך ווייס ניט פון וואַנען נעמט זיך איצט צו מיר אַזאַ מאָדנער געפיל — עפּעס שעם איך זיך פאַר זיי... נאָר תיכף ווער איך צוריק אַריינגעצויגן אין דעם גהינום, וואָס צעפלאַקערט זיך אַלץ שטאַרקער.

און בלויז צוויי פּאַרטייער — דער דירעקטאָר פון אינסטיטוט יוסף ליבערבערג און ברוך הובערמאַן — דער וויסנשאַפטלער פון דער סאָצ־עקאָנאָמישער סעקציע,

קענען ניט איינזיצן אויף אַן אָרט. ווידער אַ מאָל און נאָך אַ מאָל בעטן זיי אַ וואָרט (ליבערבערג רעדט אויף אַ זאַפטיקן אוקראַיִניש, הובערמאַן — אויף רוסיש מיט אַ פּוילישן אַקצענט — ער איז געבוירן אין פּולאַוו ביי דער פּוילישער ווייסל), און מיט אויפרעגונג רופן זיי צו אָרדענונג די חברים, וואָס זענען פּויפּסטלעכער פון פּויפּסט, און ביידע ווייזן זיי אויף דער לעכערלעכקייט פון איבערגעטריבענער מורא פאַר "יידישן נאַציאָנאַליזם", און דער עיקר שבעיקר אויף דעם גרויסן שאָדן, וואָס זייער פּחדנות ברענגט דער יידישער קולטור־אַרבעט. און ווען ליבערבערג דערקלערט וויפל שפּייז, זיי, — די יידישע מהיפּיתניקעס גופא — גיבן די אָפענע און פאַרבאַהאַלטענע אַנטיסעמיטן, "וואָס פעלן נישט אויס צווישן אונדזערע קאָלעגן — די אוקראַיִנישע געלערנטע — און וואָס ניט ווייניק פון זיי זיצן דאָ מיט אונדז", — איז די טויטע שטילקייט, מיט וועלכער דער איבערגעפּולטער זאַל הערט ליבערבערגס און ברוכס ווירדיקע רייד, אויפגעריסן געוואָרן מיט אַ דונער פון לאַנג־דויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן.

דאָס האָט די קיעווער יידישע אומפּאַרטייישע אינטעליגענץ, וואָס איז געקומען אויף דער פּאַרטיי־רייניקונג פון אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור, אויסגעדריקט איר אָנערקענונג פאַר יוסף ליבערבערגן און פאַר זיין נאָענטן חבר ברוך הובערמאַן, וואָס להיפּך צו אַנדערע, האָבן זיי ניט פאַרלוירן זייער נאַציאָנאַלע ווירדע. די יידישע אינטעליגענץ באַוווּנדערט זייער געוואַגטקייט, וואָרום זי ווייסט גוט אַז קעגן אַנטיסעמיטיזם דאַרפן דאָך על פּי באָלשעוויסטישן דין קעמפן ניט זיי — די יידישע, נאָר די אוקראַיִנישע פּאַרטייער גופא. אָבער גראָד זיי האָבן זיך קיין מאָל ניט געאיילט דאָס צו טאָן! און אַזאַ מין שריט מצד אַן אוקראַיִנישן געלערנטן האָב איך אין די ווענט פון דער קיעווער אַקאַדעמיע קיין איין מאָל ניט בייגעוווינט.

אויף דער היינטיקער טשיסטקע צעפלאַקערט זיך אַן אידעאָלאָגישע שלאַכט צווישן די יידישע פּאַרטייער גופא. די פּרומסטע פון די פרומע — אַזעלכע ווי גאַראַכאַוו, בעטן אַ וואָרט און ווייזן, אַז ליבערבערגס און הובערמאַנס אַרויס־טרעטונגען זענען ניט אין איינקלאַנג מיט די פּאַרטיי־פאָדערונגען: "קודם כל אויפדעקן דעם נאַציאָנאַליזם אין דער אייגענער סביבה".

"אין דער אייגענער סביבה?" — שפּרינגט אויף ליבערבערג פון זיין אָרט, לויפט אַרויף אויף דער בינע, און אַן דער דערלויבעניש פון פאָרזיצער שרייט ער מיט אויפרעגונג: "ביידע סביבות זענען מיינע אייגענע, און אַז מען שלאָגט מיין פאָלק אונטער דער מאַסקע פון קאָמוניזם, איז יעדער פון אונדז אַ רוס, אַן אוק־ראַינער, צי אַ ייד — מחויב אַראָפּצורייסן די דאָזיקע מאַסקע!". פאַרענדיקט האָט ער אַן ערך אַזוי: "איך וויל ניט וואַרטן ביז אַנדערע וועלן זיך אָננעמען מיין קריוודע!... איך בין בכוח אַליין זיך צו פאַרטיידיקן!"...

לאַנגע חדשים האָט די קיעווער יידישע און אוקראַיִנישע אינטעליגענץ געלעבט

אונטערן איינדרוק פון די דאָזיקע אַרויסטרעטונגען. מ׳האָט זייער אינהאַלט איבער־געגעבן פון מויל צו מויל אין די פאַרשידנסטע ווערסיעס. אגב, ניט איין אַנטיסע־מיטישער געלערנטער (צי די הויכע פאַרטיי־פענצטער האָבן עס געוואָלט צי ניט) איז נאָך דעם גערופן געוואָרן צו אָרדענונג און איז אַנטשוויגן געוואָרן, וואָרום שוין צו אָפט זענען די אַנטי־יידישע שטיקלעך זייערע אַרויסגעטראָגן געוואָרן פון הינטער די פיר ווענט.

פ.ס. כ׳האָב שוין פאַרטיק דעם פּרק און כ׳דאַרף אים שוין אָפּגעבן אין רע־דאַקציע. אָבער פּלוצעם, ווי עס טרעפט ביי מיר אָפט, גיט אַ פּיק אין מוח: אסתר, האָסט דאָ עפּעס ניט דערזאָגט, פאַרגעסן צוצוגעבן נאָך איין קליינעם פּרט...

וועלכן פּרט? אָט וועלכן: וויפל מענטשן האָסטו דאָ דערמאָנט? נעם איך ציילן — פינף און צוואַנציק. נו, און וואָס איז פון זיי געוואָרן? ווי פאַרגעסט מען עס וועגן דעם צו דערציילן כאָטש מיט עטלעכע טרוקענע ציפערן? גיב איך נאָך מיין אינערלעכן פאַרלאַנג און פאַרשרייב:

צוויי פון זיי — פּראָפעסאָר יוסף ליבערבערג און ברוך הובערמאַן — האָט נ.ק.וו.ד. צעשאָסן.

זיבן פון זיי האָט די נ.ק.וו.ד. פאַרשיקט אין צוואַנגס־לאַגערן: אַבטשוקן, גאַראַכאָוון, גוטמאַנען, ווערבערן, כינטשינען, ליטוואַקאָוון, ב. סלוצקין, און ביז היינט ווייסן ניט זייערע משפּחות, וווהין זייער געביין איז אַהינגעקומען.

פינף פון זיי — משה בערעגאָווסקי, שיינע גיטעליס, אהרן מאַקאַגאָן, מיידאַנ־סקי, ניסנבוים — זענען לאַנגע יאָר אָפּגעזעסן אין די לאַגערן, אומגעקערט זיך אַ היים פיזיש און גייסטיק צעבראָכענע.

איינער — דאָראַ שטיף, האָט אָפּגעגליקט: דאָס געריכט, וועלכן מ׳האָט איינ־סצעניזירט איבער אַ גרופּע יידישע קולטור־טוער, האָט איר פרייגעשפּראָכן, און זי האָט לאַנג, לאַנג ניט געקענט קומען צו זיך נאָך דעם שרעקלעכן איזדיעקעווען זיך איבער איר.

טאָ לאָמיר מאַכן אַ פּשוטן חשבון: פון 25 צופעליק דערמאָנטע יידישע קולטור־מענטשן, האָט מען 15, דאָס הייסט דריי פינפטל, פאַרשפּאַרט אין די לאַגערן. פון יעדע 5 מענטשן האָט מען 3 פאַראורטיילט אויף אומקום.

יאָ, מיר האָבן אַ בלוטיקן חשבון מיט דער סאָוועטישער מלוכה.

## חיים מאַלטינסקי

# זיבן לידער

## אַ שאָל מיט קוועקזילבער

מיט אונדזער בלויען אגד-אויטאָבוס
אַ דריי איך גיב מיר,
ווי מע זאָגט עס, אויף איין פֿוס
און איין-און-אויס אין פֿיר פֿון מײַנע שטעט —
יהוד
און לוד
און רמלה,
תל-אביב
און כ׳דאַרף קיין מיקראָסקאָפּ ניט,
קיין שפּאַקטיוו,
מײַן בליק דערזעט
אויף די געזיכטער
טונקעלע און ליכטיקע
אַ מינדסטע שפּרענקעלע און בראָדעווקע,
אין קאָך פֿונעם המון דערקאָן איך שוין
אין יעטווידן פּאַרשוין,
ווער ס׳איז די ״סמעטענע״
און ווער — די ״סראָדעווקע״.
נאָר ליבער איז פֿון אַלץ
די יונגקייט,
שפּרודלדיקע בליציקייט,
דער גליענדיקער אָטעם פֿון ישראל,
פּונקט ווי אַ שאָל מיט קוועקזילבער
צעשיט זיך מיט אַ מאָל
אויף אַן אַ שיר פֿרישצאַפּלדיקע,
שײַנענדיקע זילבער-קײַקעלעך —

אברהעמעלער און איציקלער,
שושנהעלער און חיהקעלער.

22.12.78

*

אין צפֿת —
מיר עטעמט זיך פֿרײַ
און גערוים,
אַזוי ווי דעם בלאַט
אויפֿן רוישיקן בוים.
און, ברוך־השם —
אַלץ כשורה
און גלאַט
און ס׳צערטלט דאָס ווינטל
סײַ מיך,
סײַ דעם בלאַט.
מיר באָדן זיך ביידע
אין בלענדיקער שײַן,
קומט אָוונט,
מיר טרינקען פֿון שקיעה
דעם ווײַן
און קוקן, ווי ס׳נעמען זיך
טונקלען די בערג
און טרוימען און שאַפֿן
געמיינזאַם אַ ווערק...

צפת, 17.7.78

## ככר המגינים

פֿאַרענדיקט זיך דאָס געסל בר יוחאי,
קום איך אַרויף אויף "ככר המגינים" —
דער פּלאַץ פֿון די באַשיצער,
אַ פּיצל קײַלעכיקער פּלאַץ,

די גרויס פֿון אַ סאַלאָן
און ווי אַ טיי-טאַץ זעט עס אויס.
אין סאַמע מיט — צוויי ברייטע בענק,
איינס אַנטקעגן אַנדערן, ווי אין אַ גערטנדל,
ס׳פֿירן צו זיי צוויי שטעגעלעך
און נעבן די בענק — קינדער-וועגעלעך
מיט עופֿהלעך
און ביי יעדן וועגעלע זיך האַלטן שטייענדיק אָן
אַ צוויי-דריי קינדערלעך,
שוין עטוואָס גרעסערע.
און די שוין גרויסינקע,
זיי לויפֿן, שפּרינגען, ליאַרעמען
אויף דעם "ככר המגינים"
און יונגע מאַמעס מיט די מאַנען זייערע
די יונגע חסידים,
טייל פֿון די, וואָס זיצן אויף די בענק
אין גערטנדל
און טייל פֿון די, וואָס לויפֿן נאָך די גרויסינקע
צו האַמעווען און געבן עפּעס אין די מיילעכלעך,
זיך טענהן אויס מיט זיי מיט ליבשאַפֿט
טאַטע-מאַמישער
אויף מאַמע-לשון יידיש.
און צו די ברעקלעך קינדער אין די וועגעלעך
מיט די זויג-פֿלעשעלעך אין די הענטלעך,
זיך ווענדן מאַמעס און שמועסן זיך דורך מיט זיי
אויף אַ באַטעמטן שיינעם יידיש;
פּונקט ווי די מאַמע מיינע מיט מיר
מיט אַ פֿינף-און-זעכציק יאָר צוריק...
שטיי איך אויפֿן "ככר המגינים"
צווישן די צפֿת׳ער חורבות,
אין די ערשטע תמוז-טעג, תשל״ח,
אָנגעשפּאַרט אויף מיין קוליע-שטעקן
און טרערן שטיקן מיך...

צפת, 10.7.78

## מאָדנע...

מאָדנע,
ווען אין צפֿת זיך דרייט אַ ייִד אַרומעט
אָן אַ היטל,
ווערט עס עפּעס פּריקרע,
פֿאַלט אויף אים אַן אומחן,
קוקט מען שוין מיט ביטול —
אַ כל-בו,
וואָס אין דער קאָרט,
צפֿת איז נישט פֿאַר אים
קיין אָרט...

5.7.78

## מיינע געבאָטן

בלויז שיינס,
בלויז גוטס,
אָן ברוד,
אָן שמוץ,
אָן גיפֿט,
אָן כעס —
בלויז מילדער,
ווילער,
קלוגער
שפּאַס.
באַקומט זיך עס
ביי מיר
דערווייַל בלויז
אויף פּאַפּיר...

צפֿת, 6.7.78

## און ס'פּעלט דאָס בילד אַליין...

אַ בילד איבער אַ בילד
מעטאַפֿערן — אַ שלל!
קיין שום דיסטאַנץ נישטאָ,
קיין ברעקל אינטערוואַל.
צו ערשט כ'קוק פֿון דער ווײַט,
דערנאָך כ'בלײַב נאָענט שטיין —
איין זאַך פֿאַרשטעלט די אַנדערע,
קיין פֿלייש נישט, קיין געביין.
אַ קופּע בילדער וואַלגערט זיך
און ס'פּעלט דאָס בילד אַליין...

6.7.78

## פון מיינע רוסישע מאָטיוון

אוי, כ'בין דיר, ברודער-לעבן,
נישט מקנא,
דו דאַרפֿסט זיך אַלץ נאָך סמאָטשקעןן
אין די ליפּן מיט איוואַנען.
די בוטאָפֿאָרישע,
די האָקוס-פּאָקוס
פֿעלקער-פֿרײַנדשאַפט
מיט הכנעה לויבן
און זײַן צו יעדער רגע גרייט...
...די בייזע כוואַליע מיט רציחה גייט,
זי זעצט אין דײַנע שויבן,
זי האַקט דיר אויס די טירן...
צו אַל די כף-הקל,
אין בעסטן פֿאַל
מע וועט דיך ווידער מיט עטאַפּן פֿירן...

צפת, 4.7.78

## ש. בר-עוזי

# פון מיינע זכרונות

### ווידער אַ שטיקל האָפענונג

היינט האָבן זיך פאַרשפּרייט אַנגענעמע קלאַנגען. פון וואַנען? אין וואָס באַשטייען זיי? ווו איז דער קוואַל? עמיצער האָט דערציילט אַז עפּעס אַ קאַנוואָירער, פירנדיק די בריגאַדע לאַגערניקעס אויף אַרבעט, האָט געזאָגט צו איינעם פון בריגאַדע אַז "אין גיכן וועט איר זיך אַלע דערפרייען". וואָס קאָן דאָס באַדייטן? צו דאַרף מען לייגן אַכט אויף דער "קאַטשקע"? ווער האָט דאָס געהערט?

ווי אַ בליץ — האָט די בשורה זיך פאַנאַנדערגעטראָגן איבערן גאַנצן לאַגער. אין יעדן באַראַק האָט מען שוין געקאָנט זען גרופּקעלעך מענטשן, וואָס האָבן זיך געטויִשט מיט מיינונגען, שטעלונגען און קאָמענטירט דאָס געהערטע אויף אַלע אופנים. מער פּעסימיסטיש געשטימטע האָבן געטענהעט אַז "קיין גוטס האָבן מיר נישט וואָס צו דערוואַרטן" און דאָס אַלץ איז אַ "טרייסט מיט חלשות-טראָפּנס" און אַנדערע אַרויסזאָגונגען, וועלכע האָבן נאָך מער פאַרשווערט די הערצער. אָבער ווער האָט זיי געהערט, די פּעסימיסטיש-געשטימטע "פּאַניקיאָרן"? די מערהייט האָט אין די קלאַנגען געוואָלט זען נאָר אַ גאולה. פאַרשטייט זיך, אַז גלייכצייטיק האָט מען געוואָלט וויסן מער גענויערע ידיעות און צי איז טאַקע פאַראַן אַ גרונט אויף מאַכן גוטע אויספירן? די מענטשן פון דער בריגאַדע, וואָס האָבן אַליין דאָס געהערט פון דעם קאָנוואָירער זענען ממש באַלאַגערט געוואָרן און האָבן קיין רו נישט געהאַט. יעדער האָט געוואָלט וויסן פּינקטלעך, ווער און ביי אַ וואָסערע אומשטענדן איז דאָס געזאָגט געוואָרן און צי איז דאָס טאַקע נישט קיין חוזק?

לאַנג איז מען יענע נאַכט נישט געשלאָפן, קאָמענטירנדיק די היינטיקע ידיעות, וואָס האָבן טאַקע אויפגעוועקט פיל פאַרלוירענע האָפענונגען. אויף צו מאַרגנס האָבן די קלאַנגען זיך נאָך מער "באַשטעטיקט" דורך אַנדערע קאָנוואָירן, וועלכע האָבן מיט מער זיכערקייט געזאָגט אַז דער שעף פון לאַגער האָט באַקומען אַ באַפעל וואָס "וועט אַרויסרופן ביי די לאַגערניקעס פיל פרייד", נישט דערציילנדיק דעם אינהאַלט.

אויף וויפל דאָס איז געווען בערך אַ וואָך צייט פאַרן 1טן מאַי, צו וועלכן מ׳האָט זיך געגרייט אין לאַגער — איז מען געווען זיכער אַז דער באַפעל וועט צוגעטראָגן ווערן אונדז ווי אַ מתנה צום יום טוב.

ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מ׳איז כמעט זיכער געווען, אַז אונדזערעליידן און דערנידערונגען, וועלכע זענען אויסגעדריקט געוואָרן אין פיל ביטעס און אין אָנקלאַגעס, האָבן "אַדורכגעבראָכן די אייזערנע וואַנט" און זענען דערגאַנגען קיין מאָסקווע, אַ דאַנק וועלכער די עפּאָכע פון שווידערלעכער אומגערעכטיקייט נעמט אַ סוף און ס׳איז, ווייזט אויס,

אַנגעקומען אַ רשימה פון מענטשן, וואָס דאַרפן גלייך באַפרייט ווערן אָדער, לכל הפחות, וועלן זייערע ענינים איבערגעקוקט ווערן, וואָס איז אויך אַ וועג צו באַפרייונג. מער זיכערקייט איז געווען ביי די, וועלכע האָבן פאַר דער צייט געשריבן פּילצאַליקע ביטעס אין די צענטראַלע מלוכה־אַנשטאַלטן און פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס וועגן זייערע נישט באַגרינדעטע אַרעסטן, פאַרשונגען און דאָס אָפּקומען אין די לאַגערן לאַנגע טערמינען אָן קיין שום געריכט.

מיט יעדן טאָג האָבן זיך די קלאַנגען מער פאַרשפּרייט און יעדעס מאָל זיך מיט עפּעס דערגאַנצט. מ׳האָט געפּרוווט נושא חן זיין ביי אַ טייל פון די קאָנוואָירן (דאָס זענען געווען די איינציקע פרייע מענטשן, וואָס מיר האָבן געזען, כאָטש רעדן מיט זיי האָט מען נישט געטאָרט) כדי פון זיי אַרויסבאַקומען אַן איבעריק וואָרט, וואָס האָט אַ שייכות צום באַקומענעם באַפעל. די אַלגעמיינע גוטע שטימונג פון יענע טעג אין די בריגאַדעס האָבן אויך געווירקט אויף דער אַרבעטס־אַקטיווקייט וועלכע איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג.

בשעתן אַרויספירן אויף דער אַרבעט ביים לאַגער־טויער האָט מען שוין געהערט מער מילדערע ווערטער פון לאַגער־שעף אַליין, באַגלייטנדיק די בריגאַדע מיט אויסדריקן און ווונטשן — איבערצופילן די פּלענער פון "ספלאַוו" * נישט דערלאָזנדיק קיין "זאַטאָרן" (פאַרשטאָפּונגען אויפן טייך), און דאָס — זאָגט ער — וועט זיין אַ מתנה פאַר דער "ראָדינע" צו די ערשט־מאַי־פייערונגען און "אייער אַרבעט וועט באַלוינט ווערן מיט אַ באַפעל, וואָס געפינט זיך ביי מיר און וועט אייך דערפרייען".

די ווערטער פון שעף אַליין, בכבודו ובעצמו, האָבן אַריינגעבראַכט אין אונדזערע הערצער אַ נייע כוואַליע פון האָפענונג. די אַרבעט אויפן טייך איז אַנגעגאַנגען מיט אַ סך מער ברען. ס׳איז נישט געווען קיין ספק אַז דאָס איז באמת אַן איבערבראָך און אונדזער גאולה איז נאָנט. מ׳האָט זיך שוין פאַרגעשטעלט ווי אַזוי מ׳וועט פאַרלאָזן דעם לאַגער ווי אויף טריט און שריט, באַגלייט אונדז ווי אַ שאָטן דער טויט, ווי אַזוי ס׳וועט אויסזען דאָס געזעגענען זיך מיט חברים, די באַגעגעניש אין דער היים מיט די משפחות. מ׳האָט איבער־געשריבן אַדרעסן. מ׳האָט באַדויערט די, וואָס האָבן ממש אין די לעצטע טעג אויסגעהויכט זייערע נשמות און נישט דערלעבט די באַפרייונג. די צוגרייטונגען האָבן זיך בולטער אַרויסגעוויזן אין רעמאָנטירן וואַליזקעס, קעסטלעך, רוקזעק. ווו איז אַהינגעקומען די דערשלאָגנקייט און מרה שחורה? טראַגיש איז געווען דער צושטאַנד פון די קראַנקע מענטשן אין שפּיטאָל־באַראַק, וועלכע האָבן ליידנשאַפטלעך צו אַלץ זיך צוגעקוקט און נישט געקאָנט זיך רירן פון אָרט.

מיט אַ טאָג־צוויי פאַרן ערשטן מאַי איז אויף דער טעריטאָריע פון לאַגער אַוועק־געשטעלט געוואָרן אַ טריבונע (בינע). צווישן די לאַגערניקעס האָט זיך אָפּגעזוכט אַ קינסטלער, וואָס האָט אויסגעמאָלט אַ גוואַלדיק גרויסן פּאָרטרעט פון סטאַלינס "אייזער־נעם נאַרקאָם" ניקאָליי איוואַנאָוויטש יעזשאָוו, אויסדעקאָרירנדיק אים אויף דער טריבונע מיט באַפּוצונגען. די שפּאַנונג איז געוואַקסן פון שעה צו שעה. אַן אומגעהויערע שטימונג און דערוואַרטונג. וועגן באַפעל איז שוין קיין שום צווייפל נישט געווען. מ׳איז נאָר

* דאָס טרייבן געהילץ מיטן טייך־שטראָם.

געוועזן אומגעדולדיק. ס'האָט זיך שוין געוואָלט וויסן דעם געהיימניספולן אינהאַלט פונעם באַפעל.

דעם 30סטן אַפּריל אין אָוונט, נאָך דעם ווי די נאַכט־בריגאַדעס זענען אַוועק אויף זייער אַרבעט ביים טייך, ווו זיי האָבן געטריבן דאָס געהילץ ביי די ספּעציעלע שייטערן, איז אין באַראַק געמאָלדן געוואָרן פאַר אונדז אַן אַרטיקער באַפעל פון לאַגער־שעף, אַז דער מאָרגנדיקער טאָג — דער ערשטער מאַי — איז אַ אַפּרו־טאָג (נאָך אַ לאַנגער צייט) און אַלע דאַרפן מאָרגן בייזיין אויפן מיטינג, וואָס וועט פאַרקומען, געווידמעט דעם יום־טוב, און טאַקע אויף יענעם מיטינג וועט דורכגעלייענט ווערן אַ ספּעציעלער באַפעל פאַר אונדז, אונטערגעשריבן דורך סטאַלינס נאַרקאָם — דעם כּאַווער יעזשאָוו אַליין.

נאָך דעם איז שוין קיינער נישט געשלאָפן. ס'איז געוועזן אַן אמתע וואָך־נאַכט. אין אָט דער נאַכט האָבן זיך אַפילו געלאָזט הערן ברומענדיקע געזאַנגען פון אייניקע, כאָטש ביז איצטער האָט קיינער קיין מאָל נישט געזונגען אין באַראַק.

אַפּפּאַרטיקנדיק זיך אין דער פרי פריער ווי אַלע מאָל — האָט זיך יעדער באַמיט, ווי ווייט מעגלעך, אויסזען יום טובדיק, איבערקליידנדיק זיך (אויב ס'איז נאָך עפּעס ביי עמעצן געבליבן פון דער היים). איינער דעם צווייטן באַגריסט מיטן יום טוב און, פאַר־שטייט זיך, מער מיט דער דערוואַרטעטער גאולה. קוקנדיק אויפן גרויסן בילד פון יעזשאָוון, דאַכט זיך אַז ער איז לגמרי נישט אַזוי "שלעכט און מערדעריש" ווי אונדז האָט זיך געדאַכט. אַ סימן איז דאָך דער היינטיקער באַפעל "וואָס וועט אונדז אַלעמען דערפריי־ען", דורך אים אַליין אונטערגעשריבן . . .

10 אַ זייגער אין דער פרי. אַלע זענען ביי דער טריבונע און וואַרטן. די שטימונג איז אָנגעשטרענגט און פייערלעך. אין דורכגאַנגס־טיר ביי דער וואַכטע באַווייזן זיך דער שעף פון לאַגער, שעף פון דער "אַכראַנע" (קאָנוואָירן־אָפּטייל), פאַרשטייער פון די העכערע אָרגאַנען און נאָך אייניקע באַאַמטע פון מער נידעריקע ראַנגען, וועלכע האָבן זיי באַגלייט.

דער מיטינג האָט זיך אָנגעהויבן. נאָכן קורצן איבערגעבן די באַדייטונג פון ערשטן מאַי און מער גרינטלעכער — וועגן "ווירטשאַפטלעכע אויפגאַבן" — דאָס אויספילן דעם פּלאַן פון אַראָפּוואַרפן דאָס צוגעגרייטע געהילץ אין טייך, אַוועקטרייבן אַן פאַרשטאָפּונגען (זאַטאָרן) און אַוואַריעס (ווי שוין דערמאָנט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל, האָט דער אייזגאַנג דאָס יאָר פאַרשפּעטיקט, און מען איז געצוויט געוועזן ספּעציעל אויפרייסן, לאָזן אין גאַנג דאָס אייז — דאָס טאַקע האָט גורם געווען "זאַטאָרן" און אַוואַריעס אויפן טייך) — האָט מען אָנגעהויבן לייענען דעם לאַנגדערוואַרטן באַפעל צו וועלכן אונדזערע הערצער און דאָס גאַנצע וועזן אונדזערס האָט געלעכצט.

אין באַפעל איז בפירוש געזאָגט געוואָרן, אַז אין אייניקע לאַגערן אויף צפון־מזרח פון לאַנד (אָנגעוויזן וועלכע) זענען אַ טייל לאַגערניקעס, פאַר גוטער אַרבעט, און איבערפילן די פּלענער באַלוינט געוואָרן מיט באַפרייען פון לאַגער פאַרן טערמין. אין זעלבן באַפעל איז אויך אָנגעוויזן אַז יעדער שעף פון לאַגער אָדער וועלכע ס'איז אָפּטיי־לונג — האָט רעכט פון היינט אָן צושטעלן אין די העכערע אינסטאַנצן פון די זיכערהייטס־אָרגאַנען (נקווד) די נעמען פון באַזונדערע לאַגערניקעס, וועלכע טיילן זיך אויס מיט זייער

איבערגעגעבנקייט צו דער אַרבעט און פילן איבער זייערע פלענער — מיט "כאַדאַטייסטוואַ" — (שתדלנות) וועגן פאַרקירצן די טערמינען פון שטראָף און אין באַזונדערע פאַלן — אויף באַפרייען פון לאַגער פאַרטערמיניק.

אויף דער פראַגע צו די פאַרזאַמלטע, צי האָבן אַלע געהערט און פאַרשטאַנען דעם באַפעל פון נאַרקאָם יעזשאָוו? און מיטן ענטפער — יאָ. פאַרשטאַנען. איז דער מיטינג געשלאָסן געוואָרן . . .

מיט שווערע הערצער, דערדריקטע, ווי אָפּגעשמיסענע, מיט אויסגעלאָשענע האָפענונ־גען, אָן ווערטער, שעמענדיק זיך איינער פאַרן צווייטן — האָט מען ביסלעכווייז פאַרלאָזט דעם פּלאַץ, אַוועקגייענדיק אין די פינצטערע און קלאָגעדיקע באַראַקן, נאָך אַ מאָל כאַפּנדיק אַ בליק אויפן פּרצוף פון יעזשאָוון. ס'האָט זיך געדאַכט אַז איצטער לאַכט ער פון אונדז דערפאַר, וואָס אים האָט זיך איינגעגעבן אונדז פאַרנאַרן מיט זיין כשוף.

אויך אין דער נאַכט נאָכן מיטינג איז קיינער נישט געשלאָפן. ס'האָט געמאַטערט דער געדאַנק — וואָס וועט זיין ווייטער? די גרעסטע טייל לאַגערניקעס זיצן דאָס ערשטע און דאָס צווייטע יאָר און האָבן פאַר זיך אַן אורטייל (דורך וועמען?) פון 10 יאָר. נאָר אַ קליינע טייל האָבן געהאַט אַ פּסק פון 8 יאָר און איינצלנע האָבן געהאַט אַ 5־יאָריקן פּסק. די אַרבעט איז אומגעהויער שווער. די נאָרמעס גרויס. מע הונגערט. מע טרינקט די בלאָ־טיקע וואַסער וואָס רופט אַרויס כסדר דיזענטעריע, מע שלאָפט אויף האַרטע שמוציקע פאַרלייזיקטע נאַרעס. די צאָל "דאָכאָדיאַגעס" (אויסגייענדיקע פון הונגער) ווערט פון טאָג צו טאָג גרעסער. יעדן טאָג אין דער צייט פון "אַפּעל" ווערן אויף וועגענער, דעמאָנסטראַטיוו, אַדורכגעפירט צענדליקער "באַפרייטע" צו זייער אייביקער רו און קיינער זאָגט נישט נאָך ברוך מתים אסירים. צי וועט מען דאָס אויסהאַלטן? צי וועלן טאַקע אונדזערע שטילע וויי־געשרייען דורך קיינעם נישט געהערט ווערן? צי איז דען ענלעכס ווען ס'איז געהערט געוואָרן אין דער וועלט, סע זאָלן אַזוי פיל מענטשן, אָן אַ וועלכער ס'איז שולד אָן אַ געריכט, אָן אַ פאַרטיידיקונג — אכזריותדיק צוגענומען ווערן פון זייערע טייערע משפחות מיט קליינינקע קינדער, און טאַקע נאָך אַ מאָל, אויף אַן אכזריותדיקן אויפן אַריינגעוואָרפן ווערן אין אַזאַ שאול תחתיה אויף פאַרמאַטערט צו ווערן און אויסגיין ווי ליכט? ווער האָט דאָס באַדאַרפט און ווער האָט פון דעם נוצן געהאַט?

"לייבושע־לאַגער" אַרכאַנגעלסקער געגנט 1938

# ביים מתים-קעמערל אין "זעמליאַנקע" *-שפּיטעלכל

אַ שפּעטע נאַכט-שטילקייט. איך זיץ אַ מידער און "בוק" זיך כסדר, ווייל ס'ווילט זי־ך שטאַרק שלאָפן. ס'ברענט אַ קנויטל אַריינגעשטעקט אין אַ פלעשעלע מיט בוימל. דאָס פּייערל צאַנקט, באַוועגט זיך און וואַרפט אַן אָפּשיין אויף די ווענט. דאָס רייכערן פונעם קנויטל פאַרטשאַדעט די לופט, וואָס איז אַזוי אויך פאַרסמט פון דעם באַרג מתים אין קעמערל. צו אַזאַ טונקלקייט זענען שוין מיינע אויגן צוגעוווינט. אַזאַ אומעטיקייט איז גורם נאָך אַ מאָל מאַכן אַ שטיקל חשבון הנפש פונעם דורכגעמאַכטן שווערן לאַגער־לעבן און צונויפנעמען די געדאַנקען, באַטראַכטן מיין אויסוועגלאָזע לאַגע און אויך דאָס גורל פון די דאָפּלט-פאַראורטיילטע קראַנקע, וועלכע ליגן דאָ אויף דער קאַלטער, צעבראַכענער און שמוציקער פּאָדלאָגע, צוגעדעקטע מיט זייערע לייזיקע, פאַרשטינקענע און צעריסענע טראַנטעס. שטאַרבן שטיל און קלערן אוודאי וועגן די משפּחות ערגעץ ווו, ווייט אין דער היים, וואָס וואַרטן אויף אונדז און מיינען אַז אָט־אָט, וועלן מיר זיך אומקערן צוריק.

פון מיינע צוגעמשפּטע 10 יאָר בין איך דערווייל אָפּגעזעסן נאָר 5. געבליבן אַ בעל חוב פון נאָך 5. ווי אַזוי וועל איך קאָנען אויסהאַלטן ווען איך בין שוין אַזוי אָפּגעשוואַכט און אויסגעדאַרט ביז גאַר? איך געפין זיך אין דעם דאָקטערס רשימה פון די דיסטראָפיקער. אָט די גרופּע קראַנקע פאַלן ווי פליגן. איך בין נישט אומשטאַנד אויספילן מיינע פליכטן אַלס סאַניטאַר. מען האַלט מיך דאָ ממש צוליב רחמנות אַ דאַנק די דאָקטוירים דאַדעדזשאַן קאַבעליאַני און לעאַניד שטיינפעלד.

באַלד דאַרף קומען דער פורמאַן מיט זיין שליטן צונעמען דעם "באַרג" מיט די מתים, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט פאַר די לעצטע 2—3 טעג. זיי ליגן אין קעמערל און וואַרטן אויף זייער "קבורה", שטינקען, נאָר פאַרסמט צו ווערן און זיי האָבן דאָך נאָך היינט־נעכטן געלעבט, געאָטעמט און געטרוימט וועגן אַ פרייהייט, משפּחה און וועגן וואָס נאָך? איצטער פרעסן זיי די שטשורעס "חוצפּהדיק", נישט האָבנדיק מורא פאַר קיינעם, אַפילו ווען איך טרייב זיי.

אין שכנותדיקן קעמערל דרעמלט די דיזשורנדיקע קראַנקן־שוועסטער "וואַליאַ", וועלכע איז אויך צוגענומען געוואָרן פון דער היים אין מאָסקווע צוזאַמען מיט איר פאָטער — אַ באַוווסטער מעדיצין־דאָקטער, וואָס מאַטערט זיך ערגעץ אין אַ צווייטן לאַגער [1].

* ערד־שטיבל

1 דער פאָטער פון "וואַליאַ" איז אַ געוועזענער דאָקטער־מעדיצין, אַ יידישער און געזעל־שאַפטלעכער טוער און ציוניסט מיכל בן יעקב מ., וועלכן מען האָט אויך אַרעסטירט און "געגעבן" 10 יאָר. נאָכן אָפּזיין די 10 יאָר איז ער אָנגעקומען אויף אַרבעט אַלס דאָקטער

איך זאָרג דערפֿאַר, וואָס נישט אַלע מאָל וויל דער פֿורמאַן מיר העלפֿן אַרויפֿטראָגן אין דער הייך (אויף 8 טרעפּלעך) צום שליטן די מתים און העלפֿן אויסלייגן זיי לויטן "געזעץ" אַזוי, אַז פּאָר דער וואָך זאָל זיין צוטריטלעך צום קלאַפּן מיטן העמערל אין שלייף פֿון טויטן (צי פּירט מען נישט אַרויס חלילה קיין לעבעדיקע אַנשטאָט טויטע) און איינבינדן מיט שטריק — זיי זאָלן אויפֿן וועג איינציקווייז נישט אַראָפּפֿאַלן. ווען אַפֿילו קיין איינער פֿון די מתים איז נישט צוטריטלעך צום קלאַפּן אין שלייף — ווערן זיי מיר צוריקגעשיקט אויף איבערלייגן. צווישן די מתים זענען פֿאַראַן זייער שווערע און ס'איז אוממעגלעך פֿאַר מיינע כוחות אַרויסטראָגן. נעכטן האָט דער דאָקטער נאָוואָסעלאָוו ניקאָליי וואַסילעוויטש [2] געפּאַלמעסט דעם פֿאַרשטאָרבענעם סיבירער קאָלכאָז־בוכהאַלטער, מיט וועלכן מיר איז אויך אויסגעקומען זיך מטפּל צו זיין, פֿאַרנייען און צורוימען נאָכן פּאַלמעסן און וועלכער וועגט מער ווי הונדערט קילאָגראַם. פּיר פּערזאָן, האָבן מיר מיט גרויס מאַטערניש אים אַריינגעשלעפּט אין קעמערל פֿון די מתים און איצטער וועט מען דאַרפֿן אים אַרויסטראָגן צום שליטן. עס גיסט זיך פֿון אים אַ פֿליסיקייט. ער פֿלעגט מיר אין די אָוונטן פֿון מיין דיזשור דערציילן אַנעקדאָטן וועגן קאָלכאָז לעבן. ווי ער האָט מיר דערציילט, איז ער טאַקע פֿאַר אַזאַ אַנעקדאָט, דורך דער "טראָיקע" באַשטראָפֿט געוואָרן מיט 10 יאָר תפֿיסה. איצטער איז ער פֿאַרבליבן אַ "בעל חוב" דער מלוכה גאַנצע 6 יאָר...

— העלפֿן אַרויסטראָגן די מתים — זאָגט מיר דער פֿורמאַן — איז נישט מיין פֿליכט. איך דאַרף זיי אַרויספֿירן צום צוגעגרייטן גרוב, איבערקערן זיי און אויסליידיקן דעם שליטן.

ס'וויל זיך מיר נישט וועקן דעם צווייטן סאַניטאַר — וויקטאָר ניקיטאָוויטש קורזאַנ־

אין מאַרינסקער שטאָט־שפּיטאָל (סיביר). נאָכן אָפּאַרבעטן דאָרט 3—4 חדשים, איז ער אויף ס'ניי אַרעסטירט געוואָרן און נאָך אַ מאָל באַקומען 10 יאָר. נאָכן אָפּקומען דעם צווייטן 10 יאָריקן טערמין, האָט מען אים נישט דערלויבט אומקערן זיך צו זיין משפּחה אין מאָסקווע (די פֿרוי איז פֿאַר דער צייט געשטאָרבן פֿון צרות). נאָך דעם איז ער פֿאַרשיקט געוואָרן אין אַ דאָרף אין ניקאָלאַיעווער געגנט, ווו ער איז געשטאָרבן אין איינזאַמקייט אין עלטער פֿון איבער 80 יאָר. "וואַליאַ" איז אויך צום צווייטן מאָל אַרעסטירט געוואָרן אויף 8 יאָר, נאָך דעם ווי דער סטרוזש פֿון הויף האָט זי געמסרט בשעת זי האָט "אומלעגאַל" באַזוכט איר מוטער אין מאָסקווע (ווי איר איז פֿאַרווערט געווען צו געפֿינען זיך). "וואַליאַ" וווינט איצטער אין מאָסקווע.

2 דער דאָקטער ניקאָליי וואַסיליעוויטש נאָוואָסעלאָוו איז מיט אַ קורצע צייט צוריק איבערגעפֿירט געוואָרן צו אונדז פֿון אַ צווייטן לאַגער (סוסלאָוואָ), ווו עס האָט זיך אויך געפֿונען דער שפּעטערדיקער מאַרשאַל ראָקאָסאָווסקי (דערנאָך איבערגעפֿירט געוואָרן אין אַנסיבעס־לאַגער. ער איז געווען אַן איידעלער רוס ביז גאָר. ער האָט באַקומען אויטאָריטעט ביי די קראַנקע און באַזונדער ביי די יידן פֿון דאָרט).

3 וויקטאָר ניקיטאָוויטש קורגאַנצעוו איז פֿאַרן אַרעסט געווען שעף פֿון ערשטן אַרטי־לעריע־אָפּטייל אין פֿאַרטיידיקונגס־מיניסטעריום אין ראַטנפֿאַרבאַנד, ווו ער איז אַרעס־טירט געוואָרן צוזאַמען מיט אַ גרעסערער גרופּע הויכע מיליטערישע אָנפֿירער. נאָך זיין אַרעסט איז אויך די פֿרוי אַרעסטירט געוואָרן און באַקומען אַ טערמין. זי איז אָפּגעקומען איר שטראָף ערגעץ אין אַן אַנדער לאַגער. זי האָט זיך פֿריער באַפֿרייט און געקליבן זיך באַזוכן איר מאַן אין אונדזער לאַגער. אָבער ער איז שוין דאַן געשטאָרבן.

צעוו[3], וועלכער האָט אויך אַ "צענערל". ער איז נישט לאַנג צוריק אַנטשלאָפן געוואָרן אַ מידער (נאָכן אָנהאָקן מיט מיר צוזאַמען אַ סך האָלץ צום הייצן דאָס זעמליאַנקע־שפּיטעלעכל). שווער קומט אים אָן אויף די עלטערע יאָרן, אַרומגיין אַרום זיינע אַנשטעקנ־דיקע קראַנקע (אין זיין פּאַלאַטע, צווישן וועלכע ס׳זענען אויך פאַראַן שווערע און גוסס־דיקע). ווי אַן אַנגעדרייטער אויטאָמאַט וויגט ער זיך אַרום זיי אַ גאַנצן טאָג, געפינט אויך פאַר יעדן אַ גוט וואָרט פון טרייסט. טייל קראַנקע ווייסן און פאַרשטייען זייער לאַגע און וואָס ס׳דערוואַרט זיי. דערביי פאַרגעסט ער אַליין (וויקטאָר), וואָס ס׳דערוואַרט אים, זייענדיק אַליין אויך זייער קראַנק און שפּייט מיט בלוט.

ס׳האָבן מיך היינט געריררט די ווערטער פונעם לעניגראַדער זייגערמאַכער לעווין, וועלכער האָט מיט עטלעכע מינוט פאַר זיין טויט צוגערופן מיך, געבעטן איבערגעבן זיין פרוי (ווי אַזוי?) אַז ער פילט זיך שלעכט און הייבט אָן פאַרלירן זיין האָפענונג זען זיך מיט איר. ער האָט אָנגעהויבן כאָרכלען, מיט בעטנדיקע אויגן אַ קוק געגעבן אויף מיר און אויסגעהויכט זיין נשמה. אויך ער איז שוין געווען צווישן באַרג פון די מתים, וואָס האָבן געוואַרט אויפן פורמאַן ער זאָל זיי ברענגען צו "קבורה".

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אויך אונדזער אַלטיטשקער און באַליבטער וויקטאָר ניקיטאַוויטש קורגאַנצעוו געשטאָרבן, נישט דערוואַרטנדיק זיך אויף זיין פרוי, וואָס האָט אויך, באַפרייענדיק זיך פון אַ צווייטן לאַגער, אים געשריבן אַז זי קלייבט זיך באַגעגענען מיט אים. ער האָט זיך דאָס נישט דערוואַרט...

נאָך מיין באַפרייונג האָב איך לאַנג געזוכט אין מאָסקווע די פרוי פון קורגאַנצעוו (אפשר זענען אויך געווען קינדער און איך האָב נישט געוווּסט?) וועלכע ס׳איז זיכער נישט געווען באַוווּסט די אומשטענדן פון זיינע לעצטע חדשים אין לאַגער און אויך וועגן זיין טויט. מיינע באַמיונגען האָבן קיין רעזולטאַטן נישט געגעבן איך האָב אויך געבעטן דעם יידישן גענעראַל פלאַסקאָוו (פון דער ארטילעריע) העלפן מיר געפינען עמעצן פון זיין משפחה. ער האָט געענטפערט אַז ער ווייסט נישט פון אַזעלכן.

אַרלאַוואַ־ראַזאַוער לאַגער (סיביר) 1942

*

## דערשינען...

**אליעזר פּאָדריאַטשיק**: "אין פּראָפיל פון צייטן". פאַרלאַג י. ל. פּרץ 1978, 348 זייטן, שער־בלאַט פון צפניה קיפּניס.

**מאיר חרץ**: "דאָס פינפטע ראָד" לידער. פאַרלאַג "אייגנס" ירושלים 1978, 192 זייטן, פּאָרטרעט פון מחבר געצייכנט פון מ. מילבערגער. צייכענונגען צו אַלע קאַפּיטלען פון בוך — איזיו שערף.

**פייוויש אראנעס** — "ויהי — און געווען איז"... לידער מיט נאָטן און פאַרצייכענונגען. ישראל 1978. 114 זייטן.

## א. וועלעדניצקי

# לידער און נאָטיצן

## עלעגיע

איך גיי אַרום און הער זיך אײַן אין יעדער שאָרך,
איך קוק זיך אײַן אין נאָענט און אין ווײַט.
האַרץ און ברוסט געפֿינט זיך ניט קיין אָרט.
אומרו לאָזט מיך הײַנט ניט אָפּ.

ס׳דאַכט מיר אַלץ נאָך, אפֿשר —
אפֿשר וועל איך אײַך באַגעגענען,
ברידער טײַערע,
וואָס איר זײַט פֿאַרשניטן פֿאַר דער צײַט...

גיי איך אום
און הער זיך אײַן.
ס׳דאַכט זיך אַלץ,
אַז איר דאַרפֿט מיר עפּעס זאָגן,
זאָגן גאָר אַ נייטיק וואָרט.
— — — —
כ׳זאָג אײַך צו הײַנט,
ברידער-פֿריינד:
אומרו וועט מיך שוין קיין מאָל ניט פֿאַרלאָזן,
כ׳שווער הײַנט בײַ דעם פֿאָלק,
בײַ די בעסטע פֿון מײַן לאַנד —
אויב איך וועל די פֿרײַנד פֿאַרגעסן,
זאָל פֿאַרגעסן ווערן דאַן
מײַן רעכטע האַנט.

*

מע קען זיי פֿאַרלעשן די שרפֿות, דעם בראַנד,
נאָר ס׳פֿײַער פֿון האַרצן, ווער קען עס פֿאַרלעשן?

איך שטיי היינט, איך ווייס ניט אויף וואָס פֿאַר אַ ראַנד,
נאָר מאַכן איך דאַרף אַ היסטאָרישן חשבון,

איך שטיי און באַטראַכט זי, די גוואַלדיקע צײַט.
איך פֿרעג בײַ דעם איצטיקן מענטשן:
— אין וויסן און וואָגן אַוועק ביסטו ווײַט,
נאָר וועט זיך דער דור, וואָס עס קומט, מיט דיר בענטשן?

## דאָס ליד פון לידער

דערהער איך די קלאַנגען פֿון דעם גאָלדענעם ליד,
ווערט פֿולער און פֿולער מײַן ערדישע גאָב.
מיר דאַכט, כ׳בין אַ טויב — אין די הייכן איך פֿלי
און גרינג פֿון די הייכן איך לאָז זיך אַראָפּ.

פֿון גאָלדענעם ליד אָט דעם קלאַנג איך הער אײַן
ווי דעם צאַרטן גערויש אין די שטראַלן פֿון זון,
פֿון אים,
פֿון דעם פּרעכטיקן ליד
עס רײַסט זיך אַ גאָלדענער ווונטש
אין מײַנע באַהאַלטענע וועלטן אַרײַן.

## די לעצטע נאָטיצן אין ווערעדניצקיס בלאָקנאָט

בעסער אָפּגעבן דעם קאָפּ איידער אַ טראָפּן פון געוויסן.

וואָס האָט אונדזער לעבן פּאַר אַ ווערט, אויב מיר זענען ניט מיט אייך, מע האָט ניט געלאָזן אייך דערשפּילן ביזן סוף אייער גאָלדענע שפּיל...

ס׳טוט מיר באַנג און ס׳טוט ווי ביז געוויין, וואָס מיין קינד קען מיין ווי ניט פּאַרשטיין.

וואָס וועט זיין שפּעטער ווייס איך ניט, איך טראַכט נאָר וואָס איז געשען פאַר די לעצטע 38 יאָר.

איך בין מקנא דעם באַלעבאָס פון מיין דירה, וואָס ער האָט די מאַכט איבער זיין הונט. איך בין מקנא ביכלל אַ מענטשן, וואָס האָט די מאַכט איבער אַ הונט, ווייל איך ווייס ווי שלעכט עס איז, ווען אַ הונט האָט די מאַכט איבער אַ מענטשן.

דער טויט איז אַן אומעטיקע זאַך, נאָר ווען וואָלט געגומען אַ סוף צום טיראַן ווען ניט דער טויט?

זיי האָבן צעבראָכן מיין לעבן ניט נאָר איצט, זיי האָבן צעבראָכן דאָס לעבן אויף צוריק, דעם גלויבן אין מענטשלעכן מאָראַל... מיט וואָס איך האָב אַזוי אויפריכטיק געלעבט...

אַז די יידישע קולטור און ליטעראַטור אין רוסלאַנד האָט זיך צעבליט איז אין אמתן געווען אַן אילוזיע, איצט האָט מען ביי אונדז צוגענומען די אילוזיע אויך.

די יידישע קולטור און ליטעראַטור אין רוסלאַנד געהער אין גרונט, אויב ניט אין גאַנצן, צום געביט וואָס הייסט שוין געשיכטע.

אייניקע מענטשלעך אַ מאָל ביי אונדז, האָבן געמיינט אַז זיי זענען אויפן פערד און ניט באַמערקט אַז די פערדלעך אונטער זיי זענען פאַ-פירענע.

מענטשן פון די קומענדיקע דורות, איך דאַרף, איך מוז מיט אייך אויסרעדן אַ וואָרט...

*

אוי אַ רעגן דאַרף מען,
אוי אַ רעגן,
וואָס זאָל אַראָפּשווענקען פון דער ערד די שמוץ.
אוי אַ רעגן דאַרף מען
אַ שאַרפן, שמייסנדיקן רעגן, אַ שלאַקסרעגן.
און דערנאָך אַ גרויסע, שיינענדיקע, געטרייע זון
עס זאָל זיך אָנהויבן אַ ניי לעבן אויף דער ערד...

# וועגן אברהם וועלעדניצקי

אברהם וועלעדניצקי — דער באַקאַנטער יידיש־סאָוועטישער דיכטער, קריטיקער, ליטע־ראַטור־פאָרשער און פּעדאַגאָג, וואָלט היאָר אַלט געוואָרן 85 יאָר...

כדי אָפּצומערקן די דאָזיקע דאַטע, פאַרעפנטלעכן מיר אייניקע פון זיינע לידער און קורצע פאַרנאָטירונגען פאַר די לעצטע פאַר יאָר פון זיין מאַרטירעריש לעבן.

וועלעדניצקי דער דיכטער איז געקומען אין אונדזער ליטעראַטור אין יאָר 1921 צוזאַמען מיט דער דאַן אויפגעקומענער קיעווער ליטעראַרישער יוגנט־גרופּע "ווידערוווקס" (איציק פעפער, א. קיפּניס, עזרא פינינבערג מ. כאַשטשעוואַצקי א.אנד.).

דאָס ערשטע ביכל וועלעדניצקיס א"ב "אין לייטערניש" איז דערשינען אין קיעוו, 1922, פאַרלאַג "ווידערוווקס". דאָס צווייטע ביכל "אין אָנקום" — קיעווער פאַרלאַג "קול־טור־ליגע", 1929. אין יאָר 1932 דערשיינט "מיטן יונגן קלאַס" און אין 1939 — "לידער", ביידע — אין קיעווער אוקרנאַצמינדפאַרלאַג.

אין זיין פינפטער לידער־זאַמלונג — "אַ טראָפּן אין לויטערן ים", דערשינען אין ישראל (פאַרלאַג י.ל. פּרץ, תל־אביב 1977), וועט דער לייענער געפינען די גענויע ביאָגראַפיע פון דיכטער. מיר ווילן בלויז פאַרצייכענען, אַז וועלעדניצקי איז נישט נאָר געווען אַ דיכטער, אַ מחבר פון אייניקע אינטערעסאַנטע פּאָעטישע שאַפונגען (ווי למשל, די פּאָעמע "מאַמעניו־היים", נאָטור־לידער א.אַנד.) — זיין יצירה איז געווען צעצווייגט און ברייט־פאַרנעמיק: אַן ערודירטער, אָנגעזאַפּט מיט יידישן און וועלטלעכן וויסן, ליטעראַטור־פאָרשער, האָט ער זיך קונה שם געווען מיט זיינע "עטיודן צו דער געשיכטע פון דער יידישער רעאַליסטישער דראַמע", פאַר וועלכן ער באַקומט אין 1947 יאָר דעם טיטול "קאַנדי־דאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן", מיט אַ גאַנצער ריי אַרבעטן וועגן גאָלדפאַדענען, שלום־עליכם און י.ל. פּרץ, וועלכע זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין פאַרשידענע יידיש־סאָוועטישע זשורנאַלן און ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכע זאַמלונגען. אייניקע פון אָט די אַרבעטן זענען אויך איבערזעצט געוואָרן אין רוסיש און אין אוקראַיניש.

אברהם וועלעדניצקי האָט אויך געהאַט אַ שאַרפן חוש צו אַקטועלער ליטעראַטור־קריטיק. ס'פאַרגעדענקען זיך מיט זייער אַנאַליטישער טרעפלעכקייט זיינע אַרבעטן וועגן די ווערק פון דוד האָפשטיין, איציק פעפער, ה. אָרלאַנד, מ. שאַפּירא, מ. ברעגמאַן, עלי שעכטמאַן און אַנדערע.

העכער 20 יאָר האָט מ. וועלעדניצקי געפירט אַ פאַרצווייגטע פּעדאַגאָגישע טעטיקייט: אָנהייבנדיק פון 1921, נאָכן בירגער־קריג, ווען ער דעמאָביליזירט זיך פון דער אַרמיי און ער פאַרנעמט זיך מיט אָרגאַניזירן אַ קינדער־היים פאַר יידישע יתומים, צונויפגעזאַמלטע נאָך די בלוטיקע פּאָגראָמען אין די שטעטלעך פון אוקראַינע; שפּעטער איז ער געוואָרן אַ באַליבטער לעקטאָר אין יידישע מיטל־שולן און טעכניקומס, ער לייענט געשיכטע פון יידישער ליטעראַטור אין קיעווער טעאַטראַלן אינסטיטוט און אין רוסיש — פאַר די סטודענטן פון פילאָלאָגישן פאַקולטעט ביים קיעווער מלוכה־אוניווערסיטעט; ער איז אַ

צוניפשטעלער פון יידישע לערנביכער; אַרויסגעגעבן אַ ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע פאַר די יידישע שולן אין ר״פ. ער איז אויך געווען אַ פיינער איבערזעצער פון דער רוסישער און אוקראַינישער קלאַסישער דיכטונג, אַ בקי אין דער יידישער און אייראָפּעישער טעאַטער־וועלט, פאַרנעמט זיך מיט רעדאַקטור און פאַרלאַג־וועזן, פירט אָן מיט ליטעראַרישע קרייזן פאַר יידישע פאַבריק־אַרבעטער . . .

אין יאָר 1949, גלייך נאָך דער ברוטאַלער ליקווידאַציע פון קאַבינעט פאַר יידישער קולטור ביי דער אוקראַינישער וויסנשאַפטס־אַקאַדעמיע, ווו וועלעדניצקי האָט יאָרן זיך פאַרנומען מיט פאַרשאַרבעט, רייסט זיך איבער זיין פילזייטיקע טעטיקייט אַלס ליטעראַטור־וויסנשאַפטלער, פּעדאַגאָג און ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכער טוער. אָן אַרבעטסלאָזער, פול מיט שרעק און ווייטיק בעת דער סאָוועטיש־נאַציסטישער אַנטיסעמיטן־וואַקכאַנאַליע אין יענער צייט, גייט ער אַרום ביז צו זיין אַרעסט אין אָנהויב 1951. די ק.ג.ב. רוצחים האָבן אים פאַרשיקט אויף צען יאָר צוואַנגס־לאַגער און ליקווידירט די פרוכט פון זיין שעפערישער מי פאַר די לעצטע יאָרן . . .

זיין טרייע פרוי ראַיע וועלעדניצקי, וואָס געפינט זיך איצט אין ישראל שרייבט אונדז:

״נאָך דער רעהאַביליטאַציע, סוף 1955 האָט זיך אברהם צוריקגעקערט אַ היים שוין שווער קראַנק, צעבראָכן און אָנטויִשט . . . ער האָט ווייטיקדיק איבערגעלעבט דעם אומקום פון זיינע נאָענטע פריינד שרייבער און קינסטלער און דעם חורבן פון דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד. דאָך, ווען ער פלעג זיך פילן בעסער — געשריבן לידער. זיין טרוים צו קומען קיין ישראל האָט זיך ניט פאַרווירקלעכט. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1959״.

זאָלן די דאָזיקע שורות פון אונדזער קורצער נאָטיץ זיך לייגן ווי אַ בינטל בלומען אויפן וויטן קבר פון דעם איידעלן יידישן דיכטער, ליטעראַטור־קענער און האַרציקן ייד אברהם וועלעדניצקי ז״ל.

*

## קעגן קשר מיט ווערגעליס

״מיר דאַרפן אַנטקעגנשטעלן זיך יעדן פרווו אַנצובינדן וועלכן נישט איז קאָנטאַקט מיט ״סאָוועטיש היימלאַנד״ און איר רעדאַקטאָר אַרן ווערגעליס, וועלכן ס׳האָבן פאַרגעלייגט די פאַרשטייערס פון דער ישראלדיקער דעלעגאַציע וואָס האָט לעצטנס באַזוכט דעם ראַטנפאַרבאַנד — דורכצופירן אַן אויסטויש פון דעלעגאַציעס צווישן יידישע שרייבערס פון ראַטנפאַרבאַנד און ישראל און עס זאָלן קעגנזייטיק פאַרעפנטלעכט ווערן די שאַפונגען פון יידישע שרייבערס פוןביידע לענדער אין ״סאָוועטיש היימלאַנד״ און אין ״די גאָלדענע קייט״. אַזוי האָט דערקלערט דער פאַרזיצער פון וועלט־ראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור יצחק קאָרן. ער האָט דערביי באַטאָנט אַז ווערגעליס איז פסול צו זיין אַ שותף ווייל ער פירט זייט יאָרן אַ גיפטיקע העצע קעגן ציוניזם, קעגן מדינת ישראל און קעגן יידישע שרייבערס אין ישראל, באַזונדערס קעגן די וואָס זענען די לעצטע אַכט יאָר עולה געווען פון ראַטנפאַרבאַנד און געפינען זיך איצט אין ישראל.

נאָך אַ דיסקוסיע האָט דאָס הויפּט־ביוראָ פון וועלט־ראַט איינשטימיק באַשטעטיקט די שטעלונג.

נ. צוקערמאַן

# שלום אַש אין פּושקאַרניע

**דער מחבר וועגן זיך:**

אַ תּלמיד פון אברהם גאָלאָמב, לאַנגע יאָרן געאַרבעט ווי אַ לערער אין די יידישע שולן, פאַרזוכט קאַרטוז בערעזע *.

וואָס נאָך?

קיין שרייבער קיין מאָל ניט געווען. עס ווילט זיך נאָר פון צייט צו צייט פאַרפיקסירן דאָס וואָס איז שוין ניטאָ, עס זאָל חס וחלילה ניט פאַרלוירן גיין, ווייל דאָס יאָרהונדערט אין וועלכן מיר לעבן, וועט מען אייביק דערמאָנען אין אונדזער יידישער געשיכטע.

**נ. צוקערמאַן**

איר פרעגט, ווו איז פּושקאַרניע? איז דער ענטפער זייער אַ קלאָרער — ווילנע האָט זיך געפונען לעבן פּושקאַרניע.

קיין ווילנע איז מען געפאָרן.

קיין פּושקאַרניע פלעגט מען עולה־רגל זיין.

אויב ווילנע האָט געהייסן ירושלים דליטא, האָט פּושקאַרניע געדאַרפט הייסן דער מקום מקדש פון ירושלים דליטא.

אַ קלייניקייט פּושקאַרניע, די זומער־רעזידענץ פון דעם ערשטן יידישן לערער־סעמינאַר אין דער וועלט.

און אַזוי ווי איר ווייסט שוין ווו פּושקאַרניע האָט זיך געפונען, מוז איך נאָך צוגעבן, ווי פּושקאַרניע האָט אויסגעזען:

אין צענטער פון דעם מקום־קודש האָט זיך געפונען אַ ריזיקע חורבה פון אַן אָפּגעברענ־טער פּאַפּיר־פאַבריק. אין רעגנדיקע טעג, און אַזוינע זענען אין פּושקאַרניע געווען אַ סך, האָט די דאָזיקע חורבה אונדז געדינט ווי אַ ספּאָרט־צענטער. ביי נאַכט האָט די דאָזיקע חורבה אַ ביסעלע געשראָקן. דער עיקר, ווען פאַרבלאָנדזשעטע גליוורעמלעך פלעגן זיך דורכטראָגן פון פענצטער צו פענצטער איז אונדז דערמאָנט פּרץ׳עס "ביי נאַכט אויפן אַלטן מאַרק".

אַרום דער גרויסער חורבה האָבן זיך געפונען עטלעכע הילצערנע הייזלעך, אַ טייכל וואָס האָט געהייסן ווילענקע, שיטערע פייכטע אַלכע־וועלדלעך, און פון דער צווייטער זייט פון טייכל — זאַמדיקע בערג און טרוקענע סאָסנע־וועלדער.

* טרויעריק־באַרימטע טורמע, אין וועלכע מע פלעג פייניקן די קעגנערס פון סאַנאַציע־פּוילן. (רעד)

זומער האָבן זיך אין פּושקאַרניע געפונען אַ קו, אַ קליין קעלבל, אַ פּאָר צענדליק הינער, אַ פרעמדער הונט, עטלעכע און צוואַנציק סעמינאַריסטן און אברהם גאָלאָמב.

ווינטער איז פּושקאַרניע געווען פּוסט און וויסט.

די צייט, וועגן וועלכער איך וויל דאָ דערציילן, איז געווען זייער אַ שווערע. די יידישע ווילנע האָט נאָך ניט פאַרענדיקט דעם גרויסן הונגער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1916, כאָטש עס איז שוין געגאַנגען דאָס יאָר 1922.

אין איינעם פון די הייסע זומער־טעג פון 1922, האָט זיך דורכגעטראָגן אַ ידיעה איבער פּושקאַרניע, אַז שלום אַש, דער גרויסער און באַליבטער יידישער שרייבער, קלייבט זיך עולה לרגל צו זיין קיין פּושקאַרניע. שלום אַש, זיין פרוי און טאָכטער קומען צו אונדז פון דער דאַמאָלסט זייער ווייטער אַמעריקע אויף אַ לענגערער צייט.

צו סתם געסט האָט זיך פּושקאַרניע געהאַט צוגעוווינט, אָבער אויפנעמען אַזאַ חשובן שרייבער ווי שלום אַש, האָט מען זיך געדאַרפט גוט אונטערגאַרטלען. איינע פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען איז געווען — עסן.

פּושקאַרניע האָט אין דער פרי געגעסן ברויט מיט אַזאַ שוואַרצן געטראַנק, וואָס האָט געהייסן קאַקאַאָ, אויף וואַרמעס האָט מען געלעקט די פינגער פון זופּ מיט קאַרטאָפל, און צו וועטשערע האָט מען זיך קוים דערוואַרט אויף דעם זופּ מיטן ברויט.

פאַר אונדז פּושקאַרניער זענען דאָס געווען מעדני מלך. אָבער צי קאָן מען מיט אַזוינע מאכלים מכבד זיין אַזעלכע געהויבענע געסט, וואָס קומען אַזש פון דער גאָלדענער אַמעריקע — דאָס איז געווען אַ גרויסער ספק.

ווער ווייס ווי לאַנג מיר וואָלטן זיך געדאַרפט מאַטערן מיט דער דאָזיקער פּראָבלעם, ווען ניט אונדזער טייערע סאָפיע מאַרקאָוונע גורעוויטש, די ערשטע פּאַרוואַלטערין פון דעם ערשטן יידישן לערער־סעמינאַר, וואָס האָט אונדז געבראַכט די דערפרייענדיקע ידיעה, אַז שלום אַש האָט געדונגען אַ צימער אין דער סביבה צוזאַמען מיטן עסן.

עס איז ממש אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן.

שלום אַשן, זיין פרוי און זיין טאָכטער האָבן מיר באַגעגנט זייער פייערלעך. זייער אויסערלעכער אויסזען האָט אַרויסגערופן יראת הכבוד, אַלע דריי זענען געווען הויך, שיין געבויט און אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק.

די באַגריסונגען זענען געווען זייער וואַרעמע און האַרציקע:

— מיר האָבן דעם גרויסן כבוד . . .

— מיר באַגריסן דעם גרויסן קינסטלער . . .

— מיר ווינטשן אים ווייטערדיקע פּרוכטבאַרע אַרבעט . . .

— דעם גרויסן קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור . . .

די לעצטע ווערטער האָבן אַרויסגערופן אַן איינגעהאַלטענעם שמייכל אויף דעם שרייבערס פולע ליפּן.

מיר אַלע האָבן דאָך געוווּסט, אַז דער פּאַנטעאָן פון דער יידישער ליטעראַטור פאַר די קלאַסיקער איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן מיט די אונדז באַקאַנטע דריי נעמען — מענדעלע, שלום עליכם און פּרץ, און קיינער פון דער יידישער קולטור־וועלט האָט ניט געוואַגט צו עפענען

די טיר פון דעם קודשי קודשים, כדי אַריינצולאָזן אַהין יידישע שרייבער און פּאָעטן, וואָס האָבן, קען זיין, אויך פאַרדינט דעם נאָמען קלאַסיקער.

עס האָבן אומזיסט געקלאַפּט אין די טירן פון דעם פּאַנטעאָן שלום אַש, אברהם רייזין, בערגעלסאָן, אָבער די טירן זענען געבליבן פאַרשלאָסן. אַפילו פּושקאַרניע האָט ניט געקאָנט בייטן דעם אָנגענומענעם סדר.

צו באַדינען שלום אַשן בעת זיין גאַסטעווען אין פּושקאַרניע, בין איך, דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, באַשטימט געוואָרן ווי זיין אַדיוטאַנט, וואַליזע־טרעגער, סעקרעטאַר און באַגלייטער.

פּושקאַרניע האָט מיך מקנא געווען.

שוין אויף מאָרגן, ווען איך האָב באַגלייט שלום אַשן צו אונדזער ווילענקע, כדי צו ווייזן אים אַ באַקוועמען אָרט זיך צו באָדן, האָב איך גענומען אויף זיך אַ גוואַלדיקע דרייסטקייט, איך האָב אים געפרעגט, וואָס ער טראַכט וועגן זיין געהערן צו דער רשימה פון די יידישע קלאַסיקער, שלום אַש האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און געענטפערט: — אַ מערקווירדיק פאָלק די ליטוואַקעס, אַלץ דאַרפן זיי וויסן, יאָך בין אַ יידישער שרייבער.

און ביי דעם איז עס געבליבן.

אַזוי ווי דער שמועס וועגן ליטעראַטור האָט זיך אויסגעשעפּט, בין איך אַריבער אויף דער טעמע פון פּושקאַרניע, דער עיקר וועגן אונדזער טייכל. מיר זענען געווען פאַרליבט אין אונדזער ווילענקע, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך וועל אָנשטעקן מיט אונדזער ליבע דעם טייערן גאַסט, עס האָט גאָר ניט געהאָלפן, וויפל איך האָב זיך ניט באַמיט צו שילדערן דעם גוואַלדיקן כוח פון אַזאַ קליין טייכל, ווי אַזוי דאָס טייכל מאַכט אָן חורבנות אין די אַרומיקע בערג, געוויזן וואָס פאַר אַ שיינע טעראַסן עס זענען אויפן צווייטן ברעג אויסגעוואַקסן.

עס האָט גאָר ניט געהאָלפן.

מער אויפמערקזאַמקייט האָט שלום אַש אַרויסגעוויזן צו אונדזער קו, ער האָט זיך האַרציק צעלאַכט, ווען איך האָב אים דערציילט, אַז דריי סעמינאַריסטן מעלקן די איינציקע קו אין פּושקאַרניע.

איך האָב זיך שלעכט אויסגעדריקט, געמאָלקן די קו האָט נאָר איינע — רייצע, איך און נאָך אַ סעמינאַריסט זענען געווען די געהילפן. מיין פונקציע איז געווען האַלטן די קו פאַרן עק, ווייל עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער עק דינט ווי אַ געפערלעך פאַרטיידי־קונגס־מיטל. מיט איין סמאַר מיטן עק איז די מעלקערין געפלויגן פון בענקל און איבער־געקערט די גאַנצע מילך, האָב איך געהאַלטן פאַרן עק, און צוליב טעמים פון צער בעלי חיים האָט מיין חבר געטריבן די פליגן.

נאָכן אויסבאָדן זיך האָט אונדזער גאַסט אַרויסגענומען אַ פרישע העמד פון זיין וואַליז־קעלע און די געטראָגענע איבערגעלאָזן אויפן ברעג פון טייכל.

איך האָב אָנגעוויזן אויפן העמד.

דער ענטפער איז געווען, ניט קיין ענטפער, נאָר אַ באַוועגונג מיטן האַנט, וואָס האָט געדאַרפט באַטייטן, איך האָב ניט פאַרגעסן.

דער ווייסער פלעק פון העמד אויפן גרינעם גראָז ביים טייכל, האָט מיך ניט געלאָזן

רויק אַוועקגיין פון ברעג, און ווען איך האָב אומגעדרייט דעם קאָפּ האָב איך נאָר באַמערקט, אַז אַ יונגער פּאַסטעך פון דער צווייטער זייט ווילעבקע, האָט שוין באַוויזן אַ כאַפּ צו טאָן דעם פאַרגעסענעם אוצר און האַלטנדיק הויך איבערן קאָפּ, עס זאָל ניט פאַרנעצט ווערן, אַריבער־געטראָגן עס אויפן אַנדערן ברעג.

אויף מאָרגן, אין דער זעלבער צייט, ווען מיר זענען געקומען זיך באָדן, האָט שוין דאָס פּאַסטעכל אונדז מיט אומגעדולד אָפּגעוואַרט ביים ברעג, און ניט אומזיסט, אויך דאָס מאָל האָט שלום אַש איבערגעלאָזן זיין העמד אויפן גראָז.

די איבערגעלאָזענע העמדער האָבן מיר ניט געגעבן קיין רו... היתכן, ווי קומט אַ יידישער שרייבער צו אַזאַ רייכקייט, יעדן טאָג אַוועקוואַרפן אַ ביי העמד, דאָס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן.

איך האָב נאָך ניט געהערט פון אַ יידישן שרייבער, וואָס זאָל ניט זיין קיין אביון, קיין קבצן אין זיבן פּאָלעס. דער סימן מובהק פאַר אַ יידישן שרייבער איז ביי אונדז געווען זיין אָרעמקייט.

האָט דאָך מענדעלע געאַרבעט שווער אין דער תלמוד תורה, כדי צו פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט, איז דאָך שלום־עליכם געווען זיינע לעצטע יאָרן כסדר אַ ניצרך, האָט דאָך פרץ דאָס גאַנצע לעבן אָפּגעהאַרעוועט אין דער וואַרשעווער גמינע... געשריבן קבורה צעטלעך, כדי צו האָבן פון וואָס צו לעבן.

און דאָ אַזאַ לוקסוס!

איך האָב שוין אין געדאַנק מסכים געווען מיט די אַלע, וואָס האָבן שלום אַשן ניט אַריינגענומען צווישן די קלאַסיקער.

ווי קומט אַזאַ עושר צווישן אונדזערע גרויסע שרייבער

מיט וועמען זאָל מען זיך טיילן מיט אַזעלכע אומעטיקע געדאַנקען? — מיט גאָלאָמבן, פאַרשטייט זיך.

גאָלאָמב האָט אויסגעהערט מיין דערציילונג און האָט אויף זיין שטייגער אַ זאָג געטאָן:

— האַצמאַך וואָס איר זייט, איר ווייסט ניט, אַז אין אַמעריקע טראָגט מען פּאַפּירענע העמדער?

ס'איז מיר אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן — אויף אַמעריטשקע גנב קען מען אַלץ גלויבן.

אין צווישן צייט איז אין פּושקאַרניע פאָרגעקומען זייער אַ וויכטיקע געשעעניש. מיר האָבן באַקומען אַ מתנה, צוגעשיקט פון אַמעריקע: אַ גאַנצן קאַסטן מיט יידישע ביכער, וואָס זענען דערשינען אויף יענער זייט פון אָקעאַן. אַן אוצר!

און אויב איך האָב שוין דערמאָנט וועגן דעם אוצר, וואָס מיר האָבן באַקומען, מוז איך דערציילן וועגן אונדזער טייערן חיים בעזפּראַזוואַני (חיים בעז). ווי קומט צו אַזאַ שטימונגספולן, ישיבה בחורישן (קיין מאָל אין ישיבה ניט געלערנט) פעיקן ייִנגל אַזאַ אויסטערלישע פאַמיליע — בעזפּראַזוואַני האָבן מיר זיך ניט געקענט דערטראַכטן. די איינציקע סברה, אַז זיין עלטער־עלטער־זיידע האָט פאַרשפּעטיקט צו קומען, ווען מען האָט געטיילט די פאַמיליעס, איז ער געבליבן אָן אַ פאַמיליע *.

* בעזפּראַזוואַני — אָן אַ נאָמען (פון רוסיש).

צווישן זיך האָבן מיר אים גערופן ניט חיים און ניט בעזפּראַזוואַני, נאָר פּשוט — בעני (זאָל ער לעבן און געזונט זיין, אונדזער חיים בעז, ביז 120 אין דער ווייטער אַמעריקע).

בעני האָט געשריבן לידער וואָס מיר אַלע האָבן דעקלאַמירט! בעני האָט געשאַפן ניגונים צו זיינע לידער, וואָס מיר אַלע האָבן געזונגען. מיר האָבן גרויס הנאה געהאַט פון זיינע עסייען (אַזוי האָט קאַלע טעפּער אָנגערופן זיינע אַרבעטן) כאָטש מיר האָבן נאָך ניט געוווּסט וואָס באַטייט דער נאָמען עסיי.

בעני האָט געקאָנט די יידישע ליטעראַטור, געלייענט אַ סך פון דער רוסישער קלאַסיק, פאַרמאָגט אַן עכטן ליטוואַקישן בייסיקן הומאָר.

מיר אַלע האָבן זיך געגרויסט מיט אונדזער בעני.

שוין 57 יאָר אַריבער פון יענער צייט און ביז היינט געדענק איך זיינע פיר שורהלעך וואָס ער האָט אָנגעשריבן:

ניט אין כוח ליגט די מאַכט<br>נאָר אין פאַרשטאַנד,<br>זעט ווי עס פירט אַ מיידעלע<br>אַן אייזל ביי דער האַנט.

אַן עטיקעטקע, וואָס מען קען נאָך היינט אויסשניידן און צוקלעפּן לויט דעם געהעריקן אַדרעס.

איז אָט צו אונדזער בעניין אַריבער דער אוצר, וואָס מיר האָבן באַקומען פון אַמעריקע.

מיר האָבן זיך אויף בעניס יושר ניט געקענט פאַרלאָזן, ווייל ווען מיר פאַרלאָזן זיך אויף זיין גערעכטיקייט, וואָלטן מיר געקראָגן אַ בוך, ווען ער וועט שוין האָבן אַלץ איבערגעלייענט.

האָט מען זיך אַן עצה געגעבן, מע האָט געגנבעט די ביכער ביי בעני, און פּושקאַרניע האָט זיך פאַרכלינעט מיטן לייענען.

מען האָט געלייענט ביים מעלקן די קו, מיר האָבן געלייענט ביים שיילן קאַרטאָפל מען האָט געלייענט ביים עסן, געלייענט ביי קליינע ליכטלעך און ביי די נאַפט־לאָמפּן.

מיר זענען געווען פאַרשיכורט פון לייענען.

אין יענע אָוונטן האָב איך איבערגעלייענט "קידוש השם".

איך בין דאַן אַלט געווען 17 יאָר.

איך האָב באַוויזן שוין דורכצולעבן די שרעק פון פּאָגראָמען אין ווילנע, געזען ליגן אויפן ווילנער ברוק דעם דערשאָסענעם ווייטער, דעם לערער הורוויץ, אין מיינע אויערן האָבן נאָך אָפּגעהילכט די פאַרצווייפלטע געשרייען פון ווילנער יידישע גאַסן און געסלעך, דאָס איינציקע פאַרטיידיקונגס־געווער קעגן די פּוילישע צעיושעטע פּאָגראָמשטשיקעס, מיר האָבן געהערט די געשרייען פון די לעבעדיק באַגראָבענע יידן אויף ליפּוווקע...

איך, וואָס האָב נאָר אין שלאָף, בעת מיינע חלומות זיך געקענט נוקם זיין אין די מערדער, האָב געפונען אין "קידוש השם", אין דער שטאַרק קינסטלערישער דערציילונג אַ היילונג פאַר מיין פאַרוווּנדעטער נשמה; דער טיפער גלויבן, דער אייביקער יידישער בטחון האָט מיך פאַרכישופט, נאָר אַזאַ גרויסער מענטשנפריינט, נאָר אַזאַ גרויסער

הומאַניסט איז פּעיִק געווען אַנצוהויבן זיין דערציילונג מיט די ווערטער:

"מיר שעמען זיך אַלץ אַרויסצושרייבן, וואָס די קאָזאַקן און טאַטערן האָבן געטאָן מיט די יידן, כדי מיר זאָלן ניט פאַרשעמען דעם מין מענטש, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט".

אַזוי הויבט אָן דער גרויסער קינסטלער זיין דערציילונג, ווו ער האָט זיך פאַרמאָסטן צו שילדערן די שחיטות פון תח און תט, ווען עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן אַ העלפט פונעם יידישן פאָלק אין אייראָפּע. איך האָב שוין דאַמאָלסט באַשלאָסן, אים ירצה השם, אַז גאָט וועט וועלן און איך וועל ווערן אַ לערער, וועל איך אַ גאַנצן שול־יאָר לערנען מיט מיינע שילער "קידוש השם", (איך האָב מיין באַשלוס אויסגעפירט בעת מיין אַרבעט אין די יידישע שולן).

אונטערן גוואַלדיקן איינדרוק, וואָס דאָס בוך האָט אויף אונדז אַלעמען איבערגעלאָזן, האָבן מיר באַשלאָסן איינצואָרדענען אַ נאַכטיקן שפּאַציר מיט שלום אַשן, ער זאָל אונדז דערציילן מער וועגן זיין שאַפונג.

ניט געווען קיין שענערס, ווי די בייִנאַכטיקע שמועסן אַרום פייער־שייטער אין וואַלד אין פּושקאַרניע. ביי אַ ניט גרויסן פייער, וואָס האָט אַרויסגעריסן אַ שטיק וואַלד־פינצטער־ניש, האָבן זיך אַרומגעזעצט די צוויי צענדליק קומענדיקע לערער בראָש מיט אַ. גאָלאָמב, ראָזע סימכאָוויטש און שלום אַש.

מיר האָבן געבעטן שלום אַשן ער זאָל אונדז דערציילן וועגן קידוש השם.

אונדזער גאַסט האָט דערציילט דעם קאַפּיטל ד "די גאָלדענע שיכלעך" פון "קידוש השם".

שלום אַש איז געווען אַ שוואַכער דערציילער, אין אַ מאָנאָטאָנעם טאָן, ניט אויפהויבדיק די שטים, האָט ער גערעדט צו אונדז:

> אין דער לופטן האָבן זיך אָנגעצונדן און פאַרלאָשן געוואָרן גליִענדיקע ווערעם,
> ווי נשמות בלאָנדזשענדיקע, ווייט אין סטעפּ האָבן פייערלעך געבלאָנדזשעט,
> אָנגעצונדן זיך און פאַרלאָשן...
> דבורה איז געשטאַנען אין דרויסן אין סאָד ביים פלאַקער פייַער, וואָס יערער האָט אָנגעצונדן...

ס'איז אונדז געווען אַ שאָד, וואָס שלום אַש האָט אָוועקגעפּטרט דעם שענסטן קאַפּיטל פון זיין בוך.

געראָטעוועט האָט אונדז ראָזע סימכאָוויטש — זי האָט אויפגעמישט אינם בוך דעם זעלבן קאַפּיטל און עס פאַרגעלייענט. מיר האָבן זיך צוגעהערט צו איר לייענען, ווי מיר וואָלטן צום ערשטן מאָל געהערט דעם טעקסט, כאָטש מיר האָבן דעם קאַפּיטל געקאָנט כמעט ווי אויסנווייניק, שלום אַש אַליין האָט זיך צוגעהערט צום לייענען, ווי ער וואָלט עס אויך געהערט דעם ערשטן מאָל.

פון גרויס איבערלעבונג האָט שלום אַש אַ קוש געטאָן סימכאָוויטש ווי אַ דאַנק און גרויסער אָנערקענונג פאַר אָנטפּלעקן פאַר אים אַ קאַפּיטל פון בוך, וואָס ער אַליין האָט אָנגעשריבן.

נאָך סימכאָוויטשעס פאַרלייענען האָט קיינער אין פושקאַרניע שוין ניט געספּקט אַז די טירן פון דעם פּאַנעטאָן פון די יידישע קלאַסיקער דאַרפן זיך ברייט עפענען כדי אַריינצונעמען שלום אַשן אין דעם קודשי קודשים פון דער יידישער ליטעראַטור.

## פֿון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

## אַן אָוונט אין "צוותא ביידיש"

מאָנטיק, דעם 8טן יאַנואַר איז אין קליינעם אָבער היימיש־וואַרעמען זאַל פון ירושלימער צוותא פאָרגעקומען אַן אָוונט געווידמעט דעם דערשיינען פון צווייטן באַנד פון אסתר שניידערמאַנס זכרונות "אויף וועגן און אומוועגן" איינגעאָרדנט דורך דער גרופּע צוותא ביידיש בראש מיטן ענטוזיאַסט פאַר יידישער קולטור־בויונג, דעם עולה חדש פון קאַנאַדע, אברהם בערניקער. טראָץ דעם גוס־רעגן איז דער זאַל געווען איבערגעפולט.

געפירט דעם אָוונט האָט דער דיכטער דוד ספאַרד. מיט אַן אָפּשאַצונג פון שניידער־מאַנס ביכער, זייער ווערט און באַדייטונג, איז אַרויסגעטראָטן דער היסטאָריקער פונעם צענטער פאַר פאָרשונג און דאָקומענטאַציע פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום ביים ירושלימער אוניווערסיטעט ד"ר מרדכי אַלטשולער. גייסטרייך איז געווען דער פאָרטראָג פון צווייטן רעדנער אברהם ביק. אַ קאַליידאָסקאָפּ פון אַסאָציאַציעס פון היסטאָרישע און אַקטועלע געשעענישן האָבן אויפגעשיינט אין זייער פולן צוזאַמענהאַנג. דער יידישער אַרטיסט אברהם גרינשפּאַן, אַ געוועזענער שילער פון די יידישע ציש"אָ־שולן אין פוילן, ווו אסתר שניידער־מאַן איז געווען זיין לערערין, האָט פאָרגעלייענט עטלעכע פראַגמענטן פון בוך מיט דער גאַנצער וואַרעמקייט פון אַ שילער־פאַרערער.

דאָס שלוסוואָרט איז געגעבן געוואָרן דער מחברין פון אָפּגעמערקטן ווערק. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער וויכטיקייט פון די זכרונות פון די אַלע פון איר דור, וועלכע קומען פון "דאָרט", די ווייניקע, וועלכע לעבן נאָך און געדענקען נאָך עפּעס: מע דאַרף זיך צו־איילן. עס טאָר ניט פאַרלוירן גיין.

# פֿון "ייִדישן סאַמיזדאַט".

## ק. ווילקאָווסקי

## יום כיפּור אין מאָסקווע

### 1963

צו דער שול זענען מיר אַרויסגעפֿאָרן מיט אַ טעקסי. דער אָוונט איז געווען אַ קאַלטער און פֿאַרוואָלקנטער. די גאַסן — נאַסע און האַלב־ליידיקע אָבער די שמאָלע אויסגעקרימטע אַרכיפּאָוו־גאַס איז פֿול געווען מיט געדיכטן שווייגנדיקן המון. די מענטשן זענען אָדער געשטאַנען אויף די ברוקירשטיינער פֿון דער גאַס און אויף די טראָטואַרן אָדער קוים באַמערקבאַר געשטראָמט צו דער סאַמע מיט, וווּ צווישן געווייגלעכע ניט־הויכע הייזער הייבט זיך דער מעכטיקער פֿאַסאַד פֿון דער ייִדישער שול מיט די געלע זיילן. אַריינקומענ־דיק צווישן עולם האָבן מיר דערזען פֿיר מיליציאַנערן שטיין צוזאַמען. זיי האָבן זיך פֿאַרלוירן אַרומגעקוקט און בפֿירוש נישט געוווּסט, ווי אַזוי זיי דאַרפֿן זיך האַלטן און וואָס זיי האָבן צו טאָן. די אָרדנונג איז פֿון קיינעם נישט געבראָכן געוואָרן, די מענטשן האָבן זיך געפֿירט באַשיידן, זיך באַוועגט לאַנגזאַם און שטילשווייגנדיק, ניט שטופּנדיק זיך און אָן זידלערייען. די אומאָרדענונג איז באַשטאַנען אין עצם וועזן פֿון דאָזיקן טויזנט קעפּיקן עולם.

כ'בין געשטאַנען און זיך אײַנגעקוקט: סאָראַ גרויסע צאָל עלטערע מענער און פֿרויען. דאַכט זיך, אַז קיין איין מענטש איז דאָ נישט ייִנגער פֿון פֿערציק. אַזוי פֿיל בלוטלאָזע פּנימער מיט טרויעריקע טונקעלע אויגן פֿולע מיט בענקשאַפֿט. כ'האָב געפֿילט די שטימונג פֿון די דאָזיקע מענטשן און פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס זיי זענען אַהער געקומען. מיר האָט זיך אַפֿילו געדאַכט, אַז אָט זע איך, ווי זיי גרייטן זיך, טוען אָן זייערע יום־טובֿדיקע בגדים, שיך, שליאַפּעס און ווי באַלד ס'איז טונקל געוואָרן זענען זיי אַרויס פֿון זייערע הייזער, אין וועלכע חוץ זיי געדענקט שוין קיינער נישט, וואָס ס'איז אַזוינס יום כּפּור און ווו זייערע אייניקלעך — קינדער פֿון געמישטע חתונות — ווייסן נישט אַפֿילו, אַז דער זיידע אָדער די באָבע זענען ייִדן. איך זע ווי זיי פֿאָרן אין די אויטאָבוסן, טראַלייבוסן, אין מעטראָ דורך דער ריזיקער שטאָט, צווישן אַ ים מיט מענטשן פֿאַרנומענע מיט זייערע וואָכעדיקע ענינים. מענטשן גלייכגילטיקע, וועלכע ווייסן נישט, ווער זענען עס די יום־טובֿדיק פֿאַרפּוצטע עלטערע מענער און פֿרויען און וווּהין און צוליב וואָס זיי פֿאָרן.

און אַט זענען זיי דאָ אַלע אויף דער אַרכיפּאַו־גאַס. שווייגנדיק שטייען זיי אויפן נאַסן קאַלטן טראָטואַר לעבן דער פּאַרצייטן־אויסגעבויטער שול־געביידע, וווּהין ס'איז אַצינד אוממעגלעך אַריינצוקומען, ווייל זי איז איבערגעפּולט און אַ גרויסע צאָל מענטשן שטופּן זיך ביים אַריינגאַנג. ווער ס'איז בכוח שטופּט זיך נאָך ווי עס איז דורך, ביז די שטיינערנע טרעפּ. די איבעריקע זענען צופרידן, וואָס זיי שטייען אויף דער גאַס און קאָנען קוקן אויף די באַלויכטענע פענצטער, אויף די צעפּראַלטע טירן, פון וואַנען סע טראָגן זיך שוואַכע צונויפגעמישטע טענער. — דאָס איז "כל נדרי". ניין. קיין שום ענלעכס צו יענעם אַלטן רירנדיקן ניגון, וואָס אַלע, אָן ספק, געדענקען דאָ, ווערט נישט געהערט. בלויז עפּעס אַ מאָדנע אומבאַהאָלפן צעצויגענע זיפצעניש.

הינטער מיר טוט מיך עמעצער אַ פרעג:

— פאַרוואָס נישט אַוועקשטעלן אַ הויכריידער, אַז אַלע זאָלן הערן?

דער באַלדיקער ענטפער האָט אָפּגעקלונגען טרוקן און סאַרקאַסטיש:

איר ווילט אַריינטראָגן אַ ראַציאָנאַליזאַטאָרסקע פאָרשלאָג? דאָ וועט עס נישט גילטן. ווער וועט אייך דערלויבן אַ הויכריידער אויף דער גאַס?

— פאַרוואָס נישט? וואָס פאַראַ שלעכטס זעט איר אין דעם?

— פאַרוואָס? פאַרוואָס איז אין אונדזער שטעטל געווען אויף דריי טויזנט יידן פערצן שולן און אין מאָסקווע, ווו סע וווינען הײנט־צו־טאָג דריי הונדערט טויזנט יידן, אויב נישט מער, איז געבליבן קוים איין שול, פאַרוואָס?

די גאַס איז שוואַך באַלויכטן. האַלב טונקל. די שורות הייזער מיט פייערלעך אין די פענצטער. די מענטשן באַוועגן זיך לאַנגזאַם לענג־אויס דעם פאַסאַד פון דער שול. שטעלן זיך אָפּ. רירן זיך ווידער, נאָר צעגייען זיך נישט. ווייניקע רעדן זיך איבער צווישן זיך. די איבעריקע שטייען יעדער פאַר זיך אַליין מיט פאַרשטאַרטע בליקן. וווּהין זענען געווענדעט זייערע פאַרגליווערטע בליקן? צום יום כפור פון זייערע קינדעריאָרן? וואָס זעען אַט די מענטשן אין אַסיענדיקן נעפּל פון דער מאָסקווער נאַכט? גרויסע שטערן אין דרומדיקן הימל, יום כפור־פאַרנאַכטן אין היימישן אוקראַינישן שטעטל, ווו דאָס גאַנצע לעבן האָט זיך אָפּגעשטעלט, פאַרצאַפּלט געוואָרן, ווען אין שול האָבן אָפּגעהילכט די כשופדיקע קלאַנגען פון "כל נדרי"?

צו אונדז האָט זיך דורכגעשטופּט אַ מענטש אין אַ טייערן מאַנטל און אַ נייער שליאַפּע, אָן אַלטער באַקאַנטער.

— האַ, איר זענט אויך דאָ? נו, וואָס זאָגט איר: רעליגיעזע פאָראורטיילן ווייזן נאָך סימנים פון לעבן.

— יאָ, ענטפערט מיין מיטגייער, שטאַרקע סימנים. איך קאָן זיך מיט אייך וועטן, אַז כל נדרי וועט ווייטער לעבן. עס האָט אַלץ און אַלעמען איבערגעלעבט בתוכם אויך דעם חבר סטאַלין.

נאָר ווען מיר האָבן פאַרלאָזט די גאַס און צום לעצטן מאָל געוואָרפן אַ מין געזעגע־נונגס־בליק אויפן שטייענדיקן עולם ביי דער שול האָט מיין מיטגייער טרויעריק אַ זאָג געטאָן:

— קוק זיך גוט צו. דאָס איז דער לעצטער דור רוסישע יידן. קיין אַנדערע וועלן שוין נישט זיין. דער קומענדיקער דור באַשטייט אויף דער העלפט פון האַלב־יידן. די קינדער פון מיינע פריינד זענען פאַרשריבן אַלס רוסן, אוקראַינער און אַפילו פּאַליאַקן. די קינדער פון איינעם אַן אַלטן יידן פון ניקאָלאַיעוו זענען פאַרשריבן אַלס ציגיינער. זיי זענען גרייט זיך צו רעכענען פאַר וועמען נאָר דו ווילסט, נאָר נישט פאַר קיין יידן. נישט זיי, נישט זייערע עלטערן ווילן מער קיין יידן נישט זיין. אָט דאָ זענען די לעצטע רוסישע יידן.

1973

ער האָט זיך טועה געווען. צי נאָר ער אַליין דען האָט זיך טועה געווען?

ערב יום כפּור פון יאָר 1973 (תשל״ד) האָב איך זיך ווידער אָוועקגעלאָזט צו דער מאָסקווער שול און אָט וואָס כ׳האָב דאָרטן דערזען:

פאַרקערעווענדיק פון מאַראָסייקי אויף אַרכיפּאָוו, האָב איך דערהערט עפּעס אַן אומ־באַשטימטן גערויש און אַ רעווען פון מעכאַנישע קולות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון אַנדערן עק גאַס. וואָס קאָן דאָס זיין? אַזוינס האָב איך דאָס פריערדיקע מאָל נישט געהערט. אפשר האָט מען באמת אָוועקגעשטעלט אַ הויכריידער לויטן פאַרלאַנג פון דעמלטיקן יידן? אַראָפּלאָזנדיק זיך טיפער אין דער אַרכיפּאָוו־גאַס, האָב איך באַלד דערזען, אַז אַקעגן מיר באַוועגט זיך אַ שורה אויטאָמאָבילן און נישט דערפאַרנדיק ביזן סוף פאַרדרייען זיי זיך אין אַ ליקל. קלאָר. זיי זענען געפאָרן פון סאָליאַנקי נאָר אַנשטאָט זיי זאָלן אויפן נאַגין־פּלאַץ זיך צונויפגיסן מיטן שטראָם, וואָס ציט זיך דורכן סעראָוו־דורכפאָר צום שטאָט־צענטער האָבן זיי געמאַכט ניט קיין גרויסן אָבער לגמרי איבעריקן אומקרייז דורך אַרכיפּאָוו. זיי זענען געקראָכן לאַנגזאַם און מיט שוועריקייטן זיך דורכגעשלאָגן דורכן געדיכטן המון, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער שול ווי צען יאָר צוריק און צענדליקער מיליציאַנערן מיט זייערע געהילפן, דרוזשיניקעס, האָבן זיך איבער דער גאַנצע גאַס מיט גרויסע שוועריקייטן באַמיט צו האַלטן אָרדענונג אין דער אומאָרדענונג, וואָס זיי אַליין האָבן געשאַפן, פאַרקערעווענדיק אַהער דעם טראַנספּאָרט פונעם נאַגין־פּלאַץ און יעדער רגע האָבן זיך געהערט די רעווענדיקע קולות פון די מיליציאַנערן, פאַרשטאַרקטע דורך האַנט־הויכריידער:

— בירגער, שטערט נישט דער גאַסנבאַוועגונג. גייט אַריבער אויף די טראָטואַרן. שטערט נישט דעם טראַנספּאָרט.

די בירגער האָבן זיך געטוליעט צו די טראָטואַרן. כ׳האָב באַטראַכט די מאָדנע סצענע און זיך געטראַכט: וועמען איז עס איינגעפאַלן, אַז אויב מע וועט פאַרקערעווען דעם טראַנספּאָרט דורך אַרכיפּאָוו, דורך דער מאָסקווער שול־גאַס, וועלן די זקנים און זקנות געקומענע פון אַלע עקן שטאָט אין אָט דעם הייליקן פאַר זיי טאָג, זיך צעגיין און צוליב וואָס דאַרף מען, אַז זיי זאָלן זיך צעגיין?

איך בין צוגעגאַנגען נענטער און באַלד דערזען און פאַרשטאַנען — ס׳איז נישט דער

זעלבער עולם, וואָס איך האָב דאָ געזען מיט צען יאָר צוריק. אמת. ווי דעמלט זענען אויך איצט פאַראַן אַ סך אַלטע לייט אָבער אויך יונגע און אַלץ האָט איצט אויסגעזען אַנדערש ווי דעמלט. כ׳האָב געזען מיידלעך אין הויזן־קאָסטיומען. יונגע לייט אין דזשינס־הויזן און ניילאָן־רעקלעך. אַ פאַרוווּנדערטער האָב איך זיך דורכגעשטופּט צום פּאַליש. כ׳האָב דערזען דעם אָפּשיין פון אַ ליוסטרע, בלויען גלאָז־גלאַנץ און אויף אַ גאָלדענעם פאָן אַ געוועב פון לשון־קודשדיקע אויפשריפטן, וועלכע האָבן באַצירט די הויכע רונדע סטעליע פון גרויסן שול־זאַל מיט דער מזרח־וואַנט. כ׳האָב דערהערט דאָס קול פון חזן און די ענטפער־קולות פון די מתפללים דאָ העכער, דאָ נידעריקער. און ווידער האָבן מיך אַרומגערינגלט נישט נאָר קיין אַלטע לייט נאָר יונגוואַרג מיט פריילעכע געזיכטער. געווען צווישן זיי באַבערדלטע יונגעלייט מיט פּיצינקע יאַרמעלקעס, וועלכע האָבן זיך מיט נסים געהאַלטן אויף די יונגע באַוואַקסענע קעפּ. די דאָזיקע פראַנטעוואַטע כמעט סימבאָלישע יאַרמעלקעלעך ווייסע און שוואַרצע מיט אויסגענייטע מגן־דודלעך האָבן מיך מער ווי יעדער אַנדער זאַך דאָ איבערראַשט און מיך האָט נאָך דעם שוין נישט געוווּנדערט, ווען כ׳האָב געהערט ווי די יונגע יאַרמלקע־טרעגער רעדן צווישן זיך עברית.

כ׳האָב געהערט און געזען און ביי זיך געטראַכט: ווער זענען זיי? פון וואַנען האָבן זיי זיך גענומען אַהער: מיט וועלכע וועגן זענען אָט די יונגע לעבן־אָנפאַנגער געקומען אין אָט דער אַלטער און, דאַכט זיך אָפּגעלעבטער מאָסקווער שול? וואָס האָט זיי אַהער געבראַכט? דער אוראַלטער גלויבן פון וועלכן זיי האָבן זיכער נישט געהערט ביי זיך אין זייערע היימען? די טראַדיציע, וועלכע שטייט אין ווידערשפּרוך צו זייער דערציונג און צום גאַנצן שטייגער פון מאָסקווער לעבן? אויף וועלכן ניסימדיקן אופן האָבן זיך פּלוצעם אויפגעוועקט אין זיי די יאָרהונדערטער אַלטע געפילן פון יידישקייט?

איך בין געווען פול מיט פראַגן, אויף וועלכע כ׳האָב קיין ענטפער נישט געהאַט. כ׳האָב אויך קיין ענטפער נישט געזוכט אין אָט די רירנדיקע מינוטן. אויפן אָרט פון אומעט און בענקשאַפט, אין וועלכע סע ברענגט מיך, געוויינלעך, אַריין די שול־אַטמאָספער, בין איך איצט געווען באַהערשט פון גאַנץ אַנדערע געפילן. בין געווען פאַרשיכורט פון עפּעס אַ דערהויבענעם שטאָלץ. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די מענטשן אַרום, באַזונדערס די יונגע, פילן דאָס זעלבע, וואָס איך. שטאָלץ? מיט וואָס? מיט אָנגעהערן צו איינעם פון די עלטסטע און אויך אומגליקלעכסטע פעלקער אויף דער ערד. צי אפשר גאָר מיט דער פעיקייט פון דאָזיקן פאָלק אויפצוװאַכן נאָך די שרעקלעכסטע פאַרפאָלגונגען און אומגליקן.

ווען איך בין ווידער אַרויס אויף דער גאַס, איז נאָך דאָרט אַלץ אָנגעגאַנגען די קאָמעדיע מיטן פאַרקערעווען דורך דער אַרכיפּאָור־גאָס דעם טראַנספּאָרט. פון די אויטאָס, וועלכע זענען אומגעריכט פאָר זיי אַהער פאַרפאָרן. פון די שכנתדיקע הייזער האָבן מענטשן אַרויסגעשטעקט די קעפּ פון פענצטער און פאַרוווּנדערטע געקוקט אויפן מאָדנע עולם, אויף די מיליציאָנערן, אויף די הויכע טרעפּ און קאָלאָנעס פון דער שול־געביידע, אויפן גאַנצן טומל, נישט פאַרשטייענדיק, וואָס ס׳איז געשען און צוליב וואָס האָט זיך דאָ צונויפגעזאַמלט אַ טויזנטקעפּיקער המון. מיט אַ באַזונדערער אויפרעגונג, ווילדקייט און דראָונגען האָט זיך געריסן דאָס קול פון דער מיליציע־מאַשין פאַרשטאַרקט דורך דעם הויכרייכער.

— באַפרייט דעם דורכפאַר־טייל פון דער גאַס! שטערט נישט דעם טראַנספּאָרט! שטערט נישט דער באַוועגונג!

אומזיסט איז ממש געקראָכן פון דער הויט דער אינספּעקטאָר איבער דער אויטאָ־באַוועגונג. אומזיסט האָבן אַרומגעיאָגט די צונויפגעטריבענע דראָזשקעס, וואָס אַ סך פון זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. דער עולם האָט זיך אויפגעפירט שטיל, צוריקגעצויגן, באַשיידן אָפּטרעטנדיק דעם וועג פאַר די פאַרנדיקע מאַשינעס, נאָר נישט צעגאַנגען זיך. טראָץ דעם גערויש פון די מאָטאָרן, דעם געוואַלדעווען פון די רעפּראָדוקטאָרס און אויפגערעגטע געשרייען פון די מיליציאָנערן. עפּעס אַ נייער גייסט האָט געשוועבט איבער דער אַלטער מאָסקווער גאַס. וווהין איז אַהינגעקומען דער טרויער און די פאַרלוירנקייט פון די יום כפּור־נעכט ביי דער אַלטער מאָסקווער שול?

פון רוסיש מאיר חריץ

## אַהרן ווינקאָוועצקי

# איינער פון די געציילטע...

(דעם ליכטיקן אָנדענק פון **חיים חפץ** געווידמעט)



שוין מער ווי אַ יאָר וואָס ס'איז נישטאָ שוין צווישן אונדז דער ליבער און טייערער חיים חפץ.

אום יום כפור 1896 איז ער געבוירן געוואָרן.

אום יום כפור 1978 איז ער נפטר געוואָרן.

פאַר זיין אויסערגעוויינלעכער באַשיידנקייט, פשטות און פקחות האָבן אים הויך געשעצט זיינע פילצאָליקע תלמידים און פריינט. פאַר זיין גוטהאַרציקייט,

פילבאַרקייט און גרייטקייט יעדן קומען צו הילף האָבן זיי אַלע אים בלב ונפש ליב געהאַט.

חיים חפץ — דער טאַלאַנטפולער פעדאַגאָג, שפּראַך־פאָרשער פון עברית און יידיש, געזעלשאַפטלעכער טוער און אסיר־ציון — איז געבוירן אין כאַראַל, פּאָל־טאַווער געגנט (אוקראַינע), אין אַ בכבודיקער יידישער משפּחה מיט אַ סך ברידער און שוועסטער. אַ טראַדיציאָנעל־יידישע דערציונג, ווי אויך טיפע און פונדאַמענ־טאַלע קענטעניש אין עברית, תנ״ך, גמרא און פּוסקים, האָט ער באַקומען ביי זיין זיידן — רעב עליע באַגאַראַז, וועלכער איז געווען אין כאַראַל אַ שם־דבר, און איז אַלע זיינע יאָרן געווען אַ באַרימטער מלמד. אין כאַראַל איז געווען אַ גרויסער כבוד צו זיין רעב עליעס אַ תלמיד. מיט גרויסן אַפּשיי און יראת הכבוד האָט חיים זיך באַצויגן צו זיין זיידן — רעב עליען — געשלונגען זיינע ווערטער, דברי תורה וחכמה, און גערירשנט פון אים זיין ליכטיקן הומאָר, לעבנס־לוסטיקייט און גוטע מידות.

צו 13 יאָר האָט חיים אָנגעהויבן לערנען רוסיש. דריי מאָל געפּרוּווט אַריינ־טרעטן אין דער כאַראַלער גימנאַזיע, און ניט אָנגענומען געוואָרן איבער דער פּראָצענטן־נאָרמע. צו 17 יאָר האָט ער עקסטערנווייז אָפּגעגעבן עקזאַמענס פאַר אַ גימנאַזיע־קורס און באַקומען אַ מאַטורע.

פון די יינגסטע יאָרן אָן האָט חיים זיך געפונען אונטער דער השפּעה פון זיינע עלטערע בני־עיר: דוב־בער באָראָכאָוו — דעם באַרימטן געלערנטן פילאָלאָג און גרינדער פון דער פּועלי־ציון באַוועגונג און בן־ציון דינאבורג (דינור) — דעם קינפטיקן שר החנוך והתרבות אין מדינת ישראל.

אונטער זייער השפּעה האָט ער זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער טעטיקייט און אין 1914, 18 יאָר אַלט, איז ער געוואָרן דער אָנפירער פון דער קרעמענטשוגער גרופּע באָראָכאָוויסטן, וואָס האָבן זיך געגרייט עולה זיין אין ארץ ישראל. ס׳האָט זיך צעפלאַקערט די ערשטע וועלט־מלחמה און די עליה איז ניט מקוים געוואָרן.

אין 1916 טרעפן מיר חיימען אַלס אַ סטודענט פונעם נאָר וואָס אָרגאַניזירטן אָדעסער לערער־אינסטיטוט ״תרבות״. אויפן היסטאָריש־פילאָלאָגישן פאַקולטעט האָט ער געהאַט דאָס גליק צו זיין אַ תלמיד פון חיים־נחמן ביאַליק, שאול טשערני־חובסקי; מנחם אוסישקין, יוסף קלויזנער, נחום פינעס. איינצייטיק האָט ער געלייענט לעקציעס פון עברית אויף פאַרשידענע קורסן און פּריוואַטע שטונדן. (זיין שילער איז געווען דער קינפטיקער דיכטער נתן אלתרמן).

זיין פּעדאַגאָגישער און אָרגאַניזאַטאָרישער טאַלאַנט האָט זיך אַמבולטסטן אַנטפּלעקט, ווען ער איז אין 1920 באַשטימט געוואָרן ווי דער פאַרוואַלטער פון דער יידישער קינדער־קאָלאָניע ״בינשטאָק״, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין דעם

קינדער־שטעטל אויף דער 4טער סטאַנציע אין אַדעס. דאָס איז געווען אַ דערציִערי־שער און שול־אַנשטאַלט, אַן אינטערנאַט פאַר קינדער־יתומים, וועמענס עלטערן, ברידער און שוועסטער, זענען אומגעקומען אין די יידישע פּאָגראָמען אויף אוקראַינע אין די יאָרן 1919—1920. די יידישע קאָלאָניע "בינשטאָק" איז באַשטאַנען פון 4 קינדער־היימען, אין וועלכע ס'האָבן געוווינט בערך 400 קינדער אין עלטער פון 5 ביז 16 יאָר. די גרעסטע מערהייט פון זיי זענען געווען גאַסן־קינדער, וואָס האָבן פאַרזוכט דעם ביטערן טעם פון היימלאָזיקייט, פאַרוואָרלאָזטקייט, הונגער און קעלט.

די דערנערונגס־לאַגע אין אַדעס איז דעמאָלט געווען זייער אַ שווערע, אין די קינדערהיימען איז אויך די שפּייז געווען בצימצום (אַ שיסעלע געקאָכטע פּאַסאָליעס איז דאַן געווען אַ יום־טוב), די קינדער זענען געווען נערווירטע, אויפגערעגטע.

פון די דערציִערס און לערערס האָט זיך געפאָדערט אַ גרויסער פּעדאַגאָגישער טאַקט, מסירות־נפש און געטריישאַפט צו די קינדער, כדי צו פאַרדינען זייער צוטרוי און געהאָרכזאַמקייט.

איינצייטיק האָט געמוזט אייגעפירט ווערן אַ שטרענגע באַוווסטזיניקע דיס־ציפּלין און אָרדענונג, כדי צו דערמעגלעכן דורכצופירן אַ נאָרמאַלע דערציִונגס־און שול־טעטיקייט. דער בעסטער מיטל איז געווען אַריינציִען די מערהייט קינדער אין פיזישער אַרבעט. און דאָ האָט דער דערציִער געדאַרפט זיין אַ מוסטער און אַ ביישפּיל פאַר אַלעמען. דאָס אַלץ האָט אונדז, די יונגע דערציִערס און לערערס, געלערנט דער 25 יעריקער פאַרוואַלטער פון דער יידקאָלאָניע — חבר חפץ, וועמען מיר האָבן געאַכטעט און ליב געהאַט.

ער האָט אונדז געלערנט אויסגעהאַלטנקייט און קאָנסעקווענטקייט מיט זיין אייגענעם ביישפּיל. ער איז שטענדיק געווען העפלעך און באַטראַכט, קיין מאָל נישט געהעכערט זיין קול, זיין וואָרט איז געווען אַ "חוק ולא יעבור".

מיט דער צייט איז דער ניט־געצוימטער, כאַאָטישער קינדער־המון פאַרוואַנ־דלט געוואָרן אין אַן אָרגאַניזירטן קינדער־קאָלעקטיוו. מיטן גאַנצן לעבנס־שטייגער האָט אָנגעפירט דער קינדער־ראַט פון קאָלאָניע, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אויף שטרענג דעמאָקראַטישע פּרינציפּן. מיר, די עלטערע, האָבן שטרענג אָפּגעהיט דעם אויטאָריטעט פון קינדער־ראַט און געשטיצט אים אין אַלע זיינע באַשלוסן.

אין סוף 1924 איז חפץ באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרוואַלטער פון אַ יידישער מיטל־שול אויפן נאָמען פון שלום עליכם אין אַדעס, ווו ער האָט מיט דערפאָלג געאַרבעט ביזן סוף 1929.

ווען אין אָנהויב 1930 איז אין דער יידישער קאָלאָניע נאָוואָ־פּאָלטאַווקע (כערסאָנער געגנט) אָרגאַניזירט געוואָרן אַ יידישער אַגראָנאָמישער אינסטיטוט,

איז חיים חפץ באַשטימט געוואָרן אַלס פּראָרעקטאָר פון דעם אינטיטוט, און איינ־ציטיק געלייענט לעקציעס וועגן אַלגעמיינער געשיכטע און געאָגראַפיע. אין 1935 איז דער אינסטיטוט פאַרמאַכט געוואָרן (די עקזיסטענץ פון אַ יידישן לאַנדווירט־שאַפט־אינסטיטוט האָט דעמאָלט שוין ניט אַנטשפּראָכן די הערשנדיקע טענדענצן פון דער אָפיציעלער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק...) און חפץ האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין פּעדאַגאָגישע טעטיקייט אין דער יידישער שול און אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַלגעמיינע שולן.

1941. ס'האָט אויסגעבראָכן די 2טע וועלט־מלחמה. די נאַציסטישע חיילות זענען שוין געווען ניט ווייט פון אָדעס, ווען חיים מיט זיין פאַמיליע, אין איינעם מיט אַ גרויסער גרופּע לערער און קולטור־טוער, זענען עוואַקוירט געוואָרן אין דער טאַטאַרער רעפּובליק, און חיים האָט זיך באַזעצט אין אַ דאָרף פּאַפּאַווקע, ווו ער האָט אין משך פון 3 יאָר געפירט אַ גרויסע פּעדאַגאָגישע אַרבעט.

ווען ער האָט זיך אין אָקטאָבער 1944 אומגעקערט אין איינעם מיט אַנדערע אין דער באַפרייטער שטאָט אָדעס, האָבן זיי געטראָפן אַ גרויסן חורבן און שוידער־לעכע שפּורן פון דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע: אַ ריזיקער ברידער־קבר פון העכער 50 טויזנט יידישע קרבנות, צערויינירטע קולטור־אַנשטאַלטן, צעראַבירטער מוזיי פון יידישער קולטור, צעבראָכענע מצבות פון מענדעלע מוכר ספרים, פרוג, לינעצקי. א.א. צערויינירטער מעמאָריאַל פון פּאָגראָם פון 1905 יאָר. אין דער אָדעסער אָפּטיילונג פונעם יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, מיט וועלכן ס'האָט אָנגעפירט דער דיכטער און דראַמאַטורג אייזיק הובערמאַן, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קאָמיסיע פאַר אויפשטעלן די דענקמעלער פון יידישן אַלטערטום אין די שטעט און שטעטלעך פון דרום־אוקראַינע.

חיים חפץ ווערט באַשטימט אַלס אָנפירער פון דער דאָזיקער קאָמיסיע. זעלטן ווען מע זעט אים אין דער היים. די גאַנצע פרייע צייט (ער זעצט פאָר איינצייטיק זיין פּעדאַגאָגישע אַרבעט) אַלע זיינע כוחות און ענערגיע ווידמעט ער דעם עבודת הקודש: זאַמלונג און פּובליקאַציע אין דער פּעריאָדישער פּרעסע, מאַטעריאַלן וועגן דער שואה וגבורה פונעם אוקראַינישן יידנטום, אויפשטעלונג פון די צע־רויינירטע דענקמעלער פון יידישער קולטור ובתוכם פון אָדעסער מוזיי פון יידישער קולטור.

אין דער זעלבער צייט פירט ער אַ וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגס־אַרבעט וועגן די לעקסישע פאַרבינדונגען פון יידיש און עברית. עס ווערט געבוירן ביי אים אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט: "טוביהס טייטשן", ווו ער ברענגט אַרויס און אַנאַליזירט אַלע העברעיזמען, וואָס זענען פאַראַן אין שלום עליכמס "טוביה דער מילכיקער".

1948. דער גרעסטער נס פון אונדזער תקופה — דער אויפקום פון מדינת ישראל — האָט אָנגערעגט חיים חפץ'ן צוצוטרעטן צו אַ וויכטיקער און קאָלאָסאַלער

לויט איר פאַרנעם פאַרשערישער אַרבעט: "לעקסיקאָן פון העברעיזמען אין דער היינצטייטיקער יידישער ליטעראַטור". דאָס איז נעמלעך זיין לעבנס־ווערק, איבער וועלכן ער האָט נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן ביז די לעצטע טעג.

1950. אין סאַמע ברען פון דעם סטאַלינישן "שדים־טאַנץ" — קאַמף מיט קאָסמאָפּאָליטיזם" קומען צוגיין קאַגעביסטן צו חפץ'ן אויף דער אַרבעט, און גלייך פון דער לעקציע נעמט מען אים צו, מע זעצט אים אַריין אין אַ שוואַרצן אויטאָמאָ־ביל, אין וועלכע מע פירט גנבים און געפערלעכע פאַרברעכער, און מע פירט אים אָפּ גלייך אין תפיסה. 10 חדשים געדויערט די אויספאָרשונג, וואָס איז באַגלייט מיט אכזריותדיקע פייניקונגען און איזדעקעוועון זיך. מע שלאָגט אים אַלע טאָג מיט אַ גומענעם שטעקן איבערן קאָפּ און מע צווינגט אים אונטערשרייבן אויסטער־לישע באַשולדיקונגען אויף זיך זעלבסט און אויף זיינע חברים. חיים האַלט זיך פעסט, וואַרפט אָפּ אַלע באַשולדיקונגען און שרייבט ניט אונטער קיין שום פּראָ־טאָקאָלן. צום סוף פון דער "אויספאָרשונג" ווערט ער באַשולדיקט אין אַנטיסאָוויע־טישער און ציוניסטישער טעטיקייט און ווערט פאַרמישפּט אויף 10 יאָר שטרענגער איזאָלירונג אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

אין די אומגעהייער שווערע באַדינגונגען פון לאַגער אין פאַטמאַ זעצט ער פאָר זיינע פאָרשונגען, שאַפט אַ ציקל לירישע לידער אויף עברית, זעצט איבער אויף עברית לידער פון דיכטער וואָס שרייבן אויף יידיש.

די שווערע קאַטאָרגע־אַרבעט — פון פרימאָרגן ביז דער נאַכט שלעפּן אויף די פּלייצעס שווערע זעק מיט קוילן — האָט איינגעבראָכן זיין געזונט. ער ווערט קראַנק, באַקומט אַן אינפאַרקט. נאָך דער שווערער קרענק איז ער איבערגעפירט געוואָרן אין דער לאַגער־ביבליאָטעק און איז געוואָרן אַן אייבבינדער. די דאָזיקע אַרבעט האָט אים געשאַפן אַ מעגלעכקייט צו לייענען ביכער און פאַרגרינגערן זיין וויסטן לאַגער־שטייגער.

אין 1956 ווערט ער רעאַבילירטירט.

אַן אויסגעשעפּטער, אַ קראַנקער און צעבראָכענער, אָבער דאָך אַ גליקלעכער, קערט ער זיך אום צוריק אַ היים קיין אָדעס. מיט דער צייט באַמיט ער זיך אויפ־שטעלן אין זכרון די געשאַפענע אין לאַגער לידער און איבערזעצונגען, זעצט פאָר זיינע פאָרשונגען, שרייבט מעמואַרן און פירט אַ גרויסע קאָרעספּאָנדענץ מיט ליטעראַטן און פילאָלאָגן אין ישראל, אַמעריקע און ענגלאַנד. מיט גרויסן אינטערעס שפּירט ער נאָך די געשעענישן, וואָס קומען פאָר אין און אַרום מדינת ישראל.

די דאָזיקע טעטיקייט לאָזט ניט רוען די אָדעסער ק.ג.ב., זיי רופן אים אָפּט אַרויס אויף פאָרשונגען, מאַכן אונטערזוכונגען ביי אים אין דער היים, און רעקווי־זירן זיינע כתבים און בריוו.

אין 1961, נאָך אַ דויערהאַפטער אונטערזוכונג, זענען ביי אים רעקוויזירט

געוואָרן אַלע אויסשניטן פון די צייטונגען, וואָס ער האָט געזאַמלט, אַלע מאַטע־ריאַלן, וואָס האָבן אַ וועלכע ניט איז שייכות צו דער שואה, אַלע ביכער, דאָקומענטן און ווערק, וואָס זענען בעת די פריערדיקע אונטערזוכונגען פאַרעכנט געווען פאַר ניט קיין אַקטועלע.

ערשט איצט נעמט ער זיך מיט גרויסער התלהבות פאַרזעצן זיין גראַנדיעזע פאָרשונגס־אַרבעט איבער דעם "לעקסיקאָן פון העברעיזמען און הייִנטצייטיקן יידיש". ער אַנאַליזירט די ווערק פון העכער 330 יידישע שרייבער. שרייבט אַרויס פון זיי אויף קאַרטלען טויזנטער און טויזנטער ווערטער, אויסדרוקן און גאַנצע זאַצן פון העברעישן און אַראַמישן אָפּשטאַם, שטודירט תנ"ך, תלמוד, מדרשים און אַנדערע ווערק פון דער אַלטערטימלעכער ליטעראַטור, פון וואַנען ער שעפּט דוגמאות צו די העברעיזמען, און ווייזט די מקורות פון וואַנען זיי שטאַמען.

דער קאָלאָסאַלער מאַטעריאַל — ניין טויזנט קאַרטלען — ווערט וויסנשאַפט־לעך אַנאַליזירט און באַאַרבעט, אויסגעשטעלט לויטן אַלפבית, און צום יאָר 1971 ווערט פאַרענדיקט דער "לעקסיקאָן" און איבערגעשריבן אין 5 עקזעמפּליאַרן מיט זיין אייגענעם פערל־כתב.

אין דער הקדמה צום בוך שרייבט דער אויטאָר:

"דער לעקסיקאָן פון העברעיזמען אין הייִנטצייטיקן יידיש שטעלט מיט זיך פאָר אַ זאַמלונג פון ביי אַ ניין טויזנט ווערטער, אויסדרוקן און גאַנצע זאַצן פון העברעישן (זעלטן פון אַראַמישן) אָפּשטאַם, וואָס גייען אַריין אין יידיש, און ווערן גענוצט אין דער איצטיקער ליטעראַטור, פּרעסע, פאָלקלאָר און רייד. די דאָזיקע העברעיזמען ווערן אין לעקסיקאָן באַהאַנדלט און דערקלערט. דערמיט פּילט ער אויס קודם כל די ראָליע פון אַ האַנטבוך פאַר די, וואָס לייענען און שטויסן זיך דערביי אָן אויף אומבאַקאַנטע און שווער געלייענטע ווערטער, וואָס שטאַמען פון העברעיש אָדער פון אַראַמיש און פאָדערן דערקלערט צו ווערן. די דאָזיקע דערקלערונג איז געוויס די וויכ־טיקסטע, אָבער ניט די איינציקע אויפגאַבע, וואָס דער לעקסיקאָן שטעלט פאָר זיך. וויכטיק איז אויך די דעמאָנסטרירונג פון די אורקוואַלן, פון וועלכע די העברעיזמען זענען געקומען אין יידישן, וואָס דאַרפן, ראשית, באַקענען די יידיש־לייענער מיטן מקור פון דער גרויסער שפּראַך־און געדאַנקען־עשירות, פון וועלכע עס שטאַמט אַזאַ באַדייטנדיקער טייל פון יידיש. און, שנית, דערמעגלעכן די טיפערע דערקלערונגען פון דעם דאָזיקן היסטאָריש־שפּראַכלעכן פּראָצעס, ווי אויך פון די העברעיזמען, וואָס זענען אויפגע־קומען אין יידיש זעלבסט, סיי אין דער פאָרם פון ניי־געשאַפענע ווערטער, סיי אין דער פאָרם פון נייע צרופים פון אַלטע ווערטער און רעדנסאַרטן".

העכער 800 זייטן, געשריבענע מיט מיניאַטיור־קאַליגראַפּישן כתב, פאַר־נעמט דער לעקסיקאָן. אַ טיטאַנישע מי! (בערך 70 דרוק־בויגן). דאָ דאַרפן מיר דערמאָנען די 2טע וויכטיקסטע אַרבעט פון חיים חפץ, אויף וועלכער ער האָט געאַרבעט פיל יאָרן. די אַרבעט הייסט: ״טוביהס לשון־קודש (עברית) און זיינע טייטשן״. דאָס איז אַ מוסטערהאַפטע, סיי לויטן אינהאַלט און סיי לויט דער קאָמפּאָזיציע, וויסנשאַפטלעכע פילאָלאָגישע פאָרשונגס־אַרבעט, וואָס פאַרנעמט מער פון 140 זייטן (בערך 10 דרוק־בויגן). די שווערע לאַגער־יאָרן, דער טויט פון זיין פרוי — זיין לעבנס־באַגלייטערן מרים, די ווייטערדיקע רדיפות מצד דער ק.ג.ב., האָבן אונטערגעריסן זיין געזונט־צושטאַנד. נאָך דעם אינפאַרקט, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין יאָר 1970 האָט ער אין 1971 באַקומען אַ שווערן אינסולט, וואָס האָט אים אויף אַ יאָר צייט צוגעבונדן צום בעט.

ענדלעך האָט אין סוף 1971 חיימס טאָכטער מיט איר משפחה אָנגעגעבן די דאָקומענטן אויף עולה זיין קיין ישראל, און ערשט אין אַ יאָר אַרום, אין נאָוועמבער 1972 האָבן זיי באַקומען די דערלויבעניש. אַ שווער קראַנקן, אויף אַ טראָג־בעטל טראָגט מען אים אַריין אין אַן עראָפּלאַן. פון לוד קומט ער אָן אין שפּיטאָל.

אין אַפּריל 1973 פאַרלאָזט ער דעם שפּיטאָל און קערט זיך ווידער אום צו זיין געוויינלעכער וויסנשאַפטלעכער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט שוין ביי זיך אין דער נייער היים — אין ישראל. דאָ עפענען זיך פאַר אים אַלע מעגלעכקייטן, וועגן וועלכע ער האָט פריער אַפילו טרוימען ניט געקאָנט. ער האַלט אין איין באַרייכערן זיין גרויסע ביבליאָטעק, באַנייט זיין קאָרעספּאָנדענץ, באַזוכט אַלע ביכער־יאַרידן, פאָרט אַרום איבערן לאַנד, אין פיל שטעט און קיבוצים, פירט אונטערהאַנדלונגען מיט פאַרלאַגן אויף אַרויסגעבן זיינע ווערק. ווייזט זיך אַרויס אָבער, אַז עס פאָדערט זיך זייער אַ גרויסע סומע דאָלאַרן אויף אַרויסצוגעבן דעם לעקסיקאָן. אין ירושלימער אוניווערסיטעט ווערט געשאַפן אַ געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט אויף אַרויסצוגעבן דעם לעקסיקאָן.

אין יולי 1978 איז חיים ווידער קראַנק געוואָרן און אָנגעקומען אין אָנקאָלאָ־גישן אָפּטייל פון ״הדסה״. ער האָט נאָך אַלץ געהאָפט אַז ער ווערט זיך נאָך אומקערן אַהיים... ס׳האָט אויך נישט געהאָלפן די אָפּעראַציע.

דעם 11טן אָקטאָבער 1978 אין טאָג פון יום כפור, אין זיין 82טן געבורטס־טאָג איז חיים חפץ נפטר געוואָרן...

ער האָט, ליידער, נישט זוכה געווען צו דעם דערשיינען פון זיינע וויכטיקע און ווערטפולע ווערק צו וועלכע מיר האָבן ביז איצט ניט קיין גלייכן ניט אין מדינת ישראל און ניט אין חוץ לארץ; ווערק, וואָס וואָלטן בלי ספק וועזנטלעך באַרייכערט דעם וויסנשאַפטלעכן אַרסענאַל פון יידישער שפּראַכקענטעניש, פילאָ־לאָגיע און לינגוויסטיק.

מיר ווען דאַ אויסזאָגן נאָך אַ סוד: אין די טיש־קעסטלעך פון חיימס צימער זענען פאַרהיט אין אַ זאַרגזאַמער און מוסטערהאַפטער אָרדענונג אַ סך הונדערטער בריוו פון באַוווסטע פּערזענלעכקייטן, פּראָפעסאָרן, שרייבערס, קולטור־טוערס, מיט וועלכע חיים האָט געפירט אַ לעבהאַפטן בריוו־אויסטויש. מעגלעך אַז מע וואָלט געקאָנט אין זיי געפינען ניט ווייניק מאַטעריאַלן, וואָס זאָלן האָבן אַ געוויסע קולטור־געזעלשאַפטלעכע ווערט.

ס'איז ניט דערלאָזבאַר אַז די ווערטפולע קולטור־ירושה פון חיים חפץ'ן ע"ה זאָל זיין פאַרבאַהאַלטן פון דער עפנטלעכקייט אין אונדזער לאַנד! עס ווילט זיך אַרויסזאָגן די האָפענונג, אַז איצט, ווען דער באַשיידענער אין זיין גרויסקייט, דער טיפער געלערנטער און פאָרשער, וואָס האָט קיין מאָל נישט "געקלונגען אין אַלע גלעקער" און האָט אָבער אין דער שטיל פון זיין קליינינקן צימער געשאַפן אייביקע ווערטן, איצט ווען ער, חיים חפץ, איז שוין אין זיין אייביקער רו, וועט דער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט ביים ירושלימער אוניווערסיטעט, וואָס איז געגרינדעט ספּעציעל אויף צו פּובליקירן דעם "לעקסיקאָן פון העברעיזמען אין היינטצייטיקן יידיש", געפינען אַ מעגלעכקייט צו פאַרשנעלערן זיין אַרבעט און דערפירן זי ביז צו אַ פּאָזיטיוון רעזולטאַט.

**דערשינען...**

**קלמן סעגאַל:** — געזעגענונג, לידער, אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון קרן תל־אביב לספרות ולאמנות, אליעזר פּינעס־פאָנד און פון שרייבער־פאַרבאַנד אין ישראל, ירושלים, תשל"ט, 96 ז"ז, ווייכער איינבאַנד.

**זלמן (מאָניק) האַלצבערג** — טראָפּנס פון מיינע שויבן, לידער, צייכענונגען פון ד"ר גרשון האַלצבערג, פאַרלאַג "דחק" ת"א, 1979 — תשל"ט. 96 זייטן ווייכער איינבאַנד.

**שמעון קאַניץ** — כח פון אות, עסייען. הילע: משה בערנשטיין. דאָס בוך וואָס דערגרייכט צו קרוב פון 370 זייטן, פאַרמאָגט עסייען אויף 69 טעמעס און איז איינגעשטעלט אין 4 טיילן: א. שירה, ב. פּראָזע, ג. פון דער העברעישער ליטעראַטור, און ד. פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, תשל"ט — 1979.

**יחיאל האָפער** — איציק מאַנגער, עסייען. עברית און יידיש. העברעישער נוסח: חנוך קלעי. דאָס בוך וואָס איז דערשינען צו דער 7טער יאָרצייט פונעם מחבר מיט דער באַמיונג פון דער שרייבערס אלמנה. מרת חנה האָפער, איז פאַרזען מיט 5 מאַנגער־פּאָרטרעטן און מיט 2 פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1979.

**נ. שמן** — קדושה אין יידישן פאַמיליע־נעמען, לויט תנ"ך, תלמוד, יהדות און ליטעראַרישע סטודיעס. באַנד 2 פון דער סעריע: "באַציונג צו דער פרוי". פאַרזען מיט אַ נעמען־רעגיסטער צום פריערדיקן באַנד און צום איצטיקן. פאַרלאַג י. ל. פּרץ ישראל, תל־אביב, תשל"ט — 1978, 550 זייטן.

# צום אָנדענק פֿון אַ יידישן קינסטלער



דער נסתר

נישט לאַנג צוריק איז נאָך אַ שווערער האַרץ-אַטאַק נפטר געוואָרן דער יידישער קינסטלער אהרן מערכער ז״ל.

מיר געבן אין היינטיקן אַלמאַנאַך-נומער אייניקע בילדער פון זיין פּאָרטרעטן-גאַלעריי ״יידישע שרייבער-קרבנות פון די סאָוועטישע הענקער״ און אַ קורצע פאַרצייכענונג וועגן זיין לעבן און שאַפן.



דוד בערגעלסאָן

# אהרן מערכער ז״ל

אין קרית אונו איז נישט לאַנג צוריק געשטאָרבן דער באַגאַבטער יידישער קינסטלער און קונסטקענער אהרן מערכער.

געבוירן אין יאָר 1899 אין אוקראַינישן שטעטל דזינאַווקע. די מערסטע יאָרן אָפּגעלעבט אין אָדעס. די דאָזיקע גרויסע און שיינע האַפן־שטאָט, וועמענס קאָלאָריטער יידישער טיפּאַזש, די שאָטנדיקע געסלעך און זוניקע ים־לאַנדשאַפט. ס'פאַרנעמט אַ בכבודיק פּלאַץ אין די טיף־לירישע אַקוואַרעלן און אייל־מינאַטיורן פון אונדזער קינסטלער.

אהרן מערכער האָט זיך קינדווייז געלערנט אין דער באַרימטער אָדעסער תלמוד תורה, וועמענס דירעקטאָר ס'איז געווען מענדעלע מוכר ספרים. ער האָט געהאַט פיל צו דערציילן וועגן דעם גרויסן קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור; מערקט זיך טאַקע צווישן מערכערס פּאָרטרעטן און בילדער דאָס לעבעדיקע געשטאַלט פון מענדעלען ווי אויך פּרעכטיקע אילוסטראַציעס צו זיינע ווערק.

סוף צוואַנציקער יאָרן פאַרענדיקט מערכער דעם אָדעסער אוניווערסיטעט און שפּעטער די קינסטלערישע אַקאַדעמיע.

אהרן מערכער האָט פאַרוואַלטעט מיטן אָדעסער מענדעלע־מוזיי ביז צו דער ברוטאַלער ליקווידאַציע פון אָט דעם וויכטיקן קולטור־אַנשטאַלט צום סוף פון די דרייסיקער יאָרן. (צוזאַמען מיט דער ליקווידאַציע זענען אויך ערגעץ פאַרשווונדן די מערסטע אָריגינעלע עקספּאָנאַטן, כתב־ידן און פּאַרש־מאַטעריאַלן וואָס האָבן אַ שייכות צו מענדעלען ווי אויך צו יידישער קולטור־געשיכטע בכלל — עטנאָגראַפיע, קונסט, פאָלקלאָר־זאַמלונגען א.ד.ג.).

מערכערס אייל־בילדער, אַקוואַרעלן און גראַפישע צייכענונגען געפינען זיך אין אַ ריי מוזייען פון רוסלאַנד, דערין — אין לענינגראַדער עטנאָגראַפישן מוזיי, אין קיעווער און אָדעסער קונסט־מוזייען.

בעת דער מלחמה קעגן נאַצי־דייטשלאַנד גייט אַוועק אהרן מערכער פרייוויליק אויפן פראָנט. אין דער צייט ווערן אומגעבראַכט דורך די דייטשישע מערדער זיין פאָטער און פיר ברידער . . .

נאָכן קומען פון די מלחמה־פראָנטן אַרבעט אהרן מערכער אין דער אָדעסער מלוכישער קונסט־שול. ער לייענט אַ קורס לעקציעס וועגן טעאָריע און טעכניק פון קונסט־מאָלעריי. ער שאַפט אויך אַ גאַנצע ריי אילוסטראַציעס צו די ווערק פון שלום־עליכם און דער יידיש־סאָוועטישער ליטעראַטור.

אין די יאָרן פון מאַסן־פּאָגראָם איבער דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד ווערט מערכער אַרעסטירט און קומט אָפּ פיל יאָרן אין די שרעקלעכע קאָנצענטראַציעס פון גולאַג.

אין 1970 יאָר קומט דער קינסטלער, צוזאַמען מיט דער משפּחה פון זיין זון, קיין ישראל.

טראָץ זיין עלטער און ערנסטער האַרץ־קראַנקהייט, אַנטוויקלט זיך דאָ מיט באַנייטער דאַרשטיקייט זיין פרוכטבאַרע שעפערישקייט.

מיט גרויס דערפֿאָלג איז דורך זיין ערשטע אויסשטעלונג אין תל־אביבער צוותא־קלוב, ווו כמעט אַלע בילדער זענען אויספֿאַרקויפֿט געוואָרן (1973), מערכערס פערסאָנעלע אויס־שטעלונגען זענען אויך צושטאַנד געקומען אין בית־כץ אין קרית ביאַליק (1976) און אין קרית מוצקין (1977).

אין דער ישראל־פרעסע איז באַזונדערס אויסגעצייכנט געוואָרן זיין טראַגישער פֿאַר־טרעטן־ציקל פֿון די אומגעבראַכטע יידיש־סאָוועטישע שרייבער, טייל פֿון וועלכע מיר פֿאַרעפֿנטלעכן אין הייַנטיקן אַלמאַנאַך־נומער.

זיין גוטער מלאך און טרייַע לעבנס־באַגלייטערין, וואָס האָט געלינדערט זיין האַרץ־פּיין און געמוטיקט אין שעפֿערישקייט איז די לעצטע יאָרן געווען פֿרוי רחל שמעלצינגער, די אלמנה פֿון באַוווּסטן יידישן קולטור־טוער, פּעדאַגאָג און זשורנאַליסט אין אַרגענטינע.

איר — פֿרוי רחל שמעלצינגער און דער משפּחה פֿון זיין זון משה מערכער, דריקן מיר אויס טיפֿסטן מיטגעפֿיל אין צוזאַמענהאַנג מיט אונדזער אַלעמענס פֿאַרלוסט.

כבוד דעם ליכטיקן אָנדענק פֿון דעם יידישן קינסטלער אהרן מערכער ז״ל. י.ק.



# שרייבער און ווערק

**יצחק הרכבי**

יצחק באַשעוויס-זינגער

(פֿון אַ רעפֿעראַט געהאַלטן ביי דער יידישער קולטור-געזעלשאַפֿט אין ירושלים)

### א

פאַראַן אַ טראַגישער עלעמענט אין דעם פאַקט וואָס דער נאָבעל-פרייז פאַר ליטעראַטור אין 1978 איז געגעבן געוואָרן צו אַ מחבר וואָס שרייבט יידיש אין אַ צייט ווען יידיש ווי אַ גערעדט לשון איז אין אַ צושטאַנד פון שקיעה, ווען די גרויסע מערהייט פון פאָלק וואָס האָט גערעדט יידיש לעבט ניט מער, און אַנדערע מיט אַ נייגונג צו אַסימילאַציע הייבן עס אָן דווקא דורך דער שפּראַך.

איז עס טראַגיש, ווייל די אָנערקענונג פון יידיש דורך דעם וועלט-פאָרום איז געקומען צו שפּעט; אפשר — ווען ניט די שואה — וואָלט די אָנערקענונג געקומען פריער. פון דער אַנדערער זייט, איז דאָס צוטיילן דעם נאָבעל-פרייז פאַר יידיש, אויף וויפל דאָס זאָל ניט אויסזען פּאַראַדאָקסאַל, אַ רעזולטאַט פונם אויפקום פון מדינת ישראל, פונקט ווי דאָס איז געשען עטלעכע יאָר פריער מיט העברעיש.

דער נאָבעל-פרייז פאַר ליטעראַטור 1978 איז געגעבן געוואָרן צו יצחק באַשעוויס זינגער וואָס לעבט אין די פאַראייניקטע שטאַטן העכער פערציק יאָר און וועמעס רום קומט ניט פון דער פובליקאַציע פון זיינע ביכער אין אָריגינאַל, נייערט פון דער הצלחה פון זייערע איבערזעצונגען אין ענגליש וואָס איז היינט די אַמערסטן גערעדטע שפּראַך אויך צווישן יידן. און אפשר נאָך אַ פּאַראַדאָקס וואָס שפּיגלט אָפּ דעם מצב: אַ טייל פון די שריפטן זענען קיין מאָל ניט דערשינען אין יידיש אין בוך-פאָרעם, ד.ה. אין זייער אָריגינעלער שפּראַך, נאָר דווקא אין זייער ענגלישער איבערזעצונג.

### ב

פון דעסטוועגן ווערט י. באַשעוויס באַטראַכט אין מהות אַלס מזרח-אייראָפּעישער יידיש-שרייבער, און דאָס איז ניט נאָר צוליב דער שפּראַך אין וועלכער ער שאַפט דירעקט, נאָר אויך און דער עיקר צוליב דער טעמאַטיק און געשטאַלטונג פון זיינע ווערק, ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן מיט אַ פופציק יאָר צוריק און עס

איז אינטערעסאַנט צו מאַכן אַ פאַרגלייך מיט זיין עלטערן ברודער דער שרייבער ישראל יהושע זינגער, וועלכער האָט געמאַכט אַ חשבון הנפש פון "אַ צוויי טויזנט יעריקן טעות", וואָס איז באַשטאַנען אין דער אילוזיע פון אַ יידיש לעבן אין גלות. י. באַשעוויס, פון דער אַנדערער זייט, האָט בעת דער צערעמאָניע פון באַקומען דעם נאָבל־פרייז געמאַכט אַן אינדיווידועלן און ניט קיין נאַציאָנאַלן חשבון, אויפן יסוד פונעם ריין פערסאָנעלן אין זיינע ווערק. אַפילו אין שטאָקהאָלם האָט ער זיך באַצויגן צום יידיש לשון ווי צו זיין מכשיר, בעת ש.י. עגנון האָט ביי דער זעלבער געלעגנהייט געמאַכט אַ חשבון מיט דער וועלט, האָט זיך י. באַשעוויס בלויז באַצויגן צום ליטעראַרישן אספעקט פון זיין יצירה.

אין איינער פון זיינע ערשטע ווערק, "דער שטן אין גאָריי", באַשרייבט ער דאָס שטעטל ראַציאָנעל און סוראַליסטיש אין דער זעלבער צייט, עס איז אַ געמעל פון "משיחישע באַדינגונגען", ווען ווייס איז ניט ווייס און שוואַרץ איז ניט שוואַרץ. אפשר איז דאָס דער שליסל צו זיינע סיפור המעשיות. סיי כולו חייב און סיי כולו זכאי, מיט אַ נטיה צום ערשטן, אויך אין זיינע דערציילונגען פון אַמעריקע, אין דער תקופה נאָכן חורבן, זענען פאַרמישט די איבערמענשלעכע און שטנ׳ישע אומפולסן אין איין געוויטער און אין איין אויסדרוק: ווידער אַ מאָל — "משיחישע סיטואַציע".

פאַראַן דער גראַטעסקער עלעמענט אין זיינע ווערק, די קבלה שפּראַצט אויף פּלוצלינג, ניט ווי אַן אַבסטראַקטער פילאָזאָפישער אַספּעקט, נאָר ווי אַ טייל פון די באַשריבענע כאַראַקטערן, ער איז אַ מייסטער פון פלאַסטישער באַשרייבונג אויך ווען ער האָט צו טאָן מיט סיטואַציעס און ניט נאָר מיט כאַראַקטערן.

ג

אַ סך ליטעראַטור־ספעציאַליסטן באַציען זיך קריטיש צו זיין עראָטיק, וועלכע זיי טיילן אויס און שטרייכן זי אונטער. איך מיין, אַז עס נישט קיין ריכטיקער צוגאַנג. פאַראַן ביי אים אַן אינטעראַקציע צווישן עראָטיק און מיסטיציזם. עס האָט שוין עמעצער פאַרצייכנט אַז "עראָטיק איז דער מיסטיציזם פון פיזישערליידנ־שאַפט, פונקט ווי מיסטיציזם איז די עראָטיק פון אינטעלעקטועלער ליידנשאַפט". אין באַשעוויסעס שאַפונגען איז ניט פאַראַן קיין קלאָרע דעמאַרקאַציע־גרענעץ צווישן דעם הייליקן און דעם פראָפאַנעם; ביידע האָבן זיי "אַן אידענטישן סטאַטוס".

אין פלוג, אַפילו ווען זיינע פערסאָנאַזשן וויקלען זיך אויס אין גרויסע וועלט־שטעט, לעבן זיי זיך אויס אין דער אמתן אין קליינע שטעטלעך וועלכע בילדן צוזאַמען די שטאָט — וואָס איז ניט עפּעס אַנדערש ווי אַ צוזאַמענשמעלצונג פון קליינע מזרח־אייראָפּעישע שטעטלעך. ווידער אַ מאָל האָבן מיר צו טאָן מיט דער

סתירה צווישן דאָס באַוווסטזיניקע און דאָס ניט־באַוווסטזינקע, צווישן דער ווירקלעכקייט און דער אומרעאַליטעט.

ד

און עפּעס דאַרף געזאָגט ווערן וועגן זיין שפּראַך, וועגן דער פאָרעם פון זיין שפּראַך. עס איז וויכטיק צו דעפינירן זיין ייִדיש ווי אַן אויסדרוק פון המשך — עס איז אַ סך מער, די שפּראַך איז באַאיינפלוסט פון דער גאַנצער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון ייִדיש. ער קען הײַנט דינען פאַר אַ מאָדעל ווי אַזוי אַ ייִדישער זאַץ דאַרף ווערן אויפגעבויט. זיין ייִדיש איז צו מאָל אַרכאַיש, ניט ווייל ער שפּילט זיך מיט אַרכאַיזמען, נאָר ווייל ער איז אַרכאַיש אין זיין מהות. די שפּראַך פאַרמאָגט פאַנטאַזיע און אַבערגלויבן, אָדער גאָר פאַנטאַסמאַגאָריע אין מאָדערנע טערמינען, פּונקט ווי די שפּראַך וואָס עס האָט גענוצט י.ל. פּרץ אין זיינע דערציי־לונגען איז פול מיט דעם ליכט פון אמונה, אַזוי איז באַשעוויסעס פּראָזע איינגע־טונקען אין דעם בין השמשות זון־אונטערגאַנג פון דער ייִדישער מיסטיק.

פון וואַנען ציען זיך די וואָרצלען פון זיין ייִדיש ? פון זכרון, די ווערטער לעבן מער ניט אין דער רעאַליטעט ; אויך ניט זייער סטרוקטור און די קאָנסטרוקציע פון די זאַצן, זיי שטאַמען ניט פון דער סביבה פון הײַנט, נאָר פון דער סביבה פון נעכטן און פון אייערנעכטן. פאַראַן אין אַט דער שאַפונג אַ גוואַלדיקער קינסטלע־רישער כוח וואָס פאַרכאַפּט דעם לייענער.

ה

ווייזט אויס אַז די ריכטער פון דעם נאָבל־פּרייז האָבן עס אויפגעכאַפּט און פאַרשטאַנען, און ייִדיש האָט באַקומען אַנערקענונג אין וועלט־פאָרנעם אַ סך שפּעטער ווי זי האָט באַקומען אויסדרוקן פון ליבשאַפט און פון פאַרליבטקייט.

*

## מרדכי אַלטשולער

# וועגן די מעמואַרן-ביכער פון אסתר ראָזענטאַל-שניידערמאַן

די לעצטע דרייסיק יאָר איז די יידישע ליטעראַטור באַרייכערט געוואָרן מיט הונדערטער מעמואַרן־ביכער. דער דראַנג צו שרייבן זכרונות איז טיפע פּסיכאָלאָגישע באַדערפעניש פון פיל יידן, וועלכע ווילן פאַראייביקן די וועלט, די סביבה, די געשעענישן וואָס כאַראַקטעריזירן אונדזער חורבן־עפּאָכע. אין דעם אַלגעמיינעם אוצר פון זכרונות פלעכטן זיך אַריין די צענדליקער ביכער וועגן יידישן לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד.

דאָס שרייבן פון די דאָזיקע זכרונות איז באַווירקט אויך פון דעם טיפן ווילן צו שטעלן אַ מצבה, אָבער אָפּט אויך צו באַשולדיקן, פון איין זייט, און רעהאַביליטירן, פון דער אַנדערער זייט.

די זכרונות־ליטעראַטור בכלל און די זכרונות־ביכער וועגן יידישן לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד בפרט פאַרנעמען אַ מיטן־פּלאַץ צווישן שיינער ליטעראַטור און געשיכטע. זי האָט אַ שייכות צו דער שיינער ליטעראַטור — ווייל זי באַשרייבט די געשעענישן פון אַ פּערזענלעכן קוק־ווינקל, עלעמינירט געוויסע דערשיינונגען, וועלכע האָבן זיך פאַרמעקט אין זכרון, עס קומט אין איר צום אויסדרוק געוויסע פּערזענלעכע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס, איז באַווירקט פון עמאָציאָנעלע איבערלעבענישן, אָבער שוין אין פּערעספּעקטיוו פון צייט, אין אָנבליק פון שפּעטערדיקע געשעענישן, אין גייסט פון נייע וועלט־באַנעמונגען און נייע פּראָבלעמען. פון דעם שטאַנדפּונקט האָט די זכרונות־ליטעראַטור פול בשותּפותדיקס מיט דער שיינער ליטעראַטור.

פון דער אַנדערער זייט אָבער, באַשרייבט די זכרונות־ליטעראַטור פאַקטן, פּערזענלעכקייטן, געשעענישן, וועלכע זענען פאַרגעקומען אין אַ געוויסן אָרט און אין אַ געוויסער קאָנקרעטער צייט. פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט געפינען זיך די זכרונות אין דעם תחום פון געשיכטע, אָבער ס׳איז נישט קיין געשיכטע.

צווישן די צוויי שווערפּונקטן — דעם פּערזענלעך־עמאָציאָנעלן און דעם היסטאָריש־פאַקטועלן — שאַפט זיך אַ שפּאַנונג. די קונסט פון זכרונות־שרייבער קומט צום אויסדרוק אין דעם דעליקאַטן גלייכגעוויכט צווישן זיי ביידע.

אַן אַנדערע שפּאַנונג, וועלכע שאַפט זיך אין דער זכרונות־ליטעראַטור איז צווישן דעם "איך" פון זכרונות־שרייבער און דער באַשריבענער סביבה און פּערסאָנאַזש.

זייער ווייניק זכרונות־שרייבער, אויף וויפל מיר איז באַקאַנט, זענען מצליח אויסצופורעמען זייערע זכרונות מיט אַזאַ פילבאַרן באַלאַנסירטן גלייכגעוויכט צווישן די אַלע סותרדיקע עלעמענטן, ווי אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַן.

אין די צוויי בענדער פון אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַנס בוך "אויף וועגן און אומוועגן" שפּיגלט זיך אָפּ אַ פּלאַסט פון יידישן לעבן אין מזרח אייראָפּע, וואָס ציט זיך פון דער קעלערשטוב אויף אַגראַדאָווע־גאַס אין טשענסטאָכאָוו ביז צו ברייטע פּלענער פון בויען אַ יידישע קולטור אין ווייט־מזרחדיקן ביראָבידזשאַן. דער וועג הייבט זיך אָן מיט די ברויזנדיקע געפילן פון דעם קליינעם יידישן באַוווּלטן מיידעלע פון טשענסטאָכאָוו, וועלכע שרייט "נידער מיט ניקאָלאַען! זאָל לעבן די רעוואָלוציע", דורך די צישאָ־שולן, דער טעטיקייט אין דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. און פאַרענדיקט זיך, אין ערשטן טייל, ווען זי האַלט אין איר האַנט אַ העל רויטן גלאַנציקן טאָוועלע מיט אַ סערפּ און האַמער, איינגערעמט אין אַ קראַנץ פון זאַנגען . . .

"איך בין, הייסט עס, איבער נאַכט געוואָרן אַ "סאָוועטישע בירגערין" — שרייט אויס אין יענע טעג ראָזענטאַל־שניידערמאַן — אַ, ווי גליקלעך איך בין איצט!

אָבער דער דאָזיקער צויבער און התפעלות, וואָס די מחברין לעבט איבער אין איר וועג פון דער פּוילישער גרענעץ ביז דער הויפּט־שטאָט פון דער וועלט־רעוואָלוציע, ביז מאָסקווע, ווערט געקילט דורך געוויסע דערשיינונגען, אויף וועלכע זי שטויסט זיך אָן שוין אין די ערשטע טעג. אין דער פּוילישער אָפּטיילונג פון קאָמינטערן פירט זיך אַזאַ מין געשפּרעך:

> "וועלכן פאַמיליע־נאָמען האָט איר זיך אויסגעקליבן — איז די ערשטע פראַגע, וואָס מ'שטעלט מיר דאָ — שרייבט ראָזענטאַל — "כ'בין אַהער געקומען ווי שניידערמאַן שרה, די טאָכטער פון משה" — איז מיין ענטפער.
> "וואָס דאַרפט איר דאָ אין ראַטנפאַרבאַנד דעם דאָזיקן פאַמיליע־נאָמען? קלייבט זיך אויס אַ סלאַווישן, אַ וויל־קלינגענדיקן — גיט מען מיר צו פאַרשטיין.
> תיכף שווימען אַרויס אומאָנגענעמע אַסאָציאַציעס מיט דעם, וואָס איז מיר דאָרט אין פּוילן געווען אַזוי דערווידער . . . "אַ המשך פון דאָרט?" פּראָטעסטירט אין מיר אַלץ, פאַר וועמען דאַרף איך דאָ אויסבאַהאַלטן מיין אָפּשטאַם?", קען איך זיך נישט באַהערשן . . . זעלטן ווער פון מיינע — שרייבט ווייטער ראָזענטאַל — איז ביי געשטאַנען דעם דאָזיקן נסיון.

אין דאָזיקן אויסצוג אַזוי ווי אין גאַנצן בוך קומט צום קינסטלערישן אויסדרוק דער באַלאַנסירטער טאָן פון ראָזנטאַלס באַשרייבונג. דער פאַקטאָלאָגישער מאַטעריאַל איז דייטלעך, פּינקטלעך, אויף וויפל ס'איז מעגלעך אין זכרונות. פון דער אַנדערער זייט זענען געשילדערט די פּערזענלעכע געפילן פון דער מחברין — איר אינערלעכע רעאַקציע, אירע רעמיניסצענצן לגבי פּוילן — און דאָס אַלץ ווערט געבראַכט אין איין אָרגאַנישן געוועב, אָבער די צייטווייליקע ניט אָנגענעמענע אַטמאָספער ווערט פאַרזונקען אין דעם גרויסן יש פון דער יידישער סאָוועטישער אַרבעט.

"ס'איז ווייניק צו זאָגן — שרייבט ראָזענטאַל — אַז איך בין איבעראַשט פון דעם פאַרנעם אירן. עס דרייט זיך אַזש דער קאָפּ, הערנדיק די ממש אַסטראָנאָמישע ציפערן, וועלכע ס'רופן אָן די דריי פאַרוואַלטערס פון די רעפּובליקאַנישע יידישע סעקציעס

(מיכל לעוויטאַן פון אוקראַינע, דוד מאַץ פון ווייסרוסלאַנד און פּאַלאַטניק פון רספס״ר). — איך פאַרשרייב פּיבערהאַפּט. אין די מיט צוואַנציקער יאָרן איז די יידישע סעקציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי געווען אין הויכפּונקט. די סאָוועטישע רעגירונג איז אין יענע טעג געווען פאַראינטערעסירט צוליב אַ ריי אינערלעכע און אויסערלעכע סיבות, אונטער־צושטיצן די אַנטוויקלונג פון די נאַציאָנאַלע קולטורן און צווישן זיי אויך די יידישע. דאָס יידישע שול־וועזן האָט אַרומגענומען כמעט אַ העלפט פון אַלע יידישע קינדער אין שול־עלטער, יידישע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוטן זענען געשאַפן געוואָרן אין קיעוו און אין מינסק. די יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניזאַציע אין קרים און אוקראַינע האָט געדאַרפט שאַפן אַ מאַטעריעלע באַזע פאַר אַ דור־דורותדיקער יידישער טעטיקייט״.

אָבער אויך יענע פאַרהעלטנישמעסיק גוטע טעג פון דער יידישער טעטיקייט, איז די יידישע סעקציע און אירע טוער נישט איין מאָל אויסגעקומען אויסצוהערן ביטערע אָנפאַלן פון די רעגירונגס־פאַרשטייער. איינעם פון די דאָזיקע עפּיזאָדן ברענגט אַרויס ראַזענטאַל, באַשרייבנדיק אַ מעטאָדישע קאָנפערענץ פון יידישע לערער, אויף וועלכער ס׳איז אַרויסגעטראָטן ביעלאַבאָלאָצקאַיאַ — אַן אינספּעקטאָרין איבער די יידישע שולן. זי האָט באַשולדיקט די יידישע לערערשאַפט און די אָנפירער פון די יידישע ביוראָען אין פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג — לעוויטאַן, מאַץ און פּאַלאַטניק בכלל זה, אין נישט גענוגער וואַכזאַמקייט, נישט קיין גענוגנדיקן קאַמף קעגן די רעשטלעך פון חדר און נאָך אין אַזעלכע מין חטאים.

דער גרויסער אויפטו פון טאָג־טעגלעכן שאַפן — יידישע קאָלאָניעס, גרויסע ביכער־טיראַזשן, צענדליקער צייטונגען און צייטשריפטן, יידישע קלובן, טעאַטערס און דראַמ־קרייזן — האָבן ביי אַ טייל יידישע כלל־טוער געשאַפן דעם איינדרוק, אַז די אַלע פּאַרטיי־ישע פּאַדערונגען, צו וועלכע מען מוז זיך צופּאַסן, טייל מאָל פון איבערצייגונג און טייל מאָל קעגן דעם אינערלעכן געפיל — זענען אַ מין אָפּצאָל פאַר דער מעגלעכקייט פון יידישער טעטיקייט.

אָבער דאָס פּערמאַנענטע פאַרשמעלערן פון דעם יידישן מהות פון דעם יידישן שאַפן האָט ניט איין מאָל טיף באַאומרויקט די עלטערע יידישע פעדן־און וויסנשאַפט־טוער. ״מיט פאַרדראָס און ווייטיק, צו מאָל מיט סאַרקאַסטישן געלעכטער און אַ מאָל אויך כדי פריילעך מאַכן זיינע פריינד — דערציילט ראַזענטאַל אין איר בוך — איבערהויפּט בעת די שפּאַצירן אין נאָענסטן פּאַרק אין די ליפּקעס, פלעגט עריק פאַר אונדז ציטירן אויף אויסנווייניק גאַנצע אויסצוגן פון ״שאַפונגען״ וואָס האָבן עדות געזאָגט וועגן הימלשרייענ־דיקן אומוויסן פון זייערע יונגע מחברים . . . אַן אויפגערעגטער פלעגט עריק רעדן: אָדער זיי שרייבן אין גאַנצן נישט וועגן דעם ווייטן און נאָענטן יידישן עבר, אָדער, — אויב זיי דערמאָנען אים יאָ, — טוען זיי דאָס אויף אַן אומדערהערטן עם־האַרצישן אופן״.

דעם דאָזיקן אומרו האָט געגעבען אַן אויסדרוק אויך דוד האָפּשטיין צו דעם ניי אָנגעקומענעם אין 1932 אין ראַטנפאַרבאַנד הירש בלאָשטיין: האָפּשטיין האָט אים געזאָגט, ווי עס שרייבט בלאָשטיין:

״איר זעט דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן, מיר, סאָוועטישע יידן. אָבער איר זעט ניט דאָס, וואָס אונדזער קולטור פעלט. אונדזער נאַציאָנאַלער יידישער קולטור פעלט קולטור־

טראַדיציע. אייניקע אונדזערע יידישע טוערס פֿאַרשטייען ניט... אַז מען קען ניט שאַפֿן דעם היינט און דעם מאָרגן, זיך אינגאַנצן אָפּזאָגנדיק פֿונעם נעכטן... אייניקע אונדזערע דווקא איינפֿלוסרייכע טוערס, ווילן אָנהייבן נאָר פֿון אונדז... איך שטעל מיך ניט פֿאָר קיין עכט סאָוועטישן נאַציאָנאַלן שרייבער, וואָס זאָל ניט קענען גוט די גאַנצע געשיכטע און קולטור־ירושה פֿון זיין פֿאָלק. און אונדזערע יונגע שרייבערס, וואָס ווייסן זיי פֿון אונדזער אַמאָל? וואָס האָבן זיי געירשנט? זיי קענען שלום־עליכמען, מענדעלען, פּרצן אפשר עטוואָס אַקסענפֿעלדן, גאָטלאָבערן... אָבער אין שול ביי אונדז לערנט מען דאָך נישט די קאָריפֿייען פֿון דער יידישער ליטעראַטור אין אַנדערע שפּראַכן און רייזען און פֿרוג אין יידיש? שוין אָפּגערעדט דערפֿון, אַז מיר האָבן אַפֿילו קיין אָנונג ניט פֿון יהודה הלוי, אבן־גבירול, עמנואל הרומי און אַנדערע... אַז מען רייסט אַרויס דעם פֿונדאַמענט — האָט געזאָגט דוד האָפּשטיין צו בלאָשטיינען — קאָן זיך דער בנין לאַנג נישט האַלטן".

דער בנין פֿון דער סאָוועטישער יידישער טעטיקייט — בעיקר אין זיינע נאַציאָנאַלע וואָרצלען, זענען אַלץ שוואַכער געוואָרן, שוין אין אָנפֿאַנג דרייסיקער יאָרן — ווען אויבער־פֿלעכלעך האָט אַלץ אויסגעזען בליענדיק — דאָס האָט פֿאַרשטענדלעך פֿאַרטיפֿט די צווייפֿלונגען ביי פֿיל יידישע קולטור־טוער, וועלכע זענען נישט געווען צופֿרידן מיטן יונגן נאָכוווּקס.

אַ טייל פֿון יידישע קולטור־און פֿעון־מענטשן וועלכע זענען געווען אומרויִק לגבי דער צוקונפֿט פֿון יידישן קיום אין ראַטנפֿאַרבאַנד האָבן געפּרוּווט ראַטעווען וואָס נאָר מעגלעך אין בּיראָבּידזשאַן — בראש די דאָזיקע טוער איז געשטאַנען יוסף ליבערבערג, וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן אין אויגוסט 1936.

די קעגנזעצלעכע געפֿילן און געדאַנקען פֿון אַ סך יידישע קולטור־טוער אין ראַטנ־פֿאַרבאַנד זענען טאַלאַנטירט, אחריותדיק און ערלעך באַשריבן געוואָרן אין צווייטן באַנד פֿון אסתר ראָזענטאַלס זכרונות און דינען אַלס וויכטיקער מקור פֿאַרן היסטאָריקער און אינטערעסאַנטע ליטעראַטור פֿאַרן גייסטרייכן לייענער.

*

## רחמיאל פעלץ

# דער "יוגנטרוף" — זיינע אַקטיוויטעטן און פּערספּעקטיוון

### בראשית און יסוד

אויגוסט 1964, נאָך אַ סעריע פּלאַניר־זיצונגען, האָט אַ גרופּע יונגע־לייט געשאַפן אַ בייע קערפּערשאַפט וואָס האָט געוואָלט קאָנצענטרירן אירע אַקטיוויטעטן אויף יידיש־לשון. ניט נאָר מען האָט געפּלאַנעוועט פּראָיעקטן, נאָר די יאָדער־גרופּע האָט טאַקע באַשלאָסן גלייך אַדורכצופירן אַלע געשעפט־ענינים — די קאָרעספּאָנדענץ און שריפטלעכע אויס־גאַבעס, און דער הויפּט, אַלע שמועסן צווישן די חברים, אויף יידיש. געשען איז דאָס אין ניו־יאָרק, די גרינדערס זענען געווען פון ניו־יאָרק און מאָנטרעאָל, צווישן 15 און 21 יאָר אַלט. איצט, מיט צוועלף יאָר שפּעטער, קאָן דער שרייבער פון די שורות, וואָס האָט מיטגעאַרבעט מיט דער גרופּע פון אירע ערשטע טריט, אי פון נאָענט אי פון דער ווייטנס, אָביעקטיוו אָפּשאַצן די דערגרייכונגען פון יוגנטרוף.

אין פלוג קען מען זיך פרעגן, וואָס איז די גדולה? נאָך אַ יידיש־גרופּע? צי זענען ניט געווען כל־מיני יוגנט־גרופּעס און זשורנאַלן, און דווקא יידישע, וואָס מע האָט געשאַפן צווישןביידע וועלט־מלחמות? יאָ, נאָר די וועלט אין 1964 איז שוין געווען גאָר אַן אַנדערע. די ערשטע מיטגלידער פון דער יוגנטרוף־באַוועגונג זענען דעמאָלט געגאַן קעגן שטראָם פון גלייכגילטיקייט צו יידישקייט מצד יונגע אַמעריקאַנער יידן, דאָס יידישע לשון, די יידישע ליטעראַטור און פאָלקשאַפונג איז דעמלט שוין געווען פרעמד מערסטנס קינדער פון יידן ניי־געקומענע נאָכן חורבן, ווי אויך קינדער און אייניקלעך פון יידישע אינטעלעקט־טואַלן און קולטור־טוערס, לערערס און שרייבערס פון יידיש בתוכם. דאָס איז געווען פאַר דער זעקס־טאָגיקער מלחמה אין ישראל, איידער ס'האָבן אויפגעוואַכט נאַציאָנאַלע און קולטורעלע פאַראינטערעסירונגען ביי טייל יונגע יידישע סטודענטן אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, וואָס האָט דערפירט, אין די יאָרן נאָך 1967, צו דער גרינדונג פון סטודענטישע פּובליקאַציעס, אָרגאַניזאַציעס, קאָמונאַלע חבורות, ווי אויך קורסן וועגן יידישן וויסן אין אַ גרויסער צאָל אוניווערסיטעטן. דעמלט איז די גרינדונג פון יוגנטרוף אין 1964 געווען אַן אָריגינעלער אַקט.

ווי אין אַנדערע באַוועגונגען אין אַלע צייטן זענען געווען עטלעכע יוגנטרופניקעס, וואָס האָבן געטאָן ס'רוב פון דער אַרבעט. צום גליק זענען זיי געווען פאַרשיידנאַרטיק טאַלאַנטירט. מע דאַרף דאָ דערמאָנען דעם יונגן איניציאַטאָר פון יוגנטרוף, דעם מאָנטרעאָ־לער דוד־הירש ראָסקעס, וואָס האָט צו 15 יאָר אויסגעחלומט אַ יידישיסטישע יוגנט־באַוועגונג מיט אַן אייגענעם זשורנאַל. אַזוי ווי דאָס לעבן פון דער היינטיקער יוגנט איז ניט קיין איינגעזעסנס, האָט די מיטגלידערשאַפט פון יוגנטרוף זיך געביטן אַלע צוויי־דריי יאָר. ניט מער ווי 5—6 פון די ערשטע מיטגלידער זענען נאָך אַקטיוו היינט. דער וואָס האָט

מיטגעווירקט צו דער סטאַבילקייט פון יוגנטרוף, איז זיין שטענדיקער בעל־יועץ, מרדכי שעכטער. אַן אַן איבעררייס גיט ער זיך אָפּ מיט דער באַוועגונג. ער באַווייזט אַן ערנסטן אינטערעס צו די יוגנטלעכע אָנהייבערס, וואָס קענען צו מאָל ניט אַרויסרעדן קיין פולן זאַץ קאָרעקטן יידיש. ער מונטערט זיי און מוטיקט זיי און באַווייזט די חשיבות פון דער פרייוויליקער אַרבעט לטובת דער יידישער קולטור.

## אַקטיוויטעטן און פּראָיעקטן

אָבער דער עיקר אין יעדער אָרגאַניזאַציע איז די אַקטיוויטעט און די שטימונג — דאָס, וואָס די גרופּע גיט צום אינערלעכן וווּקס פונעם יחיד, און דאָס, וואָס דער יחיד גיט צושטייער דעם קאָלעקטיוו. וויפל הילף אַ יוגנט־גרופּע זאָל ניט קריגן פונעם עלטערן דור, בלייבט די דויערנדיקע ווערט די אַטמאָספער, וואָס די יוגנטלעכע שאַפן אַליין פאַר זיך. ווי קליין דער פאַרנעם זאָל ניט זיין, האָט יוגנטרוף געשאַפן אַן אַדרעס — מסתמא דער איינציקער אויף דער וועלט אין די לעצטע יאָרן — ווו יונגע מענטשן קאָנען זיך מחיה זיין מיט יידיש מיט זייערע מיטצייטלערס. כאָטש מע קאָן דאָס ניט קוואַנטיטאַטיוו מעסטן, איז בלי שום ספק דער גרעסטער בייטראַג פון "יוגנטרוף" די פּאָזיטיווע השפּעה אויף אַ סך פון די יונגע־לייט, וואָס זענען היינט אַקטיוו אויפן יידיש־פעלד — אין לערעריי אין קינדערשולן אין אוניווערסיטעטן, אין פאָרשונג פון יידישע לימודים, אין קולטורעלע און געזעלשאַפט־לעכע אָרגאַניזאַציעס, און סתם אין ליבהאָבן און אָפּשאַצן די יידישע קולטור.

די קריטיק פון "יוגנטרוף", וואָס האַלט, אַז די מיטגלידער פאַרנעמען זיך נאָר מיט לינגוויסטישע ענינים און זענען גלייכגילטיק צום יידישן לעבן איז פאַלש. אין די אָנהייב־יאָרן האָבן די מיטגלידער אָנטייל גענומען אין פאַרשיידענע דעמאָנסטראַציעס — פאַרן אָפּשאַפן דאָס פאַרעלטערונגס־געזעץ בנוגע נאַצי־רוצחים, לטובת סאָוועטישע יידן, לכבוד יום־העצמאות — און עטלעכע קאָנפערענצן פון יונגע אַמעריקאַנער יידישע סטודענטן און אַלגעמיינע יידישע קולטור־אסיפות. אפשר איז די באַקאַנטסטע טעטיקייט פון יוגנטרוף די פּיקעטיר־אַקציע פאַרן בנין פונעם "פאָרווערטס" אין ניו־יאָרק, אַפּריל 1970, וואָס מיר ציל איז געווען צו ווירקן, אַז די יידישע פּרעסע זאָל פאַרהיינטיקן איר לבוש און איר תוכן. דער "טאָג־מאָרגן זשורנאַל", וואָס האָט זיך פאַרמאַכט דעצעמבער 1971, האָט דעמאָלט צוגעזאָגט מיטצואַרבעטן מיט די יוגנטלעכע, בנוגע זייערע פאָדערונגען.

שווער צו אַנאַליזירן די ווירקונג פון דער פּיקעטיר־אַקציע אויף דעם "יוגנטרוף" גופא, נאָר באַלד דערנאָך ווען פאַר רעגולערע זיצונגען פון די יוגנטרופניקעס, אויף וועלכע עס ווערן דיסקוטירט יידישע ליטעראַטור־און קולטור־ענינים. די "יוגנטרוף"־לייענקרייזן באַדייטן אַ ווענדונג צו זיך, צו אַנטוויקלען אַן אייגן קולטור־לעבן. כמעט אין דער זעלבער צייט, שאַפט יוגנטרוף פאַרבינדונגען מיט דעם ניי־געשאַפענעם אַלגעמיינעם יידישן סטודענטן־פאַרבאַנד אין די פאַראייניקטע שטאַטן — "נעטווערק" — מיטן סטודענטישן פּרעסעדינסט און מיטן "יידישן סטודענטן־אַפעל". אינטערעסאַנט, וואָס בעת די יידישע־קולטור־אָרגאַניזאַציעס האָבן פאַרזען "יוגנטרוף", אָדער בייגעשטייערט קליינע סומעס געלט, איז דער "יידישער סטודענטן־אַפעל" געוואָרן עד־היום דער איינציקער מקור פון

גרעסערע סומעס געלט פאַר "יוגנטרוף". אויסער דעם באַקומט "יוגנטרוף" ביישטייערונגען פון געטרייע יחידים.

אין די אָנהייב־יאָרן זענען די עיקרדיקע צונויפטרעפן פון "יוגנטרוף"־מיטגלידער געווען די געשעפט־און פלאַניר־זיצונגען, וואָס זענען ניט פאָרגעקומען רעגולער. דערצו האָט מען אָרגאַניזירט גרעסערע יערלעכע צוזאַמענפאָרן אין ניו־יאָרק, בעת דער ווינטער־וואַקאַציע. כאָטש די געווינטלעכע אַקטיוויטעטן האָבן זיך באַגרענעצט צו יוגנטלעכע, האָט מען בעת די צוזאַמענפאָרן אָרגאַניזירט אַן עפנטלעכע סעסיע פאַר מענטשן פון אַלע יאָרן מיט אַ גאַסט־רעדנער — אַ יידישן שרייבער, פּעדאַגאָג, פאָרשער, כלל־טוער — ווי אויך אַן אינטערעסאַנטן סימפּאָזיום און אַ מוזיקאַלישער פּראָגראַם. די סימפּאָזיומס פון די יוגנטרופיסטן באַהאַנדלען אָפט קאָנטראָווערסיאַלע צייטפראַגן, למשל די תקנות פון דער "יוגנטרוף"־באַוועגונג, דעם ניווא פון יידישן טעאַטער אָדער יידישער פרעסע, דאָס אָרט פון יידיש צווישן דער אוניווערסיטעטישער יוגנט, אָדער דעם ריס צווישן ישראל און די תפוצות.

אין די פאַרגאַנגענע 5—6 יאָר האָבן גרופּעס פון "יוגנטרוף" זיך געטראָפן רעגולער אין באָסטאָן, ניו־יאָרק, ירושלים, פילאַדעלפיע, שיקאַגאָ, סטענפאָרד, קאַליפאָרניע, וויניפעג, מאָנטרעאָל. די רעגולערע אַקטיוויטעט פון אַ יוגנטרוף־קאָמיטעט איז מייִנסטנס באַשטאַנען אין דעם וואָס אַ "יוגנטרוף"־אַקטיוויסט האָט אָרגאַניזירט אַ לאָקאַלע גרופּע אין וועלכער ס'איז שטאָט אָדער אוניווערסיטעט. דורך לייענען פאַרשיידענע ווערק בציבור האָבן די מיטגלידער ניט נאָר זיך באַקענט מיט דער יידישער ליטעראַטור, נאָר אויך מיט פּראָבלעמען פון יידישער קולטור און יידישן לעבן. די פּראַקטיק איז געווען פאַרשיידנאַרטיק: בעת ניו־יאָרק האָט געלערנט וועגן ווילנער אונטערוועלט פון אברהם קאַרפּינאָוויטש, האָט ירושלים אויפגעפירט קאַציזנעס "דער דוכס" און פילאַדעלפיע האָט געלייענט די אַנטאָלאָגיע "דרום־אַפריקאַניש".

נאָר דאָס כאַראַקטעריזירן די לאָקאַלע גרופּעס ווי לייענקרייזן גיט ניט קיין יושרדיק בילד. פאַר אייניקע מיטגלידער איז אַ "יוגנטרוף"־זיצונג דאָס איינציקע אָרט צו רעדן יידיש און הערן אַ יידיש וואָרט. די צונויפטרעפונגען זענען אָפט קערמעשלעך און פּיקניקן, ווו מע זינגט און מען טאַנצט, מען עסט און מען טרינקט, אָדער מען פראַוועט יום־טובים צוזאַמען. דערצו פאַרבעטן די מיטגלידער צו זיך כלערליי פערזענלעכקייטן פונעם עלטערן דור — מע שליסט זיך ניט אויס פון דער הייִנטצייטיקער יידישער געשיכטע און יידישן קולטור־לעבן. איך געדענק גוט דעם אָוונט, ווען איך בין געפאָרן פון פילאַדעלפיע קיין ניו־יאָרק בייצווויינען דעם צונויפטרעף מיט אסתר ראָזענטאַל־שניידערמאַן. אַ גרופּע פון 40—50 איז דעמאָלט געזעסן אויפן דאַך פון אַ הויכן בנין אין אַ הייסן זומער־אָוונט, זיך צוהערנדיק געשפּאַנט צו די זכרונות וועגן די עליות און ירידות פונעם יידישן לעבן אין ביראָבידזשאַן. אַזאַ אָוונט אויף יידיש פאַר יוגנטלעכע וואָלט קיין אַנדער אָרגאַניזאַציע ניט אַראַנזשירט, און מיט אַזאַ פּראָגראַם וואָלט זיך ניט געקאָנט פאַרנעמען קיין ענגליש־רעדנדיקע יוגנט־גרופּע. פון דעם איז שווין צו זען די יחיד־במינודיקייט פון "יוגנטרוף" פאַר די יונגע געניסערס. פון דער אַנדערער זייט קען "יוגנטרוף" באַרייכערן דאָס אַלגע־מיינע קולטור־לעבן. אין מיין שטאָט, פילאַדעלפיע, למשל, איז די יידישע קולטור־

אַקטיוויטעט אַזוי פֿאַרערמט, אַז מע פֿאַרבעט גאָר זעלטן שרײַבערס פֿון דער שכניתדיקער ניו־יאָרק. נאָר דער פֿילאַדעלפֿיער "יוגנטרוף" האָט געקאָנט צוציִען אין איין סעזאָן אי דעם רעדאַקטאָר און פּעדאַגאָג שמואל ראָזשאַנסקי, אי דעם זשורנאַליסט און שרײַבער זלמן וואַסערצוג — ביידע אַזש פֿון בוענאָס־איירעס.

"יוגנטרוף" באַווײַזט, אַז ייִדיש איז אין שטאַנד צוציִען יונגע מענטשן און זיי סטימולירן צו שאַפֿן אין ייִדיש. דער "יוגנטרוף"־אַנסאַמבל האָט פֿונקציאָנירט פֿון 1967 ביז 1970 און האָט אויפֿגעפֿירט גאָר הצלחהדיקע מוזיקאַלישע פֿאָרשטעלונגען, יוגנטרוף איז ממשיך די מוזיקאַלישע טעטיקייט און קלײַבט זיך איצט אַרויסצוגעבן אַ דיסק פֿון ייִדישע לידער, נײַ־געשאַפֿענע פֿון יוגנטלעכע. אין פֿאַרשיידענע ערטער האָבן "יוגנטרוף"־מענטשן אָנגעפֿירט מיט דראַמאַטישע און ליטעראַרישע פּראָגראַמען אויף ייִדיש, און אַ מאָל צווײ־שפּראַכיקע, און אַפֿילו דרײַ־שפּראַכיקע. מיט אַ יאָר צוריק האָט מען אויסגעבריייטערט דעם האָריזאָנט מיט דער שאַפֿונג פֿון אַ ווידעאָ־פּראָגראַם. דאָס איז אַ טייל פֿון אַ פּראָגראַם אַרײַנצופֿירן יונגע ייִדישע סטודענטן אין דער וועלט פֿון ייִדיש. יוגנטרוף האָט אויך אָפּגעדרוקט דעם וועגווײַזער מקורים און מאַטעריאַלן: צו הילף דעם ייִדיש־לערנער. יוגנטרופֿיסטן פֿאַרקויפֿן נאָך דעם זשעטאָן מיט די ווערטער "רעדט מיט מיר ייִדיש" און דאָס העמד מיטן וואָרט "ייִדיש". ניט נאָר זיי שעמען זיך ניט די "יוגנטרופֿיסטן" צו טראָגן "ייִדיש" אויפֿן האַרצן, נאָר אייניקע אַקטיוויסטן פּראָטעסטירן קעגן די באַליידיקונגען פֿון ייִדיש מיט בריוו אין די רעדאַקציעס פֿון כלערליי זשורנאַלן. "יוגנטרוף" קעמפֿט אויך דערפֿאַר, מען זאָל אײַנפֿירן ייִדיש ווי אַ לימוד אין ייִדישע שולן און אין אוניווערסיטעטן.

אַ גוטער סימן וואָס באַווײַזט, אַז "יוגנטרוף" האָט אַ צוקונפֿט זענען די נײַע פּראָיעקטן פֿון גרויסן פֿאַרנעם. דער וויכטיקסטער איז דער "שליח־פּראָיעקט". אין שוליאָר 1975—1976 איז די ערשטע שליחטע פֿאַר ייִדיש, שבע צוקער, אַרומגעפֿאָרן איבער אוניווערסיטעטן און יוגנט־גרופּעס אין די פֿאַראייניקטע־שטאַטן און קאַנאַדע. איר אָנזאָג צו יונגע ייִדן איז, אַז ייִדיש לעבט און קען זײַן אַ שיינער טייל פֿון זייער לעבן. דער פּראָיעקט האָט ווי אַ ציל צו אינפֿאָרמירן סטודענטן אין כלערליי מקומות וועגן ייִדיש — וועגן דער ראָלע פֿון ייִדיש אין ייִדישן לעבן, וווּ און ווי אַזוי מע קאָן זיך לערנען ייִדיש, ווי צו שאַפֿן אַ ייִדיש־קלוב, אאַז"וו. דער גאַנצער פּראָיעקט איז פֿינאַנסירט פֿון דער פֿונדאַציע פֿאַר אַ לעבעדיקן ייִדיש א"נ יהודה זעליטש ע"ה, אַ לאַנגיאָריקער שטיצער פֿון "יוגנטרוף". אין שײַכות מיטן פּראָיעקט האָט מען געשאַפֿן אַ באַזונדערן צענטער, וואָס וועט ענטפֿערן אויף אָנפֿראַגעס וועגן ייִדיש און וועט שאַפֿן און פֿאַרשפּרייטן פּאַסיקע מאַטעריאַלן.

## דער זשורנאַל יוגנטרוף

כאָטש די אַקטיוויטעטן פֿון יוגנטרוף בײַטן זיך, האָבן די הײַנטיקע אָנפֿירערס נישט געענדערט זייער שטעלונג צו דעם זשורנאַל יוגנטרוף. מע האָט באַשלאָסן פֿון סאַמע אָנהייב אַרויסצוגעבן אַ לייטישן זשורנאַל אין גאַנצן אויף ייִדיש־לשון, שײַן אָפּגעדרוקט, ניט מימיגראַפֿירט, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען די פֿאַרשיידענע מחשבות פֿון יונגע ייִדיש־ייִדן. די גאַנצע אַרבעט פֿון שרײַבן, רעדאַקטירן און צונויפֿשטעלן איז אין די הענט פֿון אַ רעדאַ־

קציע־קאָלעגיע פון "יוגנטרוף"־מיטגלידער. "יוגנטרוף" איז ניט נאָר אַ סטימול פאַרן יונגן שרייבער אויף יידיש, נאָר אויך דער אָרגאַן, וואָס גיט באַריכטן וועגן די אַקטיוויטעטן פון די יונגע אוהבי־יידיש. מע קען ניט דערוואַרטן, אַז ס'רוב פון די מיטאַרבעטערס זאָלן האָבן ליטעראַרישע אַמביציעס, נאָר מע זעט, ווי יידיש, וואָס איז ניט זייער ערשטע שפּראַך, ווערט אַ מיטל אויסצודריקן זייערע אינטימע געפילן. אַ מוסטער פאַרן יונגן לייענער און שרייבער. אַ באַווייז פון דער וויכטיקייט פונעם זשורנאַל פאַרן "יוגנטרוף" איז וואָס מע גיט אויס אַן ערך דריי־פערטל פונעם געלט, וואָס יוגנטרוף באַקומט, אויף דער פּערטליאַר־שריפט.

בלעטערנדיק די שוין־געדרוקטע 35 נומערן זעט מען, אַז די טעמאַטיק און די צאָל מיטאַרבעטערס האָט זיך פּראָגרעסערט אין די פאַרגאַנגענע 5—6 יאָר. דאָס פאַלט זיך צונויף מיט דער צייט ווען סטודענטן, פון די ניי־געשאַפענע יידיש־קורסן אין אוניווערסי־טעטן און פון דער זומער־פּראָגראַם א"נ אוריאל ווייַנרייך אין קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט האָבן אָנגעהויבן פאַרנעמען אָפּט דעם אָרט פון יידיש־קענערס פון דער היים און פון די יידישע שולן.

יוגנטרוף איז אויך ניט געבליבן גלייכגילטיק צו די צייטפראַגן אויף דער יידישער גאַס. פון 1968 אָן געפינט מען אויף די שפּאַלטן פון יוגנטרוף קריטישע באַהאַנדלונגען איבער דעם ניוואָ פון די יידישע זומער־קאָלאָניעס פאַר קינדער, פון פּרעסע און ראַדיאָ, פון יידישן טעאַטער, איבער דעם מצב פון סאָוועטישע יידן, וועגן דעם אַרויסשטויסן יידיש פון די אַרגענטינער שולן, וועגן דער נייטיקייט פון יידישע טאָגשולן אין די פאַראייניקטע־שטאַטן, אאַז"וו. דערצו זענען אין די פאַרגאַנגענע פיר יאָר אָפּגעדרוקט געוואָרן סימפּאָזיומס מיט פאַרשיידענע מיינונגען וועגן יידישער דערציונג, פאַרבינדונגען פון ישראל מיט די תפוצות, באַציונגען צו פרויען און דער קרובישאַפט פון דער היינטיקער יוגנט צום לעצטן חורבן. אַ מאָל באַווייזט זיך אויף די שפּאַלטן פון יוגנטרוף אַ דערציילונג זעלטנער, אָריגינעלע פּאָעזיע. להיפוך צו דער אַלגעמיינער יידישער ליטעראַטור, איז דער זשאַנער פּאָעזיע צום וויניקסטן רעפּרעזענטירט אין דעם יוגנטרוף. ס'איז ווערט זיי דערמאָנען די אַרומנעמיקע באַהאַנדלונגען וועגן דער געשיכטע פון יידישן פילם, וועגן דער שרייבער־גרופּע "יונג־ישראל", ווי אויך די זכרונות וועגן מאַקס ווייַנרייכן.

לעצטנס האָט מען אין זשורנאַל געשאַפן אַ רובריק "בכורים" פאַר די שאַפונגען פון די סטודענטן וואָס האָבן זיך געלערנט איין יאָר יידיש אין אוניווערסיטעט. דאָס איז אַ וויכטיקער אויפטו פאַר דער המשכדיקייט פון דער יידישער קולטור. דער טיראַזש פון "יוגנטרוף" איז בערך 2400, בתוכם 600 פאַר יוגנטלעכע.

## פּראָבלעמען און פּערספּעקטיוון

שטודירנדיק די אַלע נומערן פונעם זשורנאַל, ווערן קלאָר די דורכפאַלן פון דער באַוועגונג. די אַדרעסן פון די מיטאַרבעטערס אין די ערשטע יאָרן נעמען אַרום ניו־יאָרק, מאָנטרעאָל, בוענאָס־איירעס און ירושלים. אָבער ביזן נומער 14 קען מען אויך געפינען ריאָ, פּאַריז, רעסיפאַ, ווילנע, יפו און מעקסיקע, וועלכע מען געפינט ניט שפּעטער. די שטרעבונג נאָך

אַלוועלטלעכקייט איז דורכגעפאַלן. די קרובישע גרופּעס אין בוענאָס־איירעס און סידניי האָבן ניט לאַנג געלעבט און די באַוועגונג איז געבליבן אַ ניו־יאָרקער מיט קלענערע גרופּעס פון צייט צו צייט אין אַנדערע ערטער ווו סע געפינט זיך אַן אַקטיוויסט. אַזוי איז איינגעשרומפּן געוואָרן די פילפאַרביקייט פון די אַקטיוויטעטן.

דער יסוד אַנצונעמען מיטגלידער פון אַלערליי איבערצייגונגען טיילט אויס ״יוגנטרוף״ פון כמעט אַלע עלטערע יידישע אָרגאַניזאַציעס אין ניו־יאָרק, וועלכע האַלטן אַן אַ־מאָליקע מחלוקותן, וואָס אָפט זענען זיי מער ניט אַקטועל פאַרן היינט. ״יוגנטרופיסטן״ פון לינקס און רעכטס, פרומע און פרייע, האָבן באַהאַפטן זייערע כוחות אויף אַן אופן, וואָס דינט ווי אַ מוסטער אויף דער יידישער גאַס. מען האָט זיך אָפּגעהיט פון ווערן אַ יוגנט־פליגל פון אַ מוטער־אָרגאַניזאַציע. די איינציקע לאָיאַליטעט, וואָס פאַרבינדט יוגנ־טרוף־מענטשן, איז די ליבע צו יידיש און צום יידישן לעבן.

פון מיין אייגענער פּערספּעקטיוו פון דער צוועלף־יעריקער ״יוגנטרוף־געשיכטע, קאָן איך קלאָר זען די אויפטוען פון ״יוגנטרוף״. אין אַ גרויסער מאָס אַ דאַנק יוגנטרוף האָב איך זיך פאַראינטערעסירט מיט דער יידישער ליטעראַטור. ״יוגנטרוף״ האָט דערפירט, אַז איך זאָל רעדן יידיש. דורך קאָרעספּאָנדענץ און רעדאַקציע־אַרבעט האָב איך געלערנט צו וועלן שרייבן אויף יידיש — געוויינטלעכע בריוו, כלערליי אַרבעטן און אַפילו די אינ־טימסטע געדאַנקען, וואָס איך רעזערוויר נאָר פאַר זיך, שרייב איך נישט אויף ענגליש, מיין ערשטער שפּראַך. דאָס באַווייזט די השפּעה פון ״יוגנטרוף״ אויף דעם יחיד.

די אַקטיוויטעטן פון ״יוגנטרוף״ אין די פאַרגאַנגענע צוועלף יאָר שטעלן מיט זיך פאַר אַ גאָר פּאָזיטיוון רעקאָרד. די טראַדיציע פון אַנהייבן נייע פּראָיעקטן, בעת מען פאַרבעסערט די פאַראַנענע וועט מעגלעך מאַכן, אַז ״יוגנטרוף״ זאָל געבן זיין צושטייער ביים געניסן פונעם עשירות פון יידיש.

*

## ד. ספּאַרד

# אויפֿן ראַנד פֿון הערש סמאָליאַרס בוך "פֿון אינעווייניק"

## (זכרונות וועגן דער יעווסעקציע)

אויפֿן הויך־פּונקט פֿון דער פּיראַמידע פֿון אַלע פּיין־און מאַרד־תּקופֿות אין דער געשיכטע פֿון סאָוועטישן יידנטום ווערן פֿיל קלאָרער די פֿאַרשידענע וועגן, וועלכע האָבן געפֿירט צום טראַגישן סוף. דאָך די סטראַטעגיע און דעם פּלאַן פֿון מאַרש איבער די וועגן מצד די קאָמוניסטישע מנהיגים בכלל און מצד סטאַלינען און זיינע נאָכפֿאָלגער בפֿרט, זעט יעדער איינער אויף זיין אופֿן. איך מיין, אַז ס'וואָלט געווען פֿאַלש אויסצוטיילן אַבסאָלוט די יידן פֿון אַלע קליינע פֿעלקער אין ראַטנפֿאַרבאַנד, כאָטש אין באַצוג צו די יידן האָט אויסער די יסודותדיקע פּרינציפּן פֿון דער קאָמוניסטישער נאַציאָנאַליטעטן־פּאָליטיק, — אויך געווירקט אָן שום ספֿק די יידן־שנאה, וועלכע האָט עקזיסטירט אין ראַטנפֿאַרבאַנד פֿון סאַמע אָנהייב ביז היינט. די דאָזיקע פּאָליטיק, וועלכע איז אין תּוך מלכתּחילה געווען איינגעשטעלט אויף פֿעלקער־ליקווידאַציע, האָט באַקומען איר קלאָרן פּראַקטישן אויסטייטש דורך דעם "פּעיקן" גרוזין נאָך אין יאָר 1913 און דורך אים אויך בהדרגהדיק פֿאַרווירקלעכט געוואָרן מערסטן טייל אין אַזעלכע פֿאָרמען, וועלכע האָבן פֿאָרויסגעזאָגט די עפּאָכע פֿון די "ענדגילטיקע לעזונגען", אָנגעווענדטע אַ ביסעלע שפּעטער דורך היטלערן און דורך אים גופֿא.

די סטאַלינישע טעאָריע וועגן דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע, וועלכע איז אויסגעטיילט געוואָרן לשבח אויך דורך לעגינען, באַשטייט פּאַקטיש אין אויסענדיקן אַלע פֿעלקער — די גרויסע, ווי די קליינע — און דער שעפֿער פֿון דער טעאָריע האָט ביי זיין לעבן נאָך באַוויזן דורכצופֿירן נישט ווייניק בלוטיקע עקספּערימענטן אויף דעם געביט. נאָר דער כיטרער גרוזין האָט פֿאַר די גרויסע, אָדער אַפֿילו קלענערע, נאָר איינגעזעסענע פֿעלקער, נישט געשטעלט קיין טערמינען. פֿאַרקערט, ער האָט זיין טעאָריע באַגלייט מיט אַ טעטיקייט, וועלכע איז אָפֿיציעל געווען געווענדעט אין אַ פֿאַרקערטער ריכטונג, די וועלט זאָל זען, ווי פֿעלקער לעבן זיך אויס נאַציאָנאַל אין סאָוועטישן גן־עדן, בלויז הינטן אַרום האָט מען דאָ און דאָרט אַ ריס געטאָן די וואָרצלען, פֿאַרשיקט, דערמאָרדעט נאַציאָנאַל־שעפֿערישע אינטעליגענץ, פֿאַרמאַכט נאַציאָנאַל־שפּראַכיקע שולן, פֿאַרשיקט, אָדער דערשטיקט נאַציאָנאַלע לערער־קאַדרען — נישט חלילה מחמת זייער נאַציאָנאַלער אַרבעט

פאַר זייער פּאָלק, נאָר מחמת זייער "פאַרקריפּלען" כלומרשט די דאָזיקע אַרבעט, אָדער גאָר מחמת מאַנגל פון אַזאַ אַרבעט. די פּערפידיע איז געוואָרן דער אָפיציעלער מעטאָד אין יעדער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, און אַ נאָמען האָט מען דעם געגעבן "דיאַלעקטיק" — אַ כישוף־וואָרט אין די קאָמוניסטישע לענדער, מיט דער הילף פון וועלכן מען קאָן מטהר זיין יעדן שרץ בק"ן טעמים.

אָבער דאָך איז דער ענין נישט צוגעגאַנגען לייכט. מען האָט באַדאַרפט טייל מאָל דרייען מיט דער צונג, טייל מאָל אויך מיטן מוח. דער בלוטדורשטיקער טיראַן האָט פאַרשטאַנען שוין פון גאָר, גאָר לאַנג, אַז דער עקספּערימענט פון ליקווידירן אַ פאָלק וועט זיך לאָזן דורכפירן צום לייכטסטן אויפן יידישן פאָלק צוליב זיין צעשפּרייטקייט און שוצלאָזיקייט, און אויך אַ דאַנק דער "נוצלעכער" אַנטיסעמיטישער ירושה נאָך פון די צאַרישע צייטן.

לגבי די יידן איז אויך אַנגעווענדעט געוואָרן דער זעלבער "דיאַלעקטישער מעטאָד" פון "איין טראָט פאָרויס און צוויי טריט צוריק", נאָר דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין אַ שנעלן טעמפּ. אין סאַמע אָנהייב האָט מען מיט אַ ברייטער האַנט געגעבן שולן, קלובן, טעאַטערס, צייטונגען, זשורנאַלן, פאַרלאַגן, אינסטיטוטן, טעכניקומס און אַפילו "קאָלאָניעס", אָבער באַלד האָט מען אָנגעהויבן צו נעמען אַלץ צוריק צוזאַמען מיט די אָנפירער, עס זאָל שוין קיינעם קיין מאָל מער זיך נישט גלוסטן אַזעלכע נאַציאָנאַלע לוקסוסן און כדי אויך אַנדערע מינדערהייטן זאָלן זיך אַראָפּנעמען פון זיי אַ ביישפּיל. צוויי טאַקטישע פּאַראַלעלע ליניעס, וואָס פריער הייבט זיך איינע אָן באַוועגן מיט שווונג אין דער ריכטונג פון אַ רייך נאַציאָנאַל אויסלעבן זיך, און די צווייטע — אין דער פאַרקערטער ריכטונג — קוים, קוים. און באַלד דער נאָך דרייט זיך איבער דאָס רעדל. די ערשטע באַוועגט זיך אַלץ שוואַכער, ביז זי הייבט אָן אין גאַנצן צו גוססן, און די צווייטע הייבט אָן זיך צו באַוועגן מיט דער פולער שנעלקייט.

די גאַנצע פאַרברעכערישע סטאַלינישע טעכניק צו פאַרלענדן קודם־כל דאָס יידישע פאָלק איז טאַקע געוואָרן קלאָרער צום סוף פון דער מאַקאַברישער טראַגעדיע. אָבער ווי אַזוי די יידן גופא, וועלכע מען האָט פּערפיד אָוועקגעשטעלט דורכצופירן די דאָזיקע טראַגישע שפּיל, ווי זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן דערצו און צווישן זיך, וועגן דעם דערציילט אונדז "פון אינעווייניק", דער אַקטיווער מיט־באַטייליקטער אין דעם פּראָצעס אין זיינע זכרונות וועגן דער "יעווסעקציע" הערש סמאָליאַר.

הערש סמאָליאַר האָט דורכגעמאַכט אויף זיין אייגן לייב אַלע עטאַפּן פון סאָוועטישן קאָמוניזם ביז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. אָן שום ספק זעען זיך גאָר אַנדערש אַלע אַמאָליקע צייטן אין זייער סך־הכלדיקן שענדלעכן סוף. דאָך צווייפל איך, צי עס זענען פאַראַן נאָך אַזעלכע, ווי הערש סמאָליאַר, וועלכע זאָלן

האָבן דורכגעגאַנגען דעם דאַזיקן גאַנצן וועג און זאָלן זיין מסוגל צו דערציילן וועגן אים אַזוי דייטלעך, קלאָר און פּלאַסטיש מיט אַלע פּרטים און כאַראַקטעריס־טישע דערשיינונגען.

געוויס שילדערט סמאָליאַר די אַלע געשעענישן, צווישנבאַציונגען, קאָנפליקטן און אידעאָלאָגישע שטרייטן אינערהאַלב דער יידישער סאָוועטישער געזעלשאַפט, לויט ווי ער זעט זיי היינט און נישט ווי ער האָט זיי אויפגענומען אַמאָל. אָבער די עיקרדיקע, יסודותדיקע איינשטעלונגען פון די יידישע קאָמוניסטן אין ראַטנ־פאַרבאַנד, זייער אויפגעצווונגענער דורך די באַדינגונגען לעבנסשטייגער, זייער מאָראַלישער און פּסיכישער צושטאַנד, וועלכע סמאָליאַר האָט אַרויסגעהויבן אין זיינע זכרונות און באַפעסטיקט מיט קאָנקרעטע פאַקטן, ווי אַן עד־ראיה און אויך פון אייגענע איבערלעבונגען, קאָן מען פאַראַלגעמיינערן אין אַזאַ אָדער אַנדערער פאָרם פאַר די יידישע קאָמוניסטישע סביבות אין אַלע קאָמוניסטישע לענדער.

אַזוי זעט הערש סמאָליאַר, אַז „אין גרונט קאָן מען די שיידליניע געפינען (ביי די יידישע קאָמוניסטן) צווישן די, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף טאָן „יידישע אַרבעט“ כל־זמן ס'איז פאַראַן אַ פּראַקטישע נויטווענדיקייט, און יענע, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף אַלץ טאָן, כדי וואָס מער אויסברייטערן די „יידישע אַרבעט“, נישט בלויז „באַדינען“ מיט איר לויט דער קאָנקרעטער נויטווענדיקייט — נאָר סטימולירן, אַריינציען וואָס מער יידישע האַרעפּאַשניקעס אינעם פּראָצעס פון מאַקסימאַלן אַנטוויקלען אַלע געביטן פון סאָציאַל־פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און קולטור־לעבן, ווי גלייכבאַרעכטיקטע מיט אַנדערע סאָוועטישע פעלקער. („פון אינעווייניק“ ז. 260)

די דאָזיקע שיידליניע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די יידישע קאָמוניסטן אומע־טום און אין אַלע צייטן, אין די אומלעגאַלע, ווי אין די צייטן פון שטיין ביי דער מאַכט, אין ראַטנפאַרבאַנד און אין די „פאָלקס־דעמאָקראַטישע“ מדינות, ווי אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

אומעטום און שטענדיק איז אין דער סביבה פון די יידישע קאָמוניסטן אַנגע־גאַנגען אין דער הינזיכט אַן אינערלעכער געראַנגל, וועלכער האָט אין הסכם מיט די באַדינגונגען אָנגענומען פאַרשידענע פאָרמען — פון חברשע, כאַטש פאַרביסענע וויכוחים ביז העסלעכע מסירות.

דער דאָזיקער אינערלעכער געראַנגל גייט אויך אַדורך ווי אַ רויטער פאָדעם די זכרונות פון הערש סמאָליאַר וועגן דער „יעווסעקציע“. סמאָליאַר שילדערט דעם דאָזיקן געראַנגל מיט אַלע פּרטים, מיט אַלע קנייטשן, אויף אַלע פאַזן פון זיין אַנטוויקלונג, און ער שילדערט אויך זייער בולט די אָנטיילנעמער אין דעם געראַנגל, וואָס מאַכט לעבעדיקער און איבערצייגנדיקער זיין פאַרלויף. סמאָליאַר

הייבט אַרויס דערביי זייער פיל מאָל, ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן און דורך פאַרשידענע קאָנקרעטע פאַקטן די נשמה־צעשפּאָלטנקייט פון דער מערהייט יידישע טוער, וועלכע האָבן געטראַכט איינס, געזאָגט אַ צווייטס און געטאָן גאָר עפּעס אַנדערש, ווי אויך זייער שווערע, קאָמפּליצירטע און סכנהדיקע אַרבעט, כדי צו ראַטעווען פון דער יידישער קולטור און פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן וואָס עס לאָזט זיך.

פאַרשטייט זיך, אַז יידישע קולטור און יידיש־געזעלשאַפטלעך לעבן, ווי זיי האָבן עס באַנומען, אין הסכם מיט זייער וועלט־אַנשויונג.

מיט דער דאָזיקער פּרטיותדיקער און רעליעפער שילדערונג פון דעם פּסיכישן צושטאַנד פון די יידישע סאָוועטישע טוער גרייפט אָן סמאָליאַר צוויי כמעט קעגנזעצלעכע מאָמענטן:

די צביעות פון טראַכטן אַנדערש, זאָגן אַנדערש און טאָן גאָר עפּעס אַנדערש, וועלכע האָט זיך איינגעבירגערט אין דער סאָוועטישער געזעלשאַפט בכלל מחמת דעם הערשנדיקן פּחד און טעראָר און איז געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון לעבנס־שטייגער אין אַלע קאָמוניסטישע מדינות.

צוויי, די סכעמאַטישע, סימפּליצירטע און איבערפלעכלעכע שטעלונג פון זייער פיל צו דער יידישער געזעלשאַפטלעכער און קולטור־אַרבעט פון דער "יעווסעקציע" און נישט נאָר פון איר, נישט זעענדיק די מאַסקירטע און גלייכצייטיק סכנה'דיקע אַנשטרענגונגען און אויך נישט די אינערלעכע טראַגישע געראַנגלען אָפּט אין איין און דער זעלבער פּערזאָן. די דאָזיקע שטעלונג איז דורכויס אַהיסטאָריש. זי איז נישט מסוגל איינצושליסן דאָס ביז גאָר אינטערעסאַנטע און באַלערנדיקע קאַפּיטל פון סאָוועטישן יידנטום אין דער אַלגעמיינער טראַגישער געשיכטע פון יידישן פאָלק.

אין שייכות מיט דעם נאָר וואָס געזאָגטן דאַרף מען ספּעציעל אונטערשטרייכן דאָס היסטאָריש־ריכטיקע און באַלערנדיקע פאָרוואָרט צו די "זכרונות" פון פּראָפ' מתתיהו מינץ, וועלכער ווייסט צו אונטערשיידן אין דער טעטיקייט פון סאָוועטישן יידנטום בכלל און פון דער "יעווסעקציע" בפרט סיי דאָס אויפגעצוווּנגענע, צייט־ווייליקע, נאַציאָנאַל־פאַרלייקנדיקע און סיי, דאָס נאַציאָנאַל־המשכדיקע, וואָס זיי האָבן אַנגעהאַלטן אין די שווערסטע באַדינגונגען, מאַסקירט אונטער פאַרשידענע פאָרמען.

נאָר אַזאַ היסטאָריש־אָביעקטיווער צוגאַנג קאָן זיין פרוכטבאַר פון פאַרשערישן שטאַנדפּונקט און נאַציאָנאַל נוצלעך.

הערש סמאָליאַר ברענגט אַרויס אין זיינע זכרונות נאָך איין ביז גאָר אינטערעסאַנטן מאָמענט; דאָס איז די שטילע בענקשאַפט פון די סאָוועטישע יידן און אויך פון פיל סאָוועטישע יידישע טוער נאָך אַ "יידישער היים" ווו עס זאָל דער־

מעגלעכט זיין אַ מער ווייניקער זעלבשטענדיק יידיש־געזעלשאַפטלעך און קולטור־לעבן. די דאָזיקע בענקשאַפט שילדערט סמאָליאַר אין זיינע "זכרונות" ביי פאַר־שידענע געלעגנהייטן אונטער דער מאַסקע פון באַוואָפּענען אַלע אַקטיוויסטן פון דער "יידישער אַרבעט" מיט אַ באַשטימטן ציל.

דאָס איז נאַטירלעך פאַרבונדן מיט דעם קאַמף פון אייניקע פאַר יידישער קולטור נישט בלויז "אין דינסט" פון באַשטימטע אַלגעמיינע פּראַקטישע ענינים, נאָר אַן און פאַר זיך. סמאָליאַר שילדערט דעם דאָזיקן מאָמענט פון בענקשאַפט, וועלכער איז כמעט ביי אַלע אויף דער לונג און ביי אייניקע אויך אויף דער צונג, זייער פאָרזיכטיק און דיסקרעט אין הסכם מיט יענע באַדינגונגען, דאָך אונטער־שטרייכנדיק כסדר זיין פּסיכאָלאָגישע און פּראָפּאַגאַנדיסטישע באַדייטונג.

סמאָליאַר מיינט אויך, אַז דער מאָמענט האָט דעצידירט וועגן סטאַלינס טויט־אורטייל אויף דער גאַנצקייט פון דער יידישער אַרבעט און אירע שעפער און טוער, ווייל דער דאָזיקער מאָמענט האָט קאַטעגאָריש פאַרניינט זיין גאַנצע טעאָריע וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע און איר קעגנגעשטעלט דאָס שטאַרקע געפיל פון יידישער געמיינזאַמקייט און קעגנזייטיקער פאַרבינדונג איבער שטח און צייט.

דאָס לייגט זיך אויפן שכל, אָבער עס איז זיכער נישט די איינציקע סיבה פון אַלע זיינע מאסן־רציחות.

אין כאַראַקטער פון אַן אַלגעמיינער באַמערקונג דאַכט מיר, אַז שילדערנדיק זייער בולט און געדיכט די שווערע גייסטיקע און פיזישע איבערלעבונגען פון יענע יאָרן, ספּעציעל אין דער יידישער סביבה, דאָס גלייכן די אַלגעמיינע פאַר־ליגנערישקייט און זעלבסטפאַרלייקענונג, האָט הערש סמאָליאַר אין פאַרגלייך דערמיט דורכגעלאָזט אויך די התלהבות פון יענע יאָרן פאַר די קאָמוניסטישע אידעען און אידעאָלאָגיע, דעם רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם, די מאָמענטן פון דער־הויבונג און ד.ג. ערשט אַלע מאָמענטן פון יענער צייט צוזאַמען, די פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע, שאַפן נישט בלויז דאָס אמתע און אָביעקטיווע בילד, נאָר קלערן אויך אויף פון וואַנען די מענטשן האָבן דעם כוח געשעפּט אַלץ איבערצוטראָגן.

אָבער די דאָזיקע באַמערקונג נעמט גאָרנישט אָפּ פון דער אויטענטישער חשיבות פון דעם בוך און פון זיין אומגעהייער אינפאָרמאַטיווער און באַלערנדיקער באַדייטונג, וועלכע גייט אַריבער בפירוש די ראַם פון דער בלויז באַשריבענער תקופה. דערצו קומט נאָך צו די רעליעפע און לעבעדיקע שילדערונג פון אַ גאַנצער ריי וויכטיקע פערזענלעכקייטן פון יענע יאָרן, ווי אויך פון וויכטיקע סיטואַציעס און געשעענישן. אַלץ צוזאַמען פאַרוואַנדלט דאָס בוך אין אַן איינציקאַרטיקן קוואַל פון וויסן און פאָרשונג פון יענער אויסנאַמלעכער צייט.

## רבקה כהן

# "דאָס פינפטע ראָד" פֿון מאיר חרץ

ערשט איצט, מיטן דערשיינען פונעם פינפטן לידער־בוך פון מאיר חרץ, אַ בוך מיטן נאָמען "דאָס פינפטע ראָד" (פאַרלאַג "אייגנס", ירושלים 1978) — איז אַראָפּ אַן עול פון דעם דיכטער, איינער פון די סאָוויעטישע עולים, וואָס לעבט די לעצטע זיבן יאָר מיט אונדז אין לאַנד. דער פּחד און די זאָרג ווי אַזוי אַריבערצופירן אַהער אין לאַנד אַריין זיין פּאָעטיש פאַרמעגן האָט ביי אים תחילת אָפּגענומען דאָס זיכערקייט־געפיל און אים אָנגעפילט מיט אַ געוויסן אומרו: איז כדאי די גאַנצע מי? וועט דאָס אים געלונגען? אַ טייל פון די לידער זענען פאַרלוירן געגאַנגען בעת די מלחמה־וואַנדערונגען. אַ דאַנק זיין זכרון, וואָס האָט אים בשעתו גוט געדינט, איז אים געלונגען אַ סך פון זיי צו רעסטאַווּרירן, און אַנדערע ברענגען צו שלמות שוין דאָ אין לאַנד און זיי אַלע איינזאַמלען אין אַ פּרוכטבאַר גערעטע־ניש: פינף בענדער, וואָס מבינים און זאַכקענער האָבן שוין, האָפן מיר, ווי געהעריק אָפּגעשאַצט.

פיר פון די ערשטע אָפּטיילן אינעם בוך וואָס מיר האָבן פאַר זיך, טראָגן די נעמען פון די פיר ביכער, וועלכע זענען פריער דערשינען: "אין פרעמדן גן־עדן", "הימל און ערד", "לידער צו אייגענע", "שטערן אויפן הימל". דער ערשטער באַנד איז דערשינען אין י.ל.פּרץ־פאַרלאַג תל־אביב 1974, דער צווייטער און פערטער — אין פאַרלאַג "אייגנס" ירושלים, 1974 און 1977, און דער דריטער באַנד — אין פאַרלאַג ישראל־בוך תל־אביב, 1975. חוץ די פיר אָפּטיילן אינעם פינפטן באַנד קומען אַריין נאָך צוויי, איינער פון זיי "אָנפאַס און פּראָפיל" — געשטאַלטן פון דער יידישער ליטעראַטור און איין אָפּטייל "דאָס פינפטע ראָד", וואָס איז אויך דער נאָמען פון גאַנצן בוך. מיטן הומאָר וואָס איז אים אייגנטימלעך און מיט באַשיי־דענער באַציונג צו זיין אייגענער שאַפונג שרייבט דער דיכטער אינעם ליד זיינעם וועגן דעם נייעם בוך: "און אַז מען זינקט אין בלאָטע מיטן פערד־און־וואָגן / און טאַקע ביים אַריינפאָרן אין שטאָט, / איז וואָס קאָן העלפן שוין דאָס זינגען און דאָס זאָגן? / איז וואָס קאָן העלפן שוין דאָס פינפטע ראָד? / און אפשר גאָר, ווער ווייסט, קאָן זיין קאַפּויער — / ווו רעדער פיר קריכן ניט אַרויס, / זאָל גאָר דאָס פינפטע ראָד גראָד זיין דער גואל, / וואָס לייזט אונדז פון די טיפע בלאָטעס אויס". וואָס עס זאָל נישט זיין — יעדער וואָס וועט וועלן שרייבן וועגן דער שאַפונג פון מאיר חרץ, איז "דאָס פינפטע ראָד" ביכולת אַרויס־צופירן אים פון לאַבירינט פון די פריערדיקע ביכער: וואָרעם ווי קאָן מען שרייבן וועגן אַזעלכע פינף בענדער און נישט באַוועלן דערביי די אַרומנעמענדיקע פאַרבנרייכע פאַרטיפטע שאַפונג אינעם רוב לידער? אַפילו וועגן איין באַנד איז דאָך נישט מעגלעך אַלץ אויסצושעפּן אין איין אַרטיקל.

## דער באָדן פון אַ קליין לאַנד

לאַמיר באַלד ביים אָנהייב באַצייכענען, אַז וווּנדערלעכע זענען זיי, די לידער פון מאיר חרץ. זיי זענען זינגעוודיק און שפּילעוודיק און פירן אייך אַוועק צו פייזאַזשן און בילדער, צו אַ וועלט פון פאַנטאַזיע און טרוים און צו אַ ווייטערווירקלעכקייט וואָס ווערט פאַר אייך אַנטפּלעקט. רייך איז די וועלט פון אַסאָציאַציעס און זכרונות פונעם דיכטער. דער רוב לידער אין איצטיקן באַנד זענען שוין געשריבן געוואָרן דאָ אין לאַנד, און, וווּנדער איבער וווּנדער: לידער וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין די דרייסיקער און פערציקער יאָרן אינטעגרירן זיך אָרגאַניש מיט די נייע לידער וואָס זענען געשריבן אין די זיבעציקער יאָרן. דאָס איז, ווייזט אויס, מחמת דעם זעלבן מקור פון אינספּיראַציע: דער פייזאַזש, דאָס גרינענדיקע פעלד, פייגל־געזאַנג, די בלויע הימלען ביי טאָג און אין די אויסגעשטערנטע ביי נאַכט, ליבשאַפט צום מענטש, און דער גלויבן אין אַ צוקונפט אַ בעסערע ווי די קעגנוואַרט. אַ גוט געמיט שוועבט איבער דער פּאָעזיע פון חרץ, נישט געקוקט אויף די אומגליקן וואָס האָבן אים געטראָפן פון קינדווייז אָן. דאָס בוך, וואָס מיר האָבן פאַר זיך איז נישט קיין מין שאַפערישער סך־הכל נאָר שטעקט דיך אָן מיטן געפיל פון באַפרידיקט־קייט און פרייד פונעם דיכטער, וואָס האָט זוכה געווען איינצוזאַמלען אין שפּייכלער דאָס שפעדיקע געוועטעניש, און די ווייטערדיקע לידער וואָס וועלן צוקומען וועלן זיין אַ מין צוגאָב פון פּראָצענט צום קרן. וואָרעם די גאָרונג פון דיכטער אין וואָס עס גייט אים דער עיקר, איז: ״מיר ווילט זיך ליד און ברויט, / געזאַנג און לופט און שיין״. אָט דער באַשיידע־נער ווונטש, איז די טעמע וואָס איז איינגעוועבט אינעם רוב פון די לידער.

די וואָרצלען פון מאיר חרץ שטעקן אין די פאַרכישופטע בעסאַראַבער לאַנדשאַפטן, אין איר פרוכטבאַרער ערד, אין דער שאַפערישער מי פון אירע מענטשן. זיין שאַפונג אָטעמט מיט יענע פּאַסטאָראַלע לאַנדשאַפטן וועלכע ער לעבט איבער מיטן גאַנצן וועזן זיינעם, אָנגעזאַפּט מיט גענוס פון זייערע פרוכטבאַרע פעלדער, פון דער איינגעזאַמלטער תבואה אינעם שייער, פון די ריחות פון פעלד און גאָרטן, בליונג און צייטיקע פרוכטן. דאָס אַלץ האָט ער איינגעזאַפּט אין זיין יידיש־דאָרפיש שטעטל מאַרקולעשט. די וואָרצלען פון זיין יניקה האָבן נישט נאָר נישט פאַרוויאַנעט נאָר ווייטער געבליט אין זיין האָרץ, אים געגעבן מוט און כוח אויסצוהאַלטן די געפערלעכסטע פּלאָגן פון לעבן אין די צייטן פון מלחמה און פון די אומקום־פּחדים. בלויז אַזוי קאָן מען פאַרשטיין די קראַפט פון דיכטערס מסוגל זיין אויפצושטעלן פאַר אונדז דאָס שטעטל מיט זיין שטייגער אַזוי ווי עס איז געווען, ווי עס וואָלט אויפגעשטאַנען פון די חורבות און אויף ס׳ניי געלעבט און עס צו שילדערן פאַר אונדז מיט דער זאַפטיקייט פון אַ מאָל, פון זיינע קינדעריאָרן און יוגנט. אויף אַזאַ איינעם קען מען זאָגן די ווערטער פון שאול טשערניכאָווסקי: ״דער מענטש איז נישט מער ווי דער באָדן פון אַ קליין לאַנד, דער מענטש איז נישט מער ווי אַ מוסטער פון זיין היים־לאַנדשאַפט״.

## אויף דער באַסאַראַבער ערד

דאָס ערשטע קאַפּיטל אינעם בוך (״אין פרעמדן גן־עדן״) איז אַ מין חשבון־הנפש פונעם

דיכטער, אַ ביטערער און שאַרפֿער חשבון מיט דער וועלט פֿון דער רעוואָלוציע. דאָ דאַרף דערמאָנט ווערן אַז אינעם וואַרשעווער זשורנאַל פֿון 1962 "יידישע שריפֿטן" (נומער 10) האָט חרצס פֿריינד דער דיכטער יאָסל לערנער, געשריבן אַן עסיי וועגן זיין דיכטונג צו זיין ווערן אַ בן־חמישים, און אין דעם עסיי ברענגט ער די שטימונגען פֿון דיכטער ווי ער האָט זיי אויסגעדריקט ביים אַריינמאַרש פֿון דער רויטער אַרמיי אין זיין באַסאַראַביש שטעטל סוף יוני 1940. יאָ, דער חשבון איז אַן אַלזייטיקער און אָט די אַלזייטיקייט טאָר נישט אויסגעלאָזט ווערן. אויך אין זיינע באַשולדיקונגס־לידער פֿאַרגעסט נישט חרץ דעם ברייטן גרינעם סטעפּ, דעם מקור פֿון זיין אינספּיראַציע, ווען דער טראַקטאָר אַקערט און פֿאַרבט אָפּ די ערד אויף שוואַרץ און דאָס געוויש פֿון די רעדער דערגרייכט מרחקים ווי אַ געזאַנג. זיינע לידער זענען פֿול מיט יענעם גרינעם סטעפּ, וואָס נעמט אים מיט זיין שיינקייט ביים געפֿינען רו אין די היגע ווייכע זאַמדן. פֿון דאַנען קומט ער צוריק מיטן זכרון צו יענעם ווינטער פֿון 1940 ווען צוויי, ער און זיין פֿרוי, זענען אַרויס צוזאַמען אויפֿן יסורים־וועג פֿון די גרויליקע מלחמה־יאָרן, בעת די דאַטע פֿון זייער פֿריערדיקער דער ע רשטער באַגעגעניש ווערט אויסגעקריצט אינעם טיפֿן שניי. דערנאָך קומען טעג פֿון צעשיידונג און טרוימען ווידער צו זיין צוזאַמען. דאָס קליינע אָרעמע הויז, דער גרויסער קלעם און דאָס געשריי נאָך הילף וואָס דערגרייכט נישט צו די פֿאַרשטאָפּטע אויערן פֿון דער אַרומיקער וועלט. פֿון דעמלט איז פֿאַרבליבן אייַנגעקריצט אין זיין זכרון דער זאָץ: "צוזאַמען וועט די לאָסט זיין גרינגער". דעם צוזאַמען האָט אָבער די מלחמה צעשטערט. אין איינעם פֿון זיינע לידער הערט זיך דאָס קול פֿון אַ וועלט אין פֿלאַמען אין וועלכער עס ווערט פֿאַרברענט דאָס יידישע לעבן, אָבער צווישן איין קדיש און צווייטן זוכט דאָס לעבן ווייטער דעם זין פֿון קיום און המשך. אַ ליד געווידמעט זיין אייניקל ברק, וואָס דערשיינט ווי אַ לייכטנדיקער בליץ צו דער פֿרייד פֿון זיינע עלטערן און עלטערנס עלטערן, איז אַ סימבאָל פֿאַרן ווילן צו לעבן און פֿאַרן כוח צום לעבן טראָץ אַלעם. דער דיכטער בענטשט וואָס ער איז געבליבן לעבן: "און איך בין אַריבערגעשפּרונגען דעם טויט / צו דיר מיין טייער לעבן". און ווידער איז ער, ווי דער שטייגער, באַצויבערט שוין פֿון די נייע לאַנד־שאַפֿטן ביי אונדז אין לאַנד: "בלויער הימל, שטילע נעכט, אויפֿגעוועקטע צו בליונג ערד — אַלץ גיסט זיך צוזאַמען אין איין ניגון, אין איין געפֿיל פֿון באַשאַף. מיט זיינע שאַרפֿע חושים פֿילט דער דיכטער דעם צער פֿון דער וועלט, וויטיקט מיט דעם ווייטיק פֿון זיין פֿאָלק אָבער גלייבט אינעם גרויסן ליכט וואָס וועט אויפֿשיינען, דער הימל וועט זיך צעבלויען אין פֿולער טיפֿקייט און די וועלט וועט גערייניקט און געלייטערט ווערן.

## אין תחום פֿונעם שטעטל

די צענטראַלע טעמע אין דער שאַפֿונג פֿון מאיר חרץ איז דאָס שטעטל. דורכן שטעטל, ווי דורך אַ פֿענצטערל, קוקט ער צו דער גאַנצער וועלט. אַ מין הייליקן חוב פֿילט ער לגבי זיין שטעטל — די היים פֿון זיין קינדהייט און יוגנט — און לגבי זיין מאַמען. מיט ביידע איז פֿאַרבונדן זיין באַעוולטע פֿאַריתומטע קינדהייט. אין אַרכיוו פֿון זיינע זכרונות זענען די וואָרצלען פֿון זיין יניקה און שאַפֿערישע אינספּיראַציע. די קראַפֿט פֿון פֿאַעטישער אויס־

דרוק־פעיקייט שטייט אים ביי מיט געטרייען מאָלן דאָס פּנים פון שטעטל ווי עס איז, אויפצוהיטן די אוצרות פון שטייגערלעבן, זיי איינזאַמלען און פאַרהיטן, אַז דאָס אַלץ זאָל חלילה, נישט פאַרמעקט ווערן. דער דיכטער גייט פון טיר צו טיר, פון ווינקל צו ווינקל און זאַמלט איין אין זיינע פּערזן אַלץ וואָס איז ווערט און לאָזט זיך ראַטעווען. אין זיין גרויסער פּאָעמע "מאַרקולעשט" האָט ער געשטעלט אַ לעבעדיקע מצבה פאַר זיין באַליבט שטעטל, וואָס איז פאַר אים אַ מין צענטער פון זיין שאַפערישער וועלט. אָט די וועלט לאָזט ער קומען צום וואָרט מיט זיינע פּאָעטישע אויסדרוקן, ווי למשל "דער הימל איז דעם שטעטלס בלויער דאַך". חרצס שטעטל איז "רייך מיט אָרעמע יידן", און זייער געשיכטע דערציילט ער אונדז מיט זיינע שפּילעוודיקע פּערזן. זיין אידילישער קוק איז נישט פאַרקריפּלט געוואָרן אויך נאָך דעם אַלעם, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט. אָט גייט ער ווידער אַרויס אין דער פרי, "זאַמלט איין דאָס ליכט", די ספּעציפי״שע רויקייט, און "שאַרט זיי צוזאַמען".

דורך זיינע בויטן זעט ער דעם גורל פון דער יידישער משפּחה אין אירע בויטן. דעם דיכטערס פאָטער האָט זיך געלאָזט צורעדן דורך זיין ברודער וואָס האָט אויסגעוואַנדערט אינעם גאָלדענעם לאַנד, האָט פאַרלאָזט זיין מוטער אין איר עגונהשאַפט און פאַריתומט דאָס קינד. מיט וויפל ווייכקייט און ליבשאַפט גלעט דער זון די יידישע מוטער־געשטאַלט, די צעאַקערטע קנייטשן אין איר שיין פּנים. ווי גרויס איז דער כבוד פאַר אירע ביינערדיקע הענט מיט וועלכע זי האָט שווער געהאָרעוועט פאַר איר פּרנסה און פאַר דער אויסהאַלטונג פון איר יונג קינד. וואָס האָט זי אַלץ נישט געטאָן? — האָט געבאַקן ברויט, געקאָכט אין פרעמדע הייזער, צוגעגרייט חתונה־סעודות און בר־מצווהס, אדג״ל. "מיין מאַמע קנעט ביי נאַכט און באַקט ביי טאָג און הונגערט ביי איר אָרנטלעכער וואָג". זי קרעכצט אָבער ווייַנט נישט, כדי נישט איבערצוזאַלצן, חלילה, דאָס ברויט מיט אירע טרערן. האָט מיטגע־שלעפּט מיט זיך איר איינציק ייִנגל צו די מסיבות ווו ער האָט זיך דערנערט פון די רעשטלעך עסן און הנאה געהאַט פון צוזען די טענץ. נישט פיל דיכטער איז אַזוי געלונגען צו שילדערן די מאַמע־געשטאַלט. חרץ איז, אָן ספק, איינער פון די אויסגעצייכנטע אויפן דאָזיקן געביט, באַזונדערס ביים שילדערן דעם צער פון איינזאַמקייט און נידערגעשלאָגנקייט און דעם פּראָצעס פון צעפאַלונג פון דער משפּחה. די לידער דאָ זענען אומעטיק און פול מיט בענקשאַפט צום פאָטער וועלכן ער האָט נישט געקענט. צו דער טעמע פון דער מוטער אין איר אומעט און צער קערט ער זיך אום אויך אינעם לעצטן בוך. אינעם ליד וועגן זיין פעטער שלמה וואָס האָט צוגערעדט זיין פאָטער צו פאַרלאָזן פרוי און קינד און זיך אַוועק־לאָזן אין אַ לאַנד פון געגאַרטע אוצרות, פּרוווט דער דיכטער געפינען אַ הסבר פאַר זיין טאַטנס טאַט דורכן יידישן גורל: "מיין טאַטן האָט דער גורל דער יידישער פאַרטריבן". זיין מאַמען זעט ער ביים ברויט־אויוון, חלומט אויף דער וואָר מיט דער האָפענונג אַז דער מאַן וועט צוריקקומען . . .

פון די חורבות פון זיין האַרץ, ביטערע אַנטוישונגען און גרויס רחמנות צו דער מאַמען, צינדט ער אָן אין זיך פיל ליכטער. דער פרילינג בליט אין אים און עס גייט אויף דאָס געזאַנג פון ליבע צום לעבן און צום באַשאַף, גלויבן אינעם מענטש, אינעם אונטער־וואַקסנדיקן דור, אינעם שיינעם לעבן: "מיט אַ ליבשאַפט צו דער וועלט / און צו יעדער שטיקל פעלד / מיט אַ שמייכל צו דער גאַס און צו יעדן פרישן גאַסט". פאַר יעדן נייעם

ליד פילט ער אַ הייליקן ציטער: „איך שטיי פאַר אַ ליד פאַר אַ נייעם / ווי פאַר אַ לויטערן קוואַל / צי וועט מיר די לויטערקייט סטייען? צי וועט מיר געלונגען בכלל?".

## די שטערן זענען געבליבן

נאָך דער מלחמה קומט דער דיכטער צוריק צו זיין חרובער היים מיט פרוי און קינד, קומט אויך אין שטעטל כדי צו פאַרהיילן די וווּנדן פון זיין מוטער. דאָס שטעטל איז אָבער חרוב און די מאַמע איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די קינדער פון דער גאַס, וועלכע זי האָט ליב געהאַט. וואָס איז געבליבן? — פרעגט דער דיכטער און ענטפערט: „שטערן אויפן הימל, לידער אויף דער ערד". וועגן זיי זינגט ער אויך דאָ אין נייעם היימלאַנד. זיין שנעל איינגלידערן זיך אינעם היגן לעבן נעמט זיך פון זיין שלאָגן טיפע וואָרצלען אינעם נייעם פּייזאַזש, וואָס ער דערוועקט דורך מי, וואָס גייט צוזאַמען מיט שאַפערישער פרייד. ווען ער דערהייבט זיך אינעם פלי צו די בלויע הימלען און ים מיט שטערן, הערט זיך אַ קול וואָס רופט צו אים פון דער ערד: „מיר האָבן געבלאָנדזשעט אין גלות / פאַרבלאָנדזשעט צו זיך אין לאַנד". מאיר חרץ זינגט אַ לויב־ליד צום זיך בויענדיקן דאָרף דורך דורות חלוצים און צו דער שטאָט וואָס וואַקסט פון די רושטאַוואַניעס. „אַ לויב, אַ לויב מײַן קליינעם שיינעם לאַנד".

שוין ביים אָנהייב פון זיין דערשיינען ווי אַ פּאָעט, ווען ער האָט זיך אָנגעשלאָסן צו דער גרופּע „יונג־רומעניע" אין די דרייסיקער יאָרן, האָט מען אין אים באַלד געזען דעם אויפקום פון אַן אמתדיקן טאַלאַנט מיט אַ באַזונדערן צוגאַנג און איינגנאַרטיקע יניקה־קוואַלן. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען האָט דער דיכטער דאָס אַלץ געבראַכט מיט זיך אין זיין נײַ היימלאַנד. די לידער זיינע וואָס ער האָט דאָ געשאַפן ווייזן אויף זיין איינוואָרצלען און איינבירגערן זיך און ווידער הערט זיך דאָס געזאַנג וואָס ער האָט תמיד געזונגען: „דאָס זעלבע לאַנד, די זעלבע שטערן / האָבן ווידער זיך באַוויזן אין הימל ווי אַ מאָל". בלייבט אונדז נישט מער ווי צו ווינטשן, אַז זיינע לידער זאָלן געפינען דעם וועג צו די וואָס זענען מסוגל הנאה צו האָבן אין זייער שפּראַך, אין און מחוץ ישראל.

שער־העמקים

## יחיאל שיינטוך

# געציילטע ווערטער וועגן אהרן צייטלין ז״ל

במשך פון איבער 60 יאָר האָט אהרן צייטלינס שאַפן זיך אַנטוויקלט אויפן פאָן פון דער יידישער געשיכטע און קולטור־געשיכטע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. במשך די יאָרן — 1818—1973 — האָט ער געלעבט אין די צוויי גרעסטע יידישע קיבוצים, אין פוילן — פאַר און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אין אַמעריקע, בעת און נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. זיין ווערק קוועלט אַזוי אַרום אַרויס פון די עקזיסטענציאַלע קלעמענישן און ענגעגנישן פון אַ ייד, וועמעס באַגער איז געווען צוריק מתקן צו זיין דעם טיפן ריס אין דער יידישער עקזיסטענץ, אַפילו ווען נאָר סימבאָליש — דורך זיינע אייגענע שריפטן.

געווען איז אהרן צייטלין זיין גאַנץ לעבן אַ שרייבער וועמענס באַזונדערקייט אין דער יידישער ליטעראַטור איז גלייכצייטיק געווען: אָפּגעזונדערטקייט און אלייניקייט, און דווקא אים איז געלונגען אויסצודריקן און באַשרייבן די קיום־ראַנגלעניש פון זיין דור. עס פרעגט זיך די קשיא — ווי אַזוי ווערט דאָס ווערק פון אַ יחיד דער אויסדרוק פאַרן עקזיסטענץ־געפיל פון אַ דור? די תשובה צייטלינס איז: אַלץ קוועלט אַרויס פון יחיד אויך דאָס קאָלעקטיווע אין ליטעראַטור.

ער איז געווען באַרופן פון זיין גייסטיקער ביאָגראַפיע זיך צו פאַרמעסטן מיט דער צעצווייטקייט פון דער מענטשלעכער הויה מחמת דער צווייפאַכיקייט פון זיין אייגענער פער־זענלעכקייט: אַ יידישער זשורנאַליסט און אַ מיסטיקער; אַ פּאָעט, דראַמאַטורג און ראָמאַ־ניסט פון איין זייט — און אַן אינטענסיווער אַרבעטזאַמער פאָרשער אין הומאַניסטישע וויסנשאַפטן פון דער צווייטער זייט. למשל: אויפן געביט פון פּאָליטישע וויסנשאַפטן (זע זיין בוך: ״מדינה וחזון מדינה״); רעדאַקטאָר און ליטעראַטור־קריטיקער און אויך לערער פון לערערס; שרייבער פון נישט־קאַנאָנישער ליטעראַטור אויף יידיש — און פּיאָניר אין העברעיש פון וויסנשאַפטלעכער אויספאָרשונג אויפן געביט פון פּאַראַפּסיכאָלאָגיע.

אהרן צייטלין האָט זיין גאַנצן לעבן געשריבן אויף יידיש און העברעיש און געהאַלטן, אַז למעשה זענען פאַר אים — די צוויי לשונות, איין שפּראַך.

מען קאָן כאַראַקטעריזירן אהרן צייטלינען גלייכצייטיק ווי אַ פּעסימיסט און אַ וויזיאָ־נער, וואָס דרינגט אַרויס פון דער עצם מענטשלעכער פאַרוויקלעכונג פון אַבסאָלוטן שלעכטס אין די יאָרן פון אומקום דעם לאַגישן מוז פון אַן אייגענעם דערהייבן זיך מיטן כוח פון גוטס וואָס אין מענטש — אַ דאַנק דעם מענטשנס גלויבן אין דעם, וואָס שטייט העכער פון אים אַליין.

ווי גרויס און רעאַל ס׳איז געווען דער אומגליק פון זיין דור, אַזוי פעסט און גלייביק איז אהרן צייטלינס וויזיע.

איך ציטיר פון זיין ליד "מיין פּאָטער": . . . "ס'האָט די נאַכטיקע פון קליפּות / געקראָגן מענטש־געשטאַלט, געוויזן זיך פון דייטשלאַנד / פאַר די אויגן פון די פעלקער — הײַנט פאַר וואָס / זאָל דער היפוך זײַנער שוין נישט גרייט זײַן / אין די הענט פון דעם, / וואָס איינס אַנטקעגן אַנדערן באַשאַפט ער, / זה לעומת זה? אין אדמ'שער געשטאַלט, / אין בלוט און פלייש, וועט זיך דער היפוך אָנטאָן, / באַוועלטיקן דעם תוהו פון דער וועלט — — —"

דאָס קונסטווערק, זאָגט אַריסטאָטעלעס, דערמעגלעכט צו דערזען, אַז (איך ציטיר): "אָט די באַשטימטע זאַך איז אַ זאַך פון יענעם מין", ס'הייסט אַז: דאָס לערנען קומט פאַר ווען מיר קומען צו דער דערקענטעניש פון אוניווערסאַלע אינהאַלטן, צי ווען מיר דערבליקן די פאַרבינדונג וואָס צווישן דאָס ספּעציפישע און דאָס אוניווערסאַלע. דערפאַר קען דאָס גוטע קונסטווערק אַנטפּלעקן די אַלגעמיינע קוואַליטעטן — דעם עצם דאָ־זיין פון אוני־ווערסאַלן אין דעם טיילווייזן.

אהרן צייטלינס אויפטו אין אונדזערע בײַדע ליטעראַטורן איז אַ געטרײַע פאַרווירקלעכונג פון אָט די טעאָרעטישע השגות וועגן קונסט. דערקלערנדיק די שייכותן צווישן ליטעראַטור, היסטאָריע און פילאָסאָפיע, זאָגט אַריסטאָטעלעס (איך ציטיר): "ווערט אַזוי אַרום אויך קלאָר אַז דעם פּאָעטס פונקציע איז צו דערציילן נישט די פאַקטן (די זאַכן וואָס זענען), נאָר דעם סאָרט זאַכן וואָס קענען געשען . . . לויט דער משמעותדיקייט צי דעם הכרח. ווײַל דער היסטאָריקער און דער פּאָעט אונטערשיידן זיך דאָך ניט אין דעם וואָס זיי דערציילן יאָ צי נישט אין גראַמען . . . נאָר אין דעם אונטערשיידן זיי זיך: איינער [דער היסטאָריקער] דערציילט די פאַקטן (די זאַכן וואָס זענען געשען), און דער צווייטער [דער פּאָעט] — [דערציילט] — די מעגלעכע זאַכן וואָס קענען געשען".

ביי אהרן צייטלינען, ווי ער אַליין זאָגט, איז דאָס שרײַבן — אַ תפילה, וואָס אַנטפּלעקט די דיאַלעקטיק פון זײַן "גאָט־געפינען און גאָט־פאַרלירן אין איין און דער זעלבער צײַט, כמעט תוך־כדי־דיבור". פאַר אים איז דער שכר־תפילה — די תפילה גופא — אַ קאָלעקטיווע הויה אָן דער וויזיע פון דעם "סוד פון דעם אחד", איז לויט אהרן צייטלין אָן אוממעג־לעכקייט.

נאָר דער, וועמענס נשמה איז פאַרוואָרצלט אין דער נביאישער וויזיע, איז מסוגל אָפּצולעבן זײַנע יאָרן ווי אַ פּרט פון אַ ברייטערן כלל צוזאַמען מיטן אַבסורד־געפיל וואָס שטעקט אין דער מענטשלעכער עקזיסטענץ. אהרן צייטלין האָט דערפאַר אויסגעדריקט אין זײַנע ווערק די קאָמפּליצירטסטע גייסטיקע ווידעראַנאַנדן פון יידן אין די לעצטע דורות, אין ליכט פון דער באַשרײַבונג פון יחידישע ראַנגלענישן פאַר אַ יידישער עקזיס־טענץ, אין וועלכער דער ריבוי ווערט באַזינט פון אַ שטענדיק־פאַראַניקער אחדות.

מיטן באַגרײַפן אָט דעם "סוד פון דעם אחד" פאַרנעמט זיך אהרן צייטלין לענג־אויס זײַן לעבן און שאַפן אין אונדזערע בײַדע ליטעראַטורן, וועלכע זענען גלײַכצײַטיק דאָס היסטאָרישע עדות־זאָגן וועגן דער געשיכטע פון יידישן באַוווסטזיין און די קולטור־היסטאָרישע געשעעניש אַליין. די צוויי־שפּראַכיקע ליטעראַטור איז געשאַפן געוואָרן אין פאַרשיידענע ערטער און תקופות דורך אַ פאָלק, וואָס האָט איבערגעלעבט אָפּגעפרעמדקייט אין די אייגענע ווינקלענדער, אַ וואַנדערונג פון לאַנד צו לאַנד, בענקעניש נאָכן קאָנקרעטן

"דאַרטן" (אין קעגנזאַץ צום "דאָ") און געהאַט די גייסטיקע באַדערפעניש צו באַטאָנען דעם יידישן אייגנאַרט און גלייכצייטיק אויך דעם ווילן צוצופּאַסן זיך צום וווינלאַנד, אויסלעבן זיך פאַרן "דאָ" און פאַרן "איצט", דער ווילן צו זיין אַ פאָלק גלייך ווי אַלע פעלקער.

אהרן ציַיטלינס כתבים זענען רייכע און וויכטיקע קוואַלן אין אונדזער צוויי־שפּראַכי־קער ליטעראַטור פאַרן דערלערנען די געשיכטע פון גייסטיקע ראַנגלענישן פאַר דער אויסקריסטאַליזירונג פון דער אייגנאַרטיקער יידישער היינצייטיקער קולטור.

אין זיינע ווערק געפינען אַ קינסטלערישן תיקון די פאַרשיידענע קעגנזאַצלעכע שטרע־בונגען פון זייט צייט.

אין יאָר 1891, זיבן יאָר איידער אהרן צייטלין איז געבוירן געוואָרן, האָט י.ל. פּרץ — אין זיין דראַמאַטישער ווענדונג צו דער יידישער אינטעליגענץ – (אין זיין וויכטיקן פּראָגראַמאַטישן אַרטיקל: "בילדונג") געפאָדערט, עס זאָל געמאַכט ווערן אַ רעוויזיע אין אונדזער גייסטיקן פאַרמעג "וואָס עס איז אונדזערס און וואָס איז פרעמדס" אהרן צייטלין איז דער טרייער ממשיך פון פרצן אין דעם זין. י.ל. פרץ האָט אַזוי געפאָדערט, ווייל ער האָט געגלייבט אַז די מענטשלעכע דערלייזונג וועט אַרויסוואַקסן און זיך צעוואַקסן פון די פאַראַנענע פאַרשידענע ציוויליזאַציעס דווקא דורכן פאַרשטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן זשעני פון יעדן איינציקן פאָלק, און נישט דורך קאָסמאָפּאָליטישן פאַרניינען און מבטל־זיין פון דעם ספּעציפיש טראַדיציאָנעלן.

אהרן צייטלין האָט דאָס פאַרגעזעצט מיט זיין אייגענעם וועג פון גייסטיקער אחדותדי־קייט אין יידישן געדאַנק און אין יידישן לעבן רעאַליזירנדיק דאָס אומעטום אין זיין פּאָעזיע. צום סוף וועלן מיר אָבער דערמאָנען דריי מוסטערן פון דעם וועג, אין דריי אַנדערע זשאַנערן פון זיין שאַפן:

א) זיין גייסטרייכע און ביז גאָר אַקטועלע טעאַטער־שפּיל, אין 14 בילדער: "די יידישע מלוכה אָדער ווייצמאַן דער צווייטער", געשריבן אין יאָר 1934, וווּ ער באַטראַכט מיט הומאָר די אויסזיכטן אויף שיבת־ציון פון גאַנצן פאָלק אין יענער צייט.

ב) דער צווייטער ביישפּיל פאַר אהרן צייטלינס וועג, איז זיין איינציקער געדרוקטער ראָמאַן אין בוכפאָרם, געשריבן אין יאָר 1937, מיטן נאָמען: "ברענענדיקע ערד", פאַר וועלכן די געשיכטע פון דער ביל"ו־שפּיאָנאַזש־גרופּע, פון איין זייט, און די גאולה־בענקע־ניש פון אונדזער אַלטן משיח־גלויבן, פון דער צווייטער זייט — דינען אים פאַר אַ באַזע. אויף דעם יסוד, בויט אהרן צייטלין אויף אַ צוזאַמען־און אַ קעגנשפּיל פון יידישע גייסטיקע ווידעראַנאַנדן — צווישן דער פּאָליטישער אַמביציע צו "זיין אָדער נישט זיין" און דעם כוח פון תפילה פאַר "זין אָדער נישט זין" — אין לעבן פון יידישן מענטש און יידישן פאָלק, אויף די שוועלן פון דעם חלום וועגן אַן אייגענער יידישער מדינה.

ג) דער דריטער ביישפּיל, איז די פּאָעמע אין פּראָזע: "יאַנוש קאָרטשאַקס לעצטער גאַנג", געשריבן אין די לעצטע יאָרן פאַר זיין טויט, — וועגן קאָרטשאַקס לעצטן גייסטיקן וועג: ווי ער איז געווען און ווי ער וואָלט ווייטער מעגלעך געווען, ווען נישט זיין אומקום פון נאַצישע הענט. איידער ער האָט די פּאָעמע געשריבן האָט ער זיך פאַרטיפט אין קאָרטשאַקס לעבנסוועג, עס דורכגעשטודירט, אַליין פון דאָס ביי עס איבערגעלעבט — און

ערשט דאַן אָנגעשריבן קאַרטשאַקס גייסטיקע ביאָגראַפיע אין וועלכער ס'האָט לויט אים ענדגילטיק געווירקט — זיין געבוירן ווערן אַ ייד. ער האָט אין איר באַשריבן דעם וועג פון אַ עכט פּוילישן אינטעליגענט, אַן וועלכן עס איז ממשותדיקן יידישן וויסן, אָבער מיט אַ יידישן גורל, וועלכער האָט באַדאַרפט ענדגילטיק ווערן קלאָרע יידישע איבערצייגונג, ווען נישט זיין טויט. פאַר דער מעגלעכקייט און דעם הכרח פון אַ לעצטן וועג, ווי אַ ייד צו יידישקייט, ברענגט צייטלין סימנים אין אַ דיאַלאָג מיט אַ קיבוצניק, בעת איינעם פון קאַרטשאַקס באַזוכן אין ארץ ישראל. זאָגט צייטלינס קאַרטשאַקס: "כ'געדענק — מיט יצחק גרינבוימען געפירט אַ מאָל סטודענטישע דיסקוסיעס. וואָס האָט ער געוואָלט? ציון זאָל זיין די וועלט. איך — די גאַנצע וועלט זאָל זיין ציון. — און ווער פון אייך — פרעגט דער קיבוצניק — איז, ווערדליק דיר, גערעכט געווען? — גערעכט? ביידע. נאָר אַזוי לאַנג ווי די וועלט וויל נישט ציון זיין, נאָר אַ חזיר־שטאַל, דאַרף ציון די וועלט זיין".

י.ל. פרץ האָט אַוועקגעשטעלט די פראַגן. אהרן צייטלין האָט טיף איבערגעלעבט דעם גורל פון זיין דור, און זיינע תשובות געגעבן:

א) יישוב־ארץ־ישראל דורך אַ פאָלק, וואָס קערט זיך אום צוריק צו זיך — דאָס איז **אונדזערס**; און פרעמד איז אונדזער באַזעצן די לענדער פון יידישער צעשפּרייטונג צווישן גוים, ווייל דאָס איז געגליכן צו אַ ירידה, וואָס ברענגט נישט מיט זיך קיין געגוגנדיקע עליה אויף גייסטיקע מדרגות ביז צו דער אמתער דערלייזונג.

ב) דאָס שפּאַנען אויפן וועג פון גלויבן אין **דעם** וואָס איז ווייטער און העכער פון מענטש, דאָס איז די אויפגאַבע פאַרן יידישן יחיד, ווי אַ טייל פון כלל, דאָס איז **אונדזערס**; און פרעמד איז כפירה ווי אַ יסוד אין יידישן לעבן און אַ ווינקלשטיין פאַרן אויפבוי פון אַ געזעלשאַפט, ווייל דאָס איז בפירוש די זעלבסט־פאַרניינונג פון גייסט וועגן זיין אייגענער עקזיסטענץ.

אויף די יסודות האָט אהרן צייטלין געבויט זיין לעבן און זיינע ווערק, און אויב עס זענען פאַראַן סתירות צווישן זיינע ענטפערס און זייער פאַרקערפּערטן אויסדרוק אין זיין לעבן — איז עס טאַקע אָט די שפּאַנונג צווישן דער וויזיע און איר פאַרווירקלעכונג, דער הקשר פאַר זיין גאַנצן לעבן און שאַפן.

אויך דאָ דריקט אויס אהרן צייטלין, דער יחיד — די עקזיסטענץ־פּראָבלעמאַטיק פון אַ כלל. און אידך זיל גמור.

## יוסף קערלער

# צוויי רעצענזיעס

### "ער איז געקומען פון דאָרטן"...

מיר דאַכט, אַז קיין שום ליטעראַטור־זשאַנער אַנטפּלעקט נישט אַזוי בולט דאָס עטישע געשטאַלט פון מחבר גופא, ווי דאָס איז צו זען אין דעם מעמואַרן־זשאַנער. אַפילו ביים לייענען לירישע דיכטונג טרעפט זיך צומאָל ווי ס׳פורעמט זיך אויס פאַר דיר וואָרהאַפּטיק און אַבסאָלוט באַגלייבלעך דאָס געשטאַלט פון לירישן העלד, וואָס האָט, ליידער, קיין שום שייכות נישט און איז אָפט אַפילו אין שרייענדיקער סתירה צום לעבן און צו די קאָנקרעטע האַנדלונגען פון כלומרשטן פּראָטאָטיפּ. סע זאָל זיך נישט טרעפן, נאָר אַזוי טרעפט זיך אַ מאָל אין אַלע זשאַנערן פון דער "שיינער ליטעראַטור" ווו ס׳הערשט איין־און־איינציקער אמת — די שיינקייט פון דער שאַפונג, וואָס איז אַליין, אַן און פאַר זיך אויפריכטיק ביז באַגלייבלעכקייט — גאַנץ אַנדערש איז דאָס אין מעמואַרן־ליטעראַטור. דער מחבר קאָן אַ מאָל זיין וואָס פאַר אַ מייסטער איר ווילט, ער קאָן אַ מאָל לאָזן אין גאַנג אַלע שיינקייטן וואָס ער באַהערשט אין אַלע איבעריקע שאַפונגען זיינע, נאָר קוים שטרעבט ער, צוליב פאַרשידענע סיבות, אויסבאַהאַלטן, אָדער גאָר פאַרקערט אָרויסהויבן, ווי מען זאָגט עס, "זיך און זיינע שיך", העלפן נישט קיין שום שיינקייטן, מייסטערשאַפטן, קיין שום אָנשטעל אויף "אָביעקטיוויזם" — דער פאַרשטענדיקער מעמואַרן־לייענער דער־שפּירט סוף־סוף די באַנאַלסטע טענדענץ פון פאַרקריפּלטן סוביעקטיוון אמת. כ׳בין זיכער, אַז אַליין דער מעמואַרן־זשאַנער איז בטבע זיך נוקם אין יענע מחברים, וואָס וואָגן צו זאָגן אַפילו אַ שיינעם ליגן. אַליין דער זשאַנער וועט אויף שריט־און־טריט דעמאַסקירן און אַנטפּלעקן פאַר אונדז דאָס עטישע געשטאַלט פון "לירישן העלד", מען וואָלט געקענט באַקרעפטיקן דעם דאָזיקן געדאַנק מיט זייער פיל דערווייזלעכע דוגמאות, אָבער ס׳קאָן ווייט פאַרפירן פון מיין קאָנקרעטער טעמע.

און די טעמע איז אַ בוך וואָס איז דאָ נישט לאַנג דערשינען אין פאַרלאַג "עמק", תל־אביב, תשל״ט. דאָס בוך איז פון חיים שמולעוויטש און הייסן הייסט עס: "צוריק פון יענער וועלט"...

מען דערציילט, אַז אויף דאַנטע אַליגיערי — דעם באַשאַפער פון דער מעכטיקער "געטלעכער קאָמעדיע", פלעגן זיינע מיטציייטלער אָנווייזן און שעפּטשען איינער צום אַנדערן פול מיט פאַרכטיקן פחד: "דאָס איז דער וואָס איז געקומען פון... דאָרטן".

אַנדערש איז דאָס אין דער איצטיקער תקופה, וואָס פאַרמאָגט נישט אַזעלכע גרויסע שעפער ווי דעם מיטלאַלטערלעכן איטאַליענישן וויזיאָנער, אָבער זי נייטיקט זיך ליידער נישט מער אין דער שרעקלעכער וויזיע, — די רשעותדיקעווירקלעכקייט פון דער היינ־

טיקער צייט שטייגט איבער די גרעסטע, די שוידערלעכסטע מענטשלעכע פאַנטאַזיעס פון אַלע צייטן . . .

ווער זשע וועט טייטלען מיט די פינגער און שעפּטשען מיט שרעק, ווען דער גאַנצער ענין לייגט זיך פּשוט נישט אויפן שכל, ביי גאַר אַ סך וואָס האָבן אויסגעמיטן אַט דעם גיהנום?

טאָנעס באַגלויבלעכע דאָקומענטן מיט באַזירטער וויסנשאַפטלעכער סטאַטיסטיק, צענדליקער אינסטיטוציעס און מאָנומענטן צום פאַראייביקן אונדזער חורבן־עפּאָכע, לעבן געבליבענע גבית־עדות — קרבנות פון יענע שוידערלעכקייטן, צענדליקער דיקע יזכור־ביכער, ס׳גייען נאָך אַפּ מיט בלוט נעבעכדיקע רעשטן פון די ערשט נישט לאַנג גרויסע און בליענדיקע יידישע קהילות אין מזרח־און־מערב־אייראָפּע . . . נאָר די וועלט (די זעלבע ״וועלט״) האָט שוין אָנגעהויבן צווייפלען און ס׳ווילט זיך איר שוין נישט גלויבן, אַז סע זענען אומגעקומען 6 מיליאָן יידן . . .

נאָך ערגער איז דאָס מיט יענע וואָס זענען קוים אַרויס מיטן לעבן פון די סאָוועטישע צוואַנגס־און פאַרניכטונגס־לאַגערן . . . דאָ גלויבט מען אַוודאי ניט! ווו — אין לאַנד פון סאָציאַליזם ? . . .

חיים שמולעוויטש אַנטפּלעקט פאַר אונדז אַ ביז איצט פאַרהוילן און פינצטער קאַפּיטל אין דער בלוטיקער געשיכטע פון סאָוועטישן מאַסן־מאָרד און גענאָסיד. ס׳האַנדלט זיך וועגן די ״איבערלויפערס״ פון פוילן, רומעניע, אונגאַרן און אַנדערע לענדער קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד; אין די ערשטע דרייסיקער יאָרן האָבן צענדליקער טויזנטער פּשוטע מענטשן (בעיקר יידישע יונגעלייט און יונגע פרויען און בעיקר — עמך — אַרבעטער פון פאַרשידענע פאַכן ווי אויך רעוואָלטירנדיקע יוגנט) געשוואָרצט די גרענעץ און געלאָפן צום אויסגעחלומטן סאָוועטישן ״גן־עדן״, צוליב ״העלפן בויען דעם סאָציאַליזם״. אין מזרח־אייראָפּע האָט דאַן געהערשט אַרבעטסלאָזיקייט, גרויסע נויט און נאַציאָנאַלע אומרעכט, דער באָדן איז געווען אַ גינסטיקער . . .

אפשר האָבן די יידישע קאָמוניסטן אין פוילן אַליין זיך נישט פאַרגעשטעלט, וואָס עס דערוואַרט דאָרטן זייערע ״ברידער פּראָלעטאַריער״, דאָך האָבן זיי פּלייסיק אויסגעפילט זייער ״רעוואָלוציאָנערן פליכט״ פון ווערבירן מענטשן־קנעכט און אַרויסהעלפן זיי ביים שוואַרצן די גרענעץ.

שמולעוויטש רעדט וועגן דעם מיט פּראָסטע, זויבערע יידישע ווערטער, מיט געצוימטער ליידנשאַפט פון וועלן ״דערציילן דעם גאַנצן אמת״ און מוזן שווייגן גאַנצע 27 יאָר, נאָכן אַרויסראַטעווען זיך פון 13־יאָריקן גיהנום . . .

יאָ, ערשט ״נאָך 27 יאָר אין אַמעריקע איז אַוועק — ווי ער שרייבט — די מורא וואָס איז מיר נאָכגעגאַנגען טאָג ווי נאַכט, אַז אַט־אַט פאַל איך ווידער אַריין אין די הענט פון דער נ.ק.וו.ד. און ווער פאַרשלעפּט און פאַרפייניקט צום טויט״ . . .

אויך די שרעק פאַר די אייגענע און באַקאַנטע, וועלכע האָבן נאָך דאַן געלעבט אין ס״פ, האָבן אָפּגעהאַלטן שמולעוויטשן און געצוווּנגען אים צוימען די צונג.

סע זענען לעבן געבליבן ווייניק ווער, פון יענע ״איבערלויפער״. און בלויז אפשר איינציקע זענען אַרויס אויף דער פרייער וועלט און צווישן זיי איז חיים שמולעוויטש

דערווייל דער ערשטער וואָס וואָגט צו דערציילן פּרטימדיק און מיט דער האַרצרייסנדיקער רויקייט פון אַ קינות־כראָניק, ווי אַזוי די טויזנטער און טויזנטער "איבערלויפער" זענען, גלייך נאָכן איבערכאַפּן זיך אויף דער סאָוועטישער גרענעץ, אַריינגעפאַלן אין די אייזערנע לאַפּעס פון דער מ.וו.ד.

שמולעוויטש שילדערט דעם אייגענעם יסורים־וועג, ווי אויך די צענדליקער וועלכע האָבן דירעקט, צוזאַמען מיט אים דורכגעמאַכט די שמוציקע איבערפולטע טורמע־קאַמערן, ביינאַכטיקע "אויספאַרשונגען", שרעקלעכע פּייניקונגען און סאַדיסטיש־נאַציסטישע דערנידעריקונג פון מענטשלעכן מין און לסוף — שווערע קנעכטישע אַרבעט ביז צום פאַלן דערהרגעט פון מידקייט, פון הונגער און קעלט.

דאָס איז געווען אַ גוט אָרגאַניזירטע סיסטעם פון מענטשן־מאָרד. וועגן די צעבראָכענע און אַנטוישטע וועגן זייער מיט בלוט פאַרשפּיגענעם חלום רעזומירט שמולעוויטש: "עס איז געווען אַ גרויסער חלום, אַ חלום פון מיליאָנען אין דער וועלט און די וועלכע האָבן אין יענע יאָרן פּרובירט דעם חלום צו פאַרווירקלעכן, זענען חלומענדיק — אומגעקומען". און ווייטער:

"פּונקט ווי אַ שמעטערלינג רייסט זיך צו ליכט און ווערט פאַרברענט, אַזוי האָבן צענדליקער טויזנטער יונגע מענער, פרויען און קינדער זיך געריסן צום "ליכט" וואָס רופט זיך "קאָמוניזם" — און זענען פאַרברענט געוואָרן".

און לסוף לאָמיר זיך אומקערן צו דעם וואָס איז שוין דאָ דערמאָנט געוואָרן, נעמלעך — וועגן די וואָס ווילן *נישט* גלויבן. אין זיין פאָרוואָרט דערציילט דער מחבר:

"אין אַ שמועס מיט מיינעם אַ פעטער ע"ה, נאָך מיין קומען קיין אַמעריקע (אגב איז מיין פעטער געווען אַ "פּראָגרעסיווער"), האָט ער איין מאָל אַ זאָג געטאָן: "גלויבן גלויב איך דיר סיי־ווי־סיי נישט קיין איין וואָרט, נאָר זאָג מיר, פאַר וואָס ביסטו געבליבן לעבן?" דאָס איז אַ פראַגע וואָס איז נישט איין מאָל געשטעלט געוואָרן אויך צו די געראַטעוועטע פון היטלער־גיהנום.

מיין ענטפער איז געווען: האָרך מיך אויס, ליבער פעטער, אין אַמעריקע שטאַרבן יעדעס יאָר פון קאַנסער, טובערקוליאָז, האַרץ־אַטאַקעס און אַנדערע קראַנקהייטן מיליאָנען מענטשן און דו, אַ ייד פון איבער די אַכציק, לעבסט נאָך? פאַר וואָס?"

ער האָט מיר גאָרנישט געענטפערט. כ'האָב אים געזאָגט: האָסט נישט גוט פאָרמולירט דיין פראַגע. האָסט מיך געדאַרפט פרעגן, ווי אַזוי איך בין געבליבן לעבן, נישט "פאַר וואָס?".

און ווי אַזוי איך בין געבליבן לעבן, — גיט צו שפּעטער שמולעוויטש, — וועל איך פּרובירן צו דערציילן אין אָט דעם בוך.

און חיים שמולעוויטש דערציילט מיט דער שפּראַך פון אַ פאָלקס־מענטש, ער שילדערט רעליעף און באַגלויבלעך זיין פולצאָליקן טיפּאַזש פון הענקער און קרבנות, ער גיט איבער עפּיזאָדן וועלכע זענען ממש אויפּטרייסלענדיק מיט זייער לעבנס־טראַגיזם.

שווער צו זאָגן צי וועט טאַקע דאָס בוך איבערצייגן אין עפּעס די סקלעראָטישע אַמעריקאַנער פעטערס, וואָס גלויבן נאָך אַלץ אַז זיי זענען "פּראָגרעסיוו"; דאָך איז "צוריק פון יענער וועלט" נישט נאָר אַ בוך צום לייענען, נאָר אויך אַ בוך צום לערנען, ס'איז אַ

ווערטפולער אויטענטישער דאָקומענט פון אונדזער עפּאָכע. און דער מחבר איז באמת ווערט מיר זאָלן זאָגן וועגן אים מיט פאַרכט און ברכה: ״דאָס איז דער, וואָס איז געקומען פון דאָרט״...

## יום טוב פון יידישן טעאַטער אין ירושלים

צווישן אַ גרויסן טייל פון אונדזערע קיבוצניקעס, באַזונדערס — ביי דער יוגנט, מערקט זיך אַ פאַרשטאַרקטער אינטערעס צו אונדזער יידיש מאַמע־לשון פאָלקלאָר, טעאַטער און בכלל צו אַלע קולטור־ווערטן, געשאַפענע במשך הונדערטער יאָרן אין די תפוצות.

דעריבער איז נישט קיין וווּנדער, וואָס די אָפּטיילונג פאַר קולטור און דערציִונג ביי דער קרייז־פאַרוואַלטונג פון אויבערשטן גליל, האָט איינגעלאַדן קיין ישראל אויף גאַסט־ראָלן דעם לעצטנס באַרימט־געוואָרענעם יידישן פאָלקס־טעאַטער ביים סיידי בראָנפמאַן צענטער אין מאָנטרעאָל.

וועגן דעם דאָזיקן וווּנדערלעכן יוגנט־אַנסאַמבל, וואָס ציילט העכער 50 אָנטיילנעמער, וואָס פאַרמאָגט אויך אַ פיינעם אָרקעסטער און ווערט אָנגעפירט דורך דער באַגאַבטער רעזשיסערין און אַקטריסע דאָראַ וואַסערמאַן איז שוין פיל געשריבן געוואָרן אין דער יידישער און ענגלישער פּרעסע פון אַמעריקע און קאַנאַדע. מיר וועלן זיך באַגנוגענען מיט אַן אויסצוג פון אַ בריוו צו דער קינסטלערישער אָנפירערין, וועלכן ס'האָט געשיקט דער בילדונגס־דירעקטאָר פון אַמעריקאַנער אַרבעטער־רינג יאָסל מלאָטעק (דאָס איז אַ דאַנק־בריוו אַרויסגעשיקט נאָך די דערפאָלגרייכע גאַסטראָלן אין פּש״א פון מאָנטרעאָלער יידישן טעאַטער־אַנסאַמבל).

**״...די דריי פאָרשטעלונגען האָבן אַריינגעבראַכט יום־טוב אינעם ניו־יאָרקער יידישן לעבן און וועלן פיל העלפן ביים ווייטערדיקן אָנהאַלטן אונדזערע יידיש־פּאָזיציעס. עס איז אַ פרייד צו זען און צו ווערן מיטגעריסן פון דעם יוגנטלעכן ענטוזיאַזם וואָס ברענט אויף דער בינע און אויך נאָך דער פאָרשטעלונג. עס קומט אייך די גרעסטע אָנערקענונג, וואָס עס איז נאָר פאַראַן פון אונדז אַלעמען.**

**אוודאי וועלן זיך געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן מיט אַ קריטיש אויג זוכן און געפינען פעלערן. איך געהער נישט צו זיי. איך ווייס אַז קיינער האָט נאָך דער ווייל נישט באַוויזן דאָס וואָס איר האָט אויפגעטאָן און דערפאַר קומט אייך בלויז לויב און אָנערקענונג.**

**איך בין גליקלעך וואָס איר פאָרט קיין ישראל און איר וועט דאָרט זיין אונדזערע בעסטע אַמבאַסאַדאָרן״.**

(״קענעדער אדלער״ 1979.29.6)

יאָ, יאָסל מלאָטעק האָט זיך נישט אָפּגענאַרט אין זיין פאָרויסזאָגונג: די פאָרשטעלונגען פון די יונגע מאָנטרעאָלער אַרטיסטן זענען אַדורך מיט אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג אין די גרעסטע קאָנצערט־און טעאַטער־זאַלן פון תל־אביב, חיפה, באר־שבע, אין כפר גלעדי און אַנדערע גרעסערע קיבוצים פון גליל.

סוף יולי פון יאָר 1979 האָט די יידיש־ריידנדיקע געזעלשאַפטלעכקייט אין ירושלים

געהאַט דעם כבוד אויפצונעמען די "בעסטע אַמבאַסאַדאָרן" פון יידישן קינסטלערישן וואָרט — דעם טעאַטראַלן יוגנט־אַנסאַמבל פון מאָנטרעאַל.

די קאַנאַדער אַרטיסטן זענען איינגעלאַדן געוואָרן אויף אַ גאַסט־פאַרשטעלונג דורך דער קולטור־אָפּטיילונג ביי דעם ירושלימער שטאָט־ראַט, דער יידישער קולטור־געזעל־שאַפט און די יידישע שרייבער, וועלכע גרופּירן זיך אַרום "ירושלימער אַלמאַנאַך".

דער גרויסער זאַל פון בית העם איז געווען איבער און איבערפולט. באַוויזן האָט מען אונדז די מוזיקאַלישע פאָרשטעלונג "אַ חתונה אין שטעטל" (פּריילעכס) פון א. אָקון און געווידמעט איז געווען דער ספּעקטאַקל דעם אָנדענק פון דעם אומגעבראַכטן אין ר"פ געניאַלן יידישן פאָלקס־אַרטיסט שלמה מיכאָעלס...

ס'איז שווער איבערצוגעבן דאָס גרויסע געפיל פון פרייד און יומטובדיקייט, געמישט מיט פיינלעכן טרויער פאַרן פאַרשניטענעם יידישן שטעטל און פאַר אַלע אונדזערע קדושים; די באַגייסטערונג פון צושויער־זאַל קאָן מען אפשר דערקלערן מיט דער גוואַלדיקער בענקשאַפט צו אַ בעסער יידיש טעאַטער און אַוודאי מיט דער אויסטערלישער סימבאָליק, וואָס דווקא אין ירושלים און טאַקע אין זעלבן זאַל, ווו דאָס העכסטע געריכט פון מדינת ישראל האָט געמישפּט איינעם פון די בלוטיקסטע יידן־רוצחים דעם דייטשישן נאַצי אַדאָלף אייכמאַן, ימח שמו; דווקא דאָ איז אויף ס'ניי אויסגעשפּילט געוואָרן מיכאָעלסעס שוואַנען־ליד — אַ ספּעקטאַקל, וואָס מיט זיין גאַנצער יידישער מעלאָדישקייט, מיט גאָר דער פאָליפאָניע פון יידישן וואָרט און ריטמיק, באַשטעטיקט ער די אייביקע המשכדיקייט פון אונדזער פאָלק, דעם האַרטנעקיקן אָפּטימיזם אונדזערן, אַז דאָך וועלן מיר ווייטער לעבן, בויען, שאַפן "און גרויסע שמחות וועלן נאָך זיין ביי יידן!".

"אַוודאי וועלן זיך געפינען אַזעלכע, — ווי זאָגט מלאַטעק, — וואָס וועלן מיט אַ קריטיש אויג זוכן און געפינען פעלערן"...

דאַרף מען אָבער אין זינען האָבן, אַז נישט געקוקט אויף דער עכסט־פּראָפעסיאָנעלער און אויסנאַמלעך אָריגינעלער רעזשי פון דאָראַ וואַסערמאַן, אויף דער זעלטענער מוזיק קאָמפּאָנירט און אַראַנזשירט דורך דעם באַוווסטן קאָמפּאָזיטאָר עלי רובינשטיין, האָבן מיר דאָך צו טאָן מיט אַ פאָלקס־טעאַטער, מיט יונגע ליבהאָבער־ענטוזיאַסטן — יידישע יוגנטלייט פון פאַרשידענע פּראָפעסיעס, גראַדויירטע שילער און שילערינס פון די יידישע פאָלקס־שולן, און אַפילו אויך קינדער פון פאַרשול־עלטער...

און דאָך און פאָרט — אונדזער גרעסטער לויב־און־דאַנק פאַר אָט די טייערע יינגלעך און מיידלעך, פאַר אָט דעם האַרמאָניש צוזאַמענגעשפּילטן אַנסאַמבל, באַהויכט דורך איין גרויסע ליידנשאַפט פון עכטע קינסטלער, אַ קאָלעקטיוו, וואָס טוט זיין זאַך בשלימות און ס'קריכט נישט אַרויס קיין "סטאַר" ווי אַ פאַרזשאַווערטער שונד־צוויאַק, כדי צו פאַרשטעלן מיט זיך אַ גרויע פנימלאָזע סטאַטיסטן־מאַסע. אַ קאָלעקטיוו מיט אייגענע פנימער און מיט אַן אייגן פנים. קלאָר און לויטער קלינגט ביי זיי דאָס יידישע וואָרט און דווקא אָן דער הילף פון מיקראָפאָנען־פּלאָקנס ביים סאַמע מויל — אַ שטים איז אַ שטים, אַ ניגון איז אַ ניגון און אַ טאַנץ איז אַ טאַנץ.

אַ יישר כוח זיי פאַר דער גרויסער פרייד, פאַרן יום טוב, וועלכן זיי האָבן געבראַכט מיט זיך צו אונדז אין דער אייביקער און הייליקער שטאָט ירושלים.

## חיים מאַלטינסקי

# יחיאל האָפּערס "איציק מאַנגער"-בוך

כדי צו דערפילן די גינציקייט און ליבשאַפט צום גרויסן יידישן דיכטער, מיט וועלכער עס ברויזט יחיאל האָפּערס "איציק מאַנגער"-בוך, וועל איך אָנהייבן מיט די ווערטער פון זיין בוך: "טייל מאָל דאַכט זיך אויס, אַז דער סוד פון מאַנגערס פּאָעזיע ליגט פאַר דיר זייער נאָענט. דער סוד פון זיין ליד גייט נאָך זיין ליד ווי אַ שאָטן". . . "אָבער וואָס מער דו דערנענטערסט זיך צום שאָטן־סוד פון מאַנגערס ליד, אַלץ גיכער פאַרשווינדט ער און סוד בלייבט סוד" . . . און ווען מיר זאַפּן אין זיך איין, ווי גוטן ווייַן די זייטלעך פון האָפּערס בוך, נעמט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקן מיטן גאַנצן אוצר־בלענד דער כישוף־סוד פון מאַנגערס פּאָעזיע. און דאָס איז דערפאַר וואָס יחיאל האָפּער, דער באַוווסטער יידישער שרייבער און דיכטער, מאַנגערס גרויסער ידיד, איז אַ לעבן נאָכגעגאַנגען מאַנגערס ליד; ניט נאָכגע־גאַנגען, נאָר אין דמיון און אויף דער וואָר, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, אַרומגע־שוועבט אַרום מאַנגערן מיט שטילן געפלאַטער, ניט וועלנדיק אים, חס וחלילה, מפסיק זיין, שטערן, אַ מינדסטער שטויבעלע זאָל נישט פאַלן אויף דער הימל־בלויער יידישער מאַנגער־יצירה.

יחיאל האָפּערס בוך פאַרמאָגט אין זיך, אויסער דער ליבשאַפט צו מאַנגערן, אַן אַ שיר איידלקייט און טאַקט ניט אַרויסצוברענגען קיין פּיקאַנטע מעמואַרן־שטעלן פון דער ערשטער האַנט, ניט אונטערצושטרייכן זייער פערזענלעכע נאָענטקייט און דאָס מאַכט נאָך מער חשיבותדיק און הויך זיין "איציק מאַנגער"-בוך, וועלכער אָטעמט פון דער ערשטער שורה ביז דער לעצטער מיט מאַנגערס פּאָעטישן מלכות־גייסט.

מיט שפּאַרזאַמע שטריכן שילדערט י. האָפּער די סביבה, פון וואַנען עס שטאַמט און קומט איציק מאַנגער: — פון דער שטוב פון דעם פריילעכן שניידער־מייסטער הלל מאַנגער, פון זיין ברודער, דעם טיפן פּאָעזיע־ווייסער, נאָטע מאַנגער, פון דער גאַנצער סביבה זיינער, פון די ווייַנקעלערס, ווו מען האָט געצויגן פון גלעזל ווייַן און פאַרצויגן מיט אַ ליד. אָט פון דאָרט האָט איציק מאַנגער געירשנט דאָס פּינטעלע ליד".

און מיטן גאַנצן האַרצן גלויבן מיר האָפּערן, ווייל ער איז דאָך, דאָס דרינגט אַרויס פון זיין בוך, דער באַגלויבטסטער עדות פון מאַנגערס לעבן און שאַפן; ער שרייבט: "דאָס פּינטעלע ליד איז זיך אויף אונדזערע אויגן פונאַנדערגעוואַקסן, געריסן ברעגעס מיטן כוח פון זיין, מאַנגערס, פּאָעטישן כוח, פון זיין פאַרליבטקייט אין יידישן לשון, מיט אַלע זייַנע חנען פון רייכער, בייער אַלטמאָדישקייט".

י. האָפּער ברענגט אין זיין בוך באַגרינדעטע, אַרגומענטירטע מחשבות וועגן מאַנגערס באַזונדערן חן, וועגן מאַנגערס בענקשאַפט, מאַנגערס מעטאָד אין זיין "געגעזע פון די

חומש־לידער" — "צו שאַפן די אַטמאָספער אין וועלכער זיין העלד פון אַ מאָל דערנעבנטערט זיך צום היינט און ווערט דאָך ניט אָוועקגענומען פון זיין אַ מאָל".

האָפּער גיט אונדז צו פאַרשטיין: "מאַנגערס חן ליגט אין דעם וואָס ער קאָן מיט איין וואָרט, מיט איין קליין וואָרט, מיט אַ כלאחר־וואָרט אַרויסברענגען טיפקייט, טיפקייט פון געפיל און טיפקייט פון געדאַנק. אָט אין דער דיספּראָפּאָרץ צווישן דעם קליינעם וואָרט מיט דער גרויסקייט פון געפיל, וואָס ווערט דורך דעם וואָרט אַרויסגעבראַכט, ליגט דער גרויסער סוד פון מאַנגערס פּאָעטישן חן". דערביי ווייזט אונדז האָפּער געניי, ווי אַזוי מאַנגער דערגרייכט צו דעם. און שרייבנדיק וועגן אָט דעם געבענטשטן, איינמאָליקן מאַנגערישן חן, דערשפּירן מיר האָפּערס נשמה־דערהויבנקייט און הייסן פאַרלאַנג אַרויס־צובאַקומען פאַר אונדז אַנשוילעך פּולע זשמעניעס מאַנגער־חן און ווי ער, האָפּער, וואָלט אונדז וועלן אָט דער רגע זאָגן: — זעט, טייערע, זעט! און ער זאָגט טאַקע: "מאַנגערס חן איז דורך און דורך יידישער חן, ער איז אויסגעהאָפּטן פון סאַמע יידישע עלעמענטן: פון מאַמע־צער, פון מיידלישן אומעט, פון זילבער און פון בלוי און פון פויגל־געזאַנג און נאָך פון אַזעלכע יידיש־נשמהדיקע מאַטעריעס.

אַנגענעם קלינגען האָפּערס מעלאַדישע, קורצע, זיך איבערחזרנדיקע פראַזעס געוויד־מעט דער מאַנגער־הערלעכקייט: — אַ באַזונדערער חן ליגט אין דער דינקייט פון זיינע געפילן, אין די האַלבע טענער פון זיין געזאַנג, אין די פּאַסטעל־קאָלירן פון זיין געמעל, אין דער שטילקייט פון זיינע ווערטער און אין דער פּשטות פון זיינע גראַמען". און ציטירנדיק אַ סטראָפע פון מאַנגערס "באַלאַדע פון די פינף קריגעלעך", שליסט האָפּער זיין קאַפּיטל מאַנגער־חן: "וויפל יידישער חן ליגט אין די פינף שורות" און גיט צו: "מאַנגערס ווערטער זענען אַרויסגענומען פון דער יידישער שפּראַך פון סאַמע אונטערן האַרץ אַפּיר".

שטאַרק איז האָפּערס פראַגמענט וועגן דער מאַנגער־בענקשאַפט. דער תמצית פון דער נאַגנדיקער טריבער מאַנגערישער האַרץ־בענקעניש איז ניט, — זאָגט האָפּער, — "דאָס באַוויינען דאָס וואָס איז אַוועק, נאָר דאָס וואָס איז אַוועק אַזוי פרי און אַזוי ניט רייף אַוועק.

האָפּער דערציילט: "ס'איז שווער צו זאָגן וויפל מאָל דאָס וואָרט בענקשאַפט טוט אַ פלאַטער אין מאַנגערס לידער. זעלטן פאַראַן ביי אים אַ ליד אין וועלכן דאָס וואָרט בענק־שאַפט זאָל זיך נישט לאָזן הערן און שטענדיק איז עס אַנדערש ניואַנסירט". עס פאַרקריצט זיך אין זכרון דער פיינער אַפאָריסטישער זאָג האָפּערס: "ביי מאַנגערן איז די בענקשאַפט אַ וועלט אַ גאַנצע. לויט אים קומט אויס און דאָס איז וואָרער אמת, אַז די וועלט טוט גאָרנישט, רק זי בענקט". און ביי האָפּערן כאַפּט זיך אַרויס — "ביי מאַנגערן איז די בענקשאַפט פול מיט בענקשאַפט"; אַ בענקשאַפט־ניגון "נישט פון יאוש, נישט פון פאַר־צווייפלונג, נאָר פון אומעט, וואָס קאָן זיין אַזוי זיס, ווי ס'איז זיס די פרייד".

ווי אַן עכטער קריטיקער אַנטפּלעקט פאַר אונדז האָפּער מאַנגערס גרויסקייט פון באַשאַפן די חומש־געשטאַלטן: "מאַנגער טוט אויס זיינע חומש־העלדן פון דעם אַלעם אין וואָס זיי זענען געווען ביז איצט אַנגעטאָן, ער נעמט ביי זיי אַוועק זייער ביז איצטיקן אופן פון באַוועגן זיך, פון האַנדלען, פון אויסדריקן זיך. ער מאָלט זיי פון דאָס ניי. ער טוט דאָס מיט מיטלען, וועלכע געפעלן אים און רעדן צו זיין פאַנטאַזיע און צו דער פאָלקס־

פאַנטאַזיע, וועמענס פאַרשטייער מאַנגער איז". האָפּער אַנאַליזירט טרעפלעך, ווי אַזוי עס זענען פאַרשידן טיפּיש, פּסיכאָלאָגיש, פּולבלוטיק און ערדיש מאַנגערס ביבלישע געשטאַלטן: "אברהם אבינו דער גרונטלעגער פון יידישן פאָלק, ער איז געמאָלט פעסט און זיכער, האַרט און אַנטשלאָסן מיט אויגן פון אַ קלוגן חקרן, פאַרויסזעעוודיק און ניכטער, אָבער יצחק, וועמען דער רייכער טאַטע האָט פאַרזיכערט אַ זאָרגלאָזע עקזיסטענץ, ער איז שוין דורך מאַנגערן געמאָלט סובטעל, דין, מיט ציטערנישן פון אַ פרוש".

דערפינדעריש דעקט אויף האָפּער אין מאַנגערס שאַפן זיין טאָפּלטבילדערישקייט, דער יסוד פון מאַנגערס גראָטעסק. אָט דער געפינס האָפּערס איבערצייגט אונדז ווי שטאַרק עס איז מאַנגערס דיכטערישע אינטויציע — זיין ווונדער־מייסטערשאַפט. האָפּער באַווייזט, אַז מאַנגערס "באַהעפטן דעם סוזשעט פון חומש (צי פון דער מגילה) מיט דעקאָראַטיווע עלעמענטן פון היינט שאַדט לגמרי נישט דער גאַנצקייט פוןביידע בילדער (דעם ביבלישן און דעם היינטצייטיקן)".

אָט דאָס קאַפּיטל האָפּערס לייענט זיך פאַרכאַפּנדיק און עס עפענען זיך ביי אונדז ברייטער די אויגן אויף דער צויבער־שיינקייט, נשמהדיקייט פון מאַנגערס חומש־לידער.

טיף איז האָפּערס מחשבה וועגן גורל פון אַ שעפער: "פאַראַן שרייבער, ניט גראַד ביי יידן, וואָס רעדן איין אַנדערע און אויך זיך, אַז זיי שרייבן אין נוסח, לאָמיר אָננעמען, פון פּרוסט, צי פון קאַפקאַ, אויב דאָס איז ניט קיין באַוווסטזיניקע אָפּנאַרעריי, איז עס אין בעסטן פאַל אַ גראָבע נאַיוויטעט. קאַפקאַס אופן פון שרייבן איז נישט נאָר דער אינהאַלט, איז דירעקט פאַרבונדן מיט זיין פּערזענלעכן גורל. זיין גורל האָט נישט דערלאָזט, אַז ער זאָל אַנדערש שרייבן ווי ער האָט געשריבן. מען קאָן מער אָדער ווייניקער נאָכמאַכן זיין סטיל, אָבער זיין גורל קאָן מען נישט נאָכמאַכן".

מיט דעם אַליין דייט אָן האָפּער, מיט רעכט, אַז אויך מאַנגער געהערט צו דער פּליעאַדע שעפער, וואָס זענען איינמאַליק, איין־און־איינציק, אויף תמיד".

האָפּערס מחשבה וועגן גורל פון אַ שרייבער איז פאַר אונדז אויסגעטעסטאַלירט לויטער־ריין און בלוטיק־נאָענט און טייער: "מאַנגערס גורל איז דער גורל פון אַ פּאָעט אַ זינגער. אים איז באַשערט געווען צו זיין אין זיין צייט דער איינציקער זינגער צווישן אונדזערע פּאָעטן. ער האָט אויסגעזונגען ברייט־יידישן נוסח מיט גרויס יידיש געפיל. אים איז אויך באַשערט געווען מיט אַ ביטערער באַשערטקייט צו זיין דער לעצטער זינגער פון אַ מיליאָניקער עדה, וועלכע האָט אויפגענומען זיין געזאַנג, ווען אַליין האָט זי זיך שוין געפונען אויפן ראַנד פון אומקום".

צווישן די פיל ווערק, וועלכע זענען געשריבן און וועלן נאָך געשאַפן ווערן וועגן איציק מאַנגערן, וועט יחיאל האָפּערס מאַנגער־בוך זיין צווישן די אַנגעזעענסטע און שענסטע, ווייל אים איז געראָטן מיט ליכטיקע אויגן און אַ גאָלדן האַרץ מייסטערהאַפט צו אַנטפּלעקן פאַר אונדז דעם ווונדערלעכן סוד פון מאַנגערס גרויסער שאַפונג.

# אַפּרופֿן

## מ. מ. שאַפּיר "די פֿלייט פֿון מיינע ביינער" 94 זייטן מאָנטרעאַל 1978

דאָס איז דאָס צענטע לידערביכל פֿון דיכטער. דער רוב לידער זענען חשבון הנפשדיקע, סך הכלדיקע ווי סע פּאַסט פֿאַר אַ צענט לידערבוך. אין זיין סאַמע ערשטן לידער־בוך "אַ סטעזשקע", וואָס איז אַרויס אין זעלבן מאָנטרעאַל אין 1940 האָט דער דיכטער געמאָלדן:

ווער סע וויל גאָלד און זילבער\
און אַ סך דערצו —\
איך — דער נע ונדניק —\
בלויז אַ ווינקל רו.

די פֿערציקער יאָרן, דער סאַמע טראַגישסטער יאָרצענדליק פֿון אונדזער טראַגישן יאָרהונדערט — מלחמה, גאַז־קאַמערן אין אַנהייב, ליקווידאַציע פֿון דער יידישער קולטור אין רוסלאַנד ביים סוף. די וועלט איז אויפֿגעטרייסלט געוואָרן און עד היום זיך ניט איינגעשטילט און בתוכם ניט נאָר דאָס שטעטל שאָץ מיטן דיכטערס וויג אין דער בוקאָווינע נאָר אויך דאָס ווייטע "ווינקל רו" אין קאַנאַדע מיטן דיכטערס שרייבטישל. פֿון 1940 ביז 1963 — עס זענען אַוועק 23 יאָר פֿון ערשטן ביזן צווייטן לידערבוך מ.מ. שאַפּירס, אָבער ווי נאָר ער איז ווידער אַרויף אויף דער שיף פֿון דיכטונג האָט ער שוין ניט אויפֿגעהערט צו שניידן קעגן שטראָם, קעגן שטראָם פֿון אַסימילאַציע און דערווייטערונג פֿון יידיש און יידישקייט און אָט אין 1978 האָבן מיר "די פֿלייט פֿון מיינע ביינער", דאָס צענטע לידערבוך דעם דיכטערס:

אַ מאָל קומט מיר אונטער אַ מאָדנע געדאַנק\
צו צעברעכן די פֿען מיטן טינטער\
און צו נעמען זיך בעסער צו סיי וואָס ס'איז\
וועט אַלץ נאָך זיין געזינטער.

מיר לייענען די מאָדנע שורות און שמייכלען אַ מאָדנע שמייכל, ווייל ערגעץ אויף אַן אַנדער אָרט, ווייטער אין זעלבן ביכל לייענען מיר:

אַ מאָל, אַז ער ט'שרייבן דאָס צוואַנציקסטע בוך,\
דאָס צענטע איז, זעט איר, פֿאַרטיק —\
וועלן לייטן זיך לאָזן געבן אַ קוק\
אויף זיין מאָדנער איינגעשפּאַרטקייט.

ניט באַוויזן אָפּצודרוקן די עטלעכע שורות וועגן מ.מ. שאַפּירס צענט לידערבוך און שוין איז אַרויס אַ נייס, דאָס עלפטע א.נ. "די ליפּן פון מיין טרויער" ער האָט דעריאָגט און איבערגעיאָגט אונדזער "ירושלימער אַלמאַנאַך" מיט אַ תאווה פון אַן אמתן בעל עבירהניק טרעפן מיר טאַקע ביי אים אַ ליד א.נ. "דער אַלטער בעל עבירהניק" ווו מיר לייענען:

וואָס דאַרף ער זיך שעמען צו האַלדזן אין פעלד
דער בעריאָזעס ליכטיקע גלידער,
וואָס דאַרף ער זיך שעמען צו שרייבן דערפון
אין פּשוטע יידישע לידער

מיר וואַרטן אויף זיין צוועלפטן לידערבוך, ווייל:

פאַראַן נאָך שיינקייט, וואָס ר'האָט ניט געזען,
פאַראַן נאָך פאַרבאָרגענע שטערן,
פאַראַן נאָך פריידן, וואָס ר'האָט ניט פאַרזוכט
און ניט דערלייזטע טרערן.

## קלמן סעגאַל / אַליינקייט / דערציילונגען / ירושלים 1977

קלמן סעגאַלס בוך דערציילונגען "אַליינקייט" איז אַ געזאַנג, אַ טרויעריק געזאַנג וועגן איינזאַמקייט און עלנט. ס'איז אַן עלנט צו וועלכן עס ציט אים און אין וועלכער ער לעבט זיך אויס. דאָ קאָן מען שטעלן אַ פראַגע טאַקע זיינע, סעגאַלס אַן אָפטע פראַגע צו שרייבערס — צוליב וואָס שרייבט ער? צוליב וואָס די קאָמוניקאַציע מיטן לייענער, זאָל זיין מיטן דירעקט־אומגעזעענעם לייענער, וועלכן ער זוכט, דאַכט זיך, נישט, כדי זיך מיט אים צו טיילן. דער ענטפער איז: די איבערגעפולטקייט. ווען דער כוס ווערט פול און גיסט זיך איבער, דעמאָלט וועקט זיך אויף אין סעגאַלן דער שרייבער, דעמאָלט וועקט זיך אויף אין אים דער ראַפינירטער געשמאַק, כאָטש נישט שטענדיק דעליקאַטער געשמאַק, פון אַן אויסערגעוויינלעך קלוגן קינסטלער מיט זיין בילדערישער איראָניע און זעלבסטאיראָניע.

מיט קיין חכמה אַליין קאָן אָבער אַ קינסטלער ווייט נישט פאַרפאָרן. דער "אין חדש תחת השמש" איז נישט קיין סטימול פאַר אַ קינסטלער און סעגאַל איז קוהלתדיק ביז אין מאַרך פון זיינע ביינער. האָט אים אָבער גאָט געבענטשט אָדער געשטראָפט מיט אַ כח הדמיון, וואָס לאָזט אים נישט שלאָפן און אויב שוין שלאָפן איז מער חלום ווי שלאָף. אמת, זיינע געשטאַלטן זענען נישט קיין רעאַלע אָדער רעאַליסטישע, ווי מע איז זיך נוהג אויסצודריקן, אָבער אויך נישט קיין הימליש־אויסגעטראַכטע. זיי זענען דער עכאָ פונעם ווייגעשריי פון דער ווירקלעכקייט, אָפט אַ סעלעקטיווער עכאָ און אָפט אַ דאָפּלטער. יעדער קינסטלער באַשטימט אויף זיין אופן די פּראָפּאָרץ.

איך האָב אַנומלטן איבערגעלייענט אַ לאַנגע פּאָעמע פול מיט תורה, חכמה און וויסן פון אַ באַקאַנטן אָנגעזעענעם דיכטער. בין פאַרכאַפּט געוואָרן ווי פון אַ שיינער געזונגענער

דרשה אָבער די אויגן זענען מיר געבליבן ליידיק און באַליידיקט. ווי פאַרמאָגט עס נישט אַ שרייבער קיין טראָפּן פאַנטאַזיע.

ישעיהו הנביא איז באַקאַנט מיט זיין גרויסן חלום וועגן שלום אָבער גרויס און אייביק האָט ישעיהון געמאַכט די זעונג, דאָס בילד פונעם שלום — וגר זאב עם כבש.

די אָריגינעלקייט פון קלמן סעגאַל באַשטייט אין דעם, וואָס שרייבנדיק אַנדערש ווי אַנדערע בלייבט ער דאָך דער פאַרביקער דערציילער, וואָס פאַרכאַפּט דעם לייענער לויט אַלע פאַרבאָרגענע כללים פון כשוף. אויב ביי אַנדערע דערציילערס זעט מען אָן דאָס פאַרדעקטע אָרט, ווו ער האַלט זיינע שעפערישע סודות באַהאַלטן, ווערסטו אַזאַ אָרט ביי סעגאַלן נישט אַנטדעקן. פשוט, נישטאָ קיין סודות און גיי זוך מיך.

ער איז אַ דערציילער, וועלכער לייענט זיך מיט אינטערעס און פאַרכאַפּט דעם לייענער, כאָטש מיט קיין פריילעכע מעשות נאָרט ער זיי קיין מאָל נישט.

זיינע געשטאַלטן וויגן זיך מיט אַ לירישער ריטמישקייט. דער ליריזם פון זיין פּראָזע איז ווי אַ פאַרטויבונגס־מיטל, דער לייענער זאָל נישט פילן קיין ווייטיק, בעת ער, סעגאַל, שניידט שטיקער פלייש פון זיין לייענער און פון זיך אַליין. קיין ווייטיק פילט מען טאַקע נישט נאָר דאָס מעסער און זיין שאַרפקייט פילט מען דאָך. די דערציילונגען לייענען זיך און פאַרגעסן זיך, כדי זיי ווידער לייענען מיט דער זעלבער ערשטיקער הנאה.

איך ברענג נישט קיין נעמען פון באַזונדערע דערציילונגען און ציטיר נישט און טייל נישט אויס קיין באַזונדערע שטעלן, ווי מע איז זיך נוהג, פשוט, ווייל איך ווייס נישט, וועלכן נאָמען פון אַ דערציילונג נישט צו דערמאָנען, וואָס נישט צו ציטירן און נישט אויסצוטיילן, לאָז איך עס איבער אויפן איינזען פונעם לייענער.

**מאיר חריץ**

# קולטור־כראָניק

## יוסף קערלער און פֿרוי צוגאַסט אין מעלבורן (אויסטראַליע)

נישט לאַנג צוריק האָבן זיך אומגעקערט פֿון אויסטראַליע יוסף קערלער און זיין פרוי אַננאַ, וועלכע זענען איינגעלאַדן געוואָרן דורך דעם דאָרטיקן יידישן קולטור־צענטער "קדימה".

יוסף קערלער האָט מיט הצלחה דורכגעלייענט זיבן רעפעראַטן, וועלכע האָבן בעיקר באַרירט די פּראָבלעמאַטיק פֿון מדינת ישראל, פֿון רוסלענדישן יידנטום, געשיכטע פֿון דער יידישער קולטור אין רוסלאַנד, עליה, קליטה און די נושרים־פּראַגע.

אַ באַזונדער אינטערעס האָבן אַרויסגערופֿן ביים עולם קערלערס זכרונות וועגן די אומגעבראַכטע יידיש־סאָוועטישע שרייבער און דער אָוונט געווידמעט דעם דיכטערס לעצט־דערשינענער לידער־זאַמלונג "די ערשטע זיבן יאָר".

סע זענען אָנגעקניפּט געוואָרן ביז גאָר פריינדלעכע קאָנטאַקטן מיט די מעלבורנער יידישע שרייבער, קולטור־געזעלשאַפטלעכע טוער און מיט אַקטיווע יידיש־לייענער. ס'איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ קרייז פֿון פאַרשפרייטער און שטיצער פֿון "ירושלימער אַלמאַנאַך".

## די אָוונטן פֿון דער יידישער קולטור-געזעלשאַפֿט אין ירושלים

דער סעזאָן פון תשל"ט האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער יערלעכער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אויף וועלכער עס איז אויסגעקליבן געוואָרן די נייע פאַרוואַלטונג. דאָס איז געווען דעם 27טן נאָוועמבער 1978. אויף דער פאַרזאַמלונג זענען חוץ וואַלן צו דער נייער פאַרוואַלטונג אויך אַרומגערעדט געוואָרן אַקטועלע פּראָבלעמען און באַזונדערס די פראַגע פון אָנהייבן איינפירן דעם לימוד פון יידיש אויך אין די מיטלשולן פון ירושלים.

דער טראַדיציאָנעלער חנוכה־אָוונט איז היי־יאָר געשטאַנען אין צייכן פון צוטיילן דעם נאָבל־פּרייז פאַר ליטעראַטור דעם שרייבער יצחק באַשעוויס־זינגער. אַן אַלזייטיקן רעפעראַט וועגן דעם שרייבער און זיין ווערק האָט געהאַלטן יצחק הרכבי. באַגריסונגס־רעדעס האָבן געהאַלטן: חיים תּורן אין נאָמען פון ישראלדיקן פּען־קלוב און יוסף קערלער אין נאָמען פון דער יידישער שרייבער־גרופּע אין ירושלים. חזן ח.א. מאַזאָוויעצקי האָט געצונדן חנוכה־ליכט און מיט חנוכה־לידער בציבור האָט זיך דער אָוונט פאַרענדיקט ביי אַ פולן זאַל אין וואַן־ליר־אינסטיטוט. פאָרזיצער פון אָוונט איז געווען שלום מאָראַנץ.

„יידישע קולטור אויף פיר קאָנטינענטן" — דאָס איז געווען די טעמע פונעם רעפעראַט פון פאַרזיצער פון וועלט־ראַט פאַר יידיש און יידישער קולטור יצחק קאָרן וואָס איז געהאַלטן געוואָרן אויפן אָוונט פון 29טן יאַנואַר 1979, וואָס איז פאַרגעקומען אונטערן פאָרזיץ פון יעקב ניומאַן. נאָכן רעפעראַט האָט דער פּרעליגענט געענטפערט אויף די געשטעלטע פראַגעס פונעם פובליקום.

אויפן אָוונט פון 11טן פעברואַר האָבן די מיטגלידער פון דער קולטור־געזעלשאַפט באַערט דעם אָנדענק פון וויצע־פאַרזיצער און איינע פון די גרינדערס פון דער געזעלשאַפט ד"ר שרה פעדער־חפץ ז"ל — צו די שלושים פון איר פטירה. דעם פאָרזיץ פון דעם אָוונט — וואָס איז פאַרגעקומען מיט דער באַטייליקונג פון אַ גאַנצער ריי געזעלשאַפטן און אָרגאַניזאַציעס אין וועלכע די פאַרשטאָרבענע איז געווען אַקטיוו — האָט געפירט פּראָפ׳ יצחק וואַלערשטיין.

אַן אָוונט צום אָנדענק פון פּרץ מאַרקיש אין שייכות מיטן דערשיינען פון זיין פּאָעמע „דער פּערציק־יעריקער מאַן", אַרויסגעגעבן דורכן ליטעראַטור־פאָנד א.ב. פון ד"ר שמואל און רבקה הורביץ, איז פאַרגעקומען אין וואַן ליר־אינסטיטוט דעם 5טן מערץ. אין צענטער פון דעם אָוונט זענען געשטאַנען די דריי רעפעראַטן פון יצחק הרכבי, פּראָפ׳ מיכאל זאַנד און פּראָפ׳ גרשון וויינער, וועלכע האָבן באַלויכטן דאָס ווערק פון אַלע אַספּעקטן. אין נאָמען פון דער משפחה האָט דעם אָוונט באַגריסט און באַדאַנקט דעם ליטעראַטור־פאָנד פאַר אַרויסגעבן דאָס בוך די אַלמנה אסתר מאַרקיש. דער „הבימה"־שוישפּילער ישראל בעקער האָט געלייענט פראַגמענטן פון דער פּאָעמע.

דעם 21סטן מערץ איז פאַרגעקומען אַ פּורים־אָוונט אונטערן פאָרזיץ פון שלום מאַראַנץ מיט געזאַנג און רעציטאַציע מיט דער באַטייליקונג פון דער רבנית חוה גערשטיין, אריה פירסטנבערג, אברהמל ציקערט און חזן אריה מאַזאָוויעצקי.

דער אָוונט חול־המועד פּסח איז געווען געווידמעט דער פאַרטיילונג פון דער סובווענץ אַרויסצוגעבן אַ יידיש בוך מצד דעם ליטעראַטור־פאָנד א.ב. פון ד"ר שמואל און רבקה הורביץ פאַרן יאָר 1979. ביי דער געלעגנהייט האָט פּראָפ׳ חיים בראַנדווײַן פון בראַנדייס־אוניווערזיטעט אין ניו־יאָרק געהאַלטן אַן אינטערעסאַנטן רעפעראַט א.ד.ט. „וועגן שלום־מאָטיוון אין דער יידישער ליטעראַטור" און חזן נפתלי הערשטיק האָט געזונגען יידישע פאָלקסלידער. ד"ר י.ח. בילעצקי האָט געלייענט די מאָטיוון פון דער זשורי און דער פּרעמירטער דיכטער, דוד ספּאַרד, האָט געענטפערט און געלייענט פון זיין פּרעמירטן בוך פּאָעזיע געשריבן אין די צען יאָר פון זיין לעבן אין ישראל „שפּאַצירן אין דער נאַכט". באַגריסט דעם מחבר האָבן נאָך: דער פאַרזיצער פון דער קולטור־געזעלשאַפט יצחק הרכבי און דער פאַרזיצער פון דעם אָוונט פּראָפ׳ גרשון וויינער. ד"ר משה א. יפה האָט גערעדט וועגן דער צוזאַמענאַרבעט און הילף פון היכל שלמה לטובת דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט.

אינעם אָוונט געווידמעט דער יום השואה והגבורה האָבן זיך באַטייליקט ד"ר משה חיים ווײַלער און אברהם ציקערט. רעציטאַציעס פון שואה־שאַפונגען האָט געגעבן סימע סקורקעוויטש, די אזכרה האָט אָפּגעריכט חזן מאַזאָוויעצקי, פאַרזיצער פון אָוונט איז געווען הרב צבי תבורי.

צום ״יום ירושלים״ איז פֿאַרגעקומען אַן אינטערעסאַנטער רעפעראַט פֿון **יעקב צור** א.ד.ט. ״יונגע יאָרן אין ירושלים״ — דערינערונגען און זכרונות פֿון ירושלים מיט איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. דעם גאַסט האָט פֿאָרגעשטעלט פֿאַרן עולם דער פֿאָרזיצער יצחק הרכבי.

אַן אָוונט א.ד.ט. **״דער וועג צום שלום״** איז פֿאַרגעקומען אין חודש יולי מיט דער באַטייליקונג פֿון כנסת־דעפּוטאַט **דב שילאַנסקי**, הרב **מרדכי קירשבלום** און **יצחק הרכבי**, וואָס האָט אויך געפֿירט דעם פֿאָרזיץ.

אין סעפּטעמבער איז פֿאַרגעקומען אַן אָוונט לכבוד דעם שרייבער **נחמן ראַפּפּ**, אין שייכות מיטן דערשײַנען פֿון אַ ריי נײַע ביכער זײַנע. באַטייליקט האָבן זיך יצחק הרכבי (פֿאָרזיצער), שמעון קאַנץ און דער מחבר. מיט רעציטאַציעס פֿון ראַפּפּס שאַפֿונגען זענען אויפֿגעטראָטן שורע גרינהויז און אַנקאַ שמיר.

## פֿאַרטיילונג פֿון רובינליכט-פּרײַז בײַם פֿאַראיין פֿון ייִדישע שרײַבער אין ישראל

דער פֿאָנד פֿון חנה און **לייב רובינליכט** האָט דעם ייִדישן שרייבער־פֿאַראיין אין ישראל באַפֿרייט פֿון אַ זאָרג ערב יעדער פֿאַרטיילונג פֿון זײַן פּרעמיע — ווּ צו קריגן די מיטלען דערצו. זיי האָבן פֿאַרוואַנדלט אָט די פּרעמיע אין אַ באַשטענדיקער, און אַ יאָר־יערלעכער.

מאָנטיק, דעם 8טן אָקטאָבער 1979, איז אין לייוויק־הויז פֿאַרגעקומען די פֿייערונג פֿון דער צווייטער פֿאַרטיילונג צו פֿיר ייִדישע שרייבערס אין ישראל. די צווייטע פֿאַרטיילונג פֿון דער פּרעמיע פֿון ייִדישן שרייבער־פֿאַראיין, זינט זי טראָגט דעם נאָמען פֿון חנה און לייב רובינליכט:

אין דער קורצער צײַט זינט דעם באַשלוס פֿון דער זשורי ביז דער פֿייערונג האָט, צו אונדזער אַלעמענס צער דער טויט פֿון אונדז אַוועקגעריסן איינעם פֿון די פּרעמירטע שרייבער — **לייב מאָרגנטוי ז״ל.**

פּרעמירט זענען אויך געוואָרן אונדזער ירושלימער דיכטער **זיאַמע טעלעסין**, די דיכטע־רין פֿון חיפֿה רבקה קוויאַטקאָווסקי־פּנחסיק און דער שרייבער **אפֿרים שרייער.**

## מאַנגער-פּרײַז — 11טע פֿאַרטיילונג

געעפֿנט די פֿייערונג האָט דער העברעישער שרייבער און רעדאַקטאָר שלום ראָזנפֿעלד. נאָך דער אינהאַלטרײַכער רעדע פֿון נשיא מדינת ישראל יצחק נבון האָבן באַגריסט א. ב. יפֿה אין נאָמען פֿון העברעישן שרייבער־פֿאַרבאַנד און אין נאָמען פֿון ייִדישן שרייבער־פֿאַראיין אין ישראל — **מרדכי צאַנין.**

עס איז איבערגעלייענט געוואָרן דער דאַנק־בריוו פֿון אברהם זאַק, וואָס האָט, לײַדער, צוליב געזונט־טעמים, נישט געקאָנט קומען צו געניסן פֿונעם כּבֿוד וואָס איז אים צוגעטיילט געוואָרן.

**אברהם זאַק**, זאָגט זיך אין די מאָטיוון פֿון דער זשורי האָט אונדז באַרײַכערט מיט אַ

סטויג שאַפונגען פון כלערליי כאַראַקטער און סאָרט — פּאָעזיע, פּראָזע, עסיי און מעמואַר, מאמר און רעפלעקסיע, וואָס אָפּשפּיגלענדיק לעבן און שטימונג פון אַ יחיד נעמען זיי אַרום כמעט דריי דורות.

**שמשון מעלצער** דער באַקאַנטער און באַליבטער העברעישער דיכטער האָט מיט צוויי יאָר צוריק אַרויסגעגעבן זיינע שאַפונגען אין זיבן בענד. די קריטיק האָט אונטערגעשטראָכן דעם בולטן און רייכן יידיש־עלעמענט, וואָס איז אָרגאַניש פאַרוועבט אין זיינע העברעישע טעקסטן און וואָס האָט געפונען אויסדרוק אין זיינע צוויי באַזונדערע בענד "על נהרות", וואָס שפּיגלט אָפּ אין צען טיילן דעם גאַנג פון דער מאָדערנער יידיש־דיכטונג. די זשורי האָט געהאַלטן פאַר איר חוב אָט די געלונגענע איבערשאַפערישע קולטור־אַרבעט צו באַקרוינען.

**חוה ראָזנפאַרב** האָט ווי אַ יונג מיידל דורכגעמאַכט דעם גרויל פון לאָדזשער געטאָ און שפּעטער — דעם שווידער פון די דייטשע טויט־לאַגערן. מיט דעם זענען פול אירע לידער, וואָס זי האָט זיי געשריבן נאָך דער באַפרייונג און זיך דערוואָרבן אַן אָנגעזעען אָרט און דער יידישער דיכטונג. זי איז אָבער אויפגעשטיגן צו אַן איבערראַשנדיקער קונסטלערישער הייך מיט איר מאָנומענטאַלן פּראָזע־ווערק "דער בוים פון לעבן". עס איז אַ ווערק, וואָס דערהייבט זיך צו די גרויסע שאַפונגען אין דער וועלט־ליטעראַטור, זאָגט זיך אין די מאָטיוון פון דער זשורי.

וועגן **שלמה רויטמאַן** זאָגט די זשורי — ער געהערט צו די נעבעגטשטע דיכטערס, וואָס זייער שאַרפע עמאָציאָנעלקייט שפּאַרט אַן אין די סאַמע חדרי חדרים פון פּאַרטיפּטער דענקערישקייט. זיין השתפכות־הנפש באַשטייט פון אַ השתפכות הלב און אַ השתפכות המוח צוזאַמען. ער האָט אין ישראל שוין אַרויסגעגעבן דריי לידער־ביכער: "דער לץ און דער ריטער", "מיין ישראל שופרל" און "סאַבעטן".

**שלמה שנהוד** איז ממשיך דעם וועג פון גרויסע העברעיש־יידישע דיכטער. ער האָט זיין אָנהייב געמאַכט אין יידיש אין יאָר 1938 און ניין יאָר שפּעטער דעביוטירט אין עברית, פאַרזעצנדיק פּאַראַלעל צו שאַפן אין יידיש. ער האָט זיך אויך אַנטפּלעקט ווי אַ מייסטער־איבערזעצער פון די שענסטע יידישע פּאָעזיע־און־פּראָזע־שאַפונגען אויף עברית. ער האָט זיך אַנטפּלעקט ווי אַ קענער פון קבלה און זוהר און האָט אַריינגעבראַכט אין דער דיכטונג פון ביידע ליטעראַטורן אַ נייע גרויסע טעמע.

דעם אָוונט האָט באַשיינט דער באַוווסטער קינסטלער **הערץ גראָסבאַרד**, די פּידלערין **עווא שטראָום מאַרקאַ**, די זינגערין **נתניה דברת** און **ליאַ קעניג**, וועלכע האָט פירגעטראָגן פון מאַנגערס וווּנדערלעכע שאַפונגען.

## אָוונט געווידמעט די שאַפונגען פון מאיר חרץ

מאָנטיק דעם 15טן אָקטאָבער 1979 איז פאָרגעקומען אין לייוויק־הויז אין תל אביב אַן אָוונט געווידמעט צוויי לידערביכער פון **מאיר חרץ** — "שטערן אויפן הימל" ירושלים 1977 און "דאָס פינפטע ראָד" ירושלים 1978. דער פאָרזיצער פון אָוונט דער דיכטער מאָטל סאַקציער האָט אין זיין וואָרט געבראַכט צום אויסדרוק זיין הויכע אָפּשאַצונג פון חרצס

דיכטונג, וואָס ער פאָלגט נאָך פון די ערשטע טריט אָן. יאָסל לערנער האָט דערציילט זכרונות פון זיינט זיין ערשטער באַגעגעניש און זיין באַקאַנטשאַפט מיטן דיכטער אין 1937 און פאַרשידענע עפּיזאָדן פון זייערע קאָלעגיאַלע און נאָענט־חברישע באַציונגען, במשך יאָרצענדליקער דאָרט אין טשערנאָוויץ און זינט 1972 דאָ אין ישראל. ער דערציילט וועגן חרצס מוטיקן קעגנשטיין די פאַרפאָלגונגען פון דער טשערנאָוויצער אָפּטיילונג פון אוקראַי־נישן שרייבער־פאַרבאַנד און זיינע יידישע משרתים בלאָשטיין און מאַלאַמוד.

אברהם ביק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער באַסאַראַבישער ערדישקייט פון חרצס דיכטונג, וועלכע דערגרייכט אַלע הייכקייטן איבער זיך. די עכטע טענער פון זיין מייס־טעריש געפורעמטן פשטותדיקן פערז און זייער עמאָציאָנעלער אָנגעלאָדנקייט.

צום שלוס האָט דער דיכטער געלייענט עטלעכע קורצע לידער פאַרן געקליבענעם עולם, וואָס האָט אויסגעפולט דעם זאַל פון לייוויק־הויז.

## יודל קאַרמאַן ז״ל

ער איז געווען זיין גאַנץ לעבן אַ טרייער, ווירדיקער און אומדערשראָקענער געזעלשאַפטלעכער טוער און קעמפער פאַר מענטשלעכע רעכט — פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה אין פראַנקרייך; בעת דער מלחמה אין פראַנצויזישן מילי־טער און אין דער אונטערערד פון אַשוויענטשים; נאָך דער מלחמה — איינער פון די אָפּעראַטיווסטע און טרייסטע יידישע טוער אין פוילן.

דער יודאָפאָבישער אויפרייס אין די קאָמוניסטישע לענדער, וואָס האָט זיך אָנגע־הויבן מיט דער קאַמפּאַניע קעגן "די תלמודיסטן, קאָסמאָפּאָליטן און מענטשן אָן אַ שטאַם און אָן אַ נאָמען", שפּעטער זיך פאַרוואַנדלט אין דעם מאַקאַברישן פּאָגראָם אויף די יידישע שרייבער און יידישע קולטור־טוער און לסוף איבערגעגאַנגען אין אַן אָפענעם קרייצצוג פון בלבולים קעגן יידישן פאָלק אין גייסט פון די "פּראָטאָקאָלן פון די זקני־ציון" האָט פאַר אים, ווי פאַר פיל טויזנטער אַנדערע יידישע קאָמוניסטן אויפגעדעקט דעם אמתן תוך פון די דיקטאַטאָרישע ראַסיסטישע רעזשימען אונטער דער מאָסקע פון קאָמוניזם.

אָבער זיין אָפּטימיסטישע נאַטור און געזעלשאַפטלעכער טעמפּעראַמענט האָבן נישט דערלאָזט ער זאָל אַריינפאַלן אין ייאוש. ער האָט געפונען אַ גרייט פעלד אין קרייז פון נאַציאָנאַלער יידישער אַרבעט אין פּאַריז, ווו ער האָט שנעל דעראָבערט די ליבשאַפט אין אָנערקענונג פון אַלעמען, אַ דאַנק זיין טרייער און ענערגישער טעטיקייט לטובת דער יידישער קולטור און אירע שעפער. אַלע, וואָס האָבן אים געקענט און באַזונדערס די יידישע שרייבער האָבן אין אים פאַרלוירן אַ האַרציקן פריינד און חבר און אַלס אַזאַ וועט ער אויך אייביק בלייבן אין אונדזער זכרון.

**דערשינען:**

**יוסף קערלער — די ערשטע זיבן יאָר:** לידער געשריבן אין ישראל. דאָס בוך איז איינגעטיילט אין 4 גרעסערע ציקלען: **לידער פון אַ ותיק חדש, זכרונות, די פייל פון רעגנבויגן.** און **עפּיגראַמאַטיש** (עפּיגראַמען און עפּיטאַפיעס). 138 זייטן קליינער לוקסוס־פאָרמאַט, פאַרביק אילוסטרירט פון קינסטלער **צפניה קיפּנים.** פאַרלאַג "אייגנס" ירושלים תשל"ט — 1979.

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן צום מחבר: שדרות אשכול 12/6, ירושלים.

**יעקב פרידמאַן — געזעגן אויף אַ ווייל:** פאַרלאַג "ישראל־בוך" תל־אביב, תשל"ט — 1979. 338 זייטן האַרטער איינבונד. דאָס בוך פאַנגט זיך אָן מיט אַ ליד "כמעט אַ שפּאַס" און אַנטהאַלט קורצע דערציילונגען געדרוקט אין "לעצטע נייעס" און "דבר" אין די יאָרן 1955—1967. די דערציילונגען ווערן געגעבן כראָנאָלאָגיש, חוץ אַ לענגערע דערציילונג צום סוף, ווי אויך צוויי אינטערעסאַנטע בריוו צו קאַדיע מאָלאָדאָווסקי.

דאָס בוך אַנטפּלעקט פאַר אונדז דעם באַליבטן דיכטער יעקב פרידמאַן ז"ל אויך אַלס פּראָזע־מייסטער מיט אַ שאַרף אויג און מיט זעלטענעם חוש פאַר שטיל־שמייכלענדיקן הומאָר.

**פון חלום צו שלום פון יצחק לודען:** פאַרלאַג "לעצטע נייעס", תל־אַביב, תשל"ט—תש"מ 1979. 235 זייטן, מיט אַ ווידמונגס־בילד פון באַוווּסטן קינסטלער יאָסל בערגנער. אַריינפיר־וואָרט פון מרדכי צאַנין. אין בוך קומען אַריין פאַרציי־כענונגען, אַרטיקלען און רעפּאָרטאַזשן ביים באַגלייטן די רעגירונגס־דעלעגאַציע פון ישראל אויף די שלום־געשפּרעכן אין קאַיר.

יצחק לודען — רעדאַקטאָר פון דער סאָציאַליסטישער חודש־שריפט "לעבנס־פראַגן" איז אַ יחיד בימינו אין דער יידישער פּובליציסטיק. זיין דראַסטישע רעאַק־ציע אויף אונדזער אַקטועלער פּראָבלעמאַטיק איז שאַרף, בליציק, פּרינציפּיעל. זיין שפּראַך — לעבעדיק, געצוימט און פאַלקסטימלעך.

*

## ביאָביבליאָגראַפיע

### אַלטשולער מרדכי

געבוירן אין 1932 אין פּוילן. עולה געווען קיין ישראל אין 1949. באַקומען דעם דאָקטאָראַט פון יידישער געשיכטע אינעם ירושלימער העברעישן אוניווערסיטעט פאַר אַ פאָרש־אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער סעקציע אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ראַטנפאַרבאַנד. איז סעניאָר־לעקטאָר אינעם אָפּטייל פאַר מזרח־אייראָפּע אינעם אינסטיטוט פאַרן היינטצייטיקן יידנטום ביים ירושלימער אוניווערסיטעט. האָט פאַרעפנטלעכט פיל אַרבעטן וועגן געשיכטע און קולטור פון די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד.

### בר-עוזי ש. (פּסעוודאָנים)

געבוירן אין שטעטל ראַדזימין ביי וואַרשע אין אַ חסידישער משפחה. געלערנט אין חדר. אָנהויב 20־ער יאָרן געאַרבעט אין וואַרשע.

אין יאָר 1923 — צוזאַמען מיט אַ גרופּע יידישע אַרבעטסלאָזע יונגעלייט אַוועק, אומלעגאַל קיין רוסלאַנד. געוואָרן תיכף אַרעסטירט אויף עטלעכע חדשים.

אין רוסלאַנד זיך איינגעאָרדנט, געאַרבעט, געשאַפן אַ משפחה, פאַרענדיקט אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע הויכשול.

אין יאָר 1937, אין סאַמע ברען פון סטאַלינס מאַסן־עקזעקוציעס — צום צווייטן מאָל אַרעסטירט. בעת די פאַרשונגען שרעקלעך געפייניקט געוואָרן און פאַרמשפּט אויף 10 יאָר. געווען אין תפיסות און קאַטאָרגע־לאַגערן אויף צפון־און מזרח־סיביר. געאַרבעט אין די וועלדער און אויף ביי־בויונגען ביז צו פולער אויסשעפּונג. געוואָרן בלינד.

אין יאָר 1946 זיך צוריקגעקערט, אָבער אָן רעכט צו ווינען אין זיין היים־שטאָט מיט דער משפּחה. יאָרן געווען נע ונד ביז איינאָרדענען זיך אויף אַרבעט.

נאָך אין לאַגער זייענדיק, פאַרצייכנט פאַקטן און געשעענישן צו זיינע שפּעטערדיקע זכרונות וועגן די דרייסיקער יאָרן אין דער מאָרד־תקופה פון סטאַלינען.

אין די זעכציקער יאָרן געמאַכט באַמיונגען אַרויסצופאָרן קיין ישראל, אָבער 5 יאָר געצוווּנגען געווען צו וואַרטן אויף דער דערלויבעניש.

עולה געווען אין יאָר 1971 און תיכף אָנגעהויבן צו זאַמלען זיינע פאַנאַרדערגעשיקטע אין פאַרשידענע לענדער פאַרצייכענונגען. אַ טייל פון די שוין אָנגעשריבענע זכרונות זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין פאַרשיידענע אויסגאַבעס אין יידיש און עברית.

מיר גלויבן, אַז די ווערטפולע זכרונות פון בר־עוזי וועלן זיך באַווייזן ענדלעך אין אַ בוך־פאָרם.

איצטער איז בר עוזי אַ פּענסיאָנער און לעבט צוזאַמען מיט זיין פרוי, אַ קראַנקער און כמעט בלינדער, אין אַן עלטערן־הויז.

## יאַנקל גוטקאָוויטש

געבוירן אין ווילנע אין יאָר 1909, זשורנאַליסט, סעקרעטאַר פון דער "פאָלקס־שטימע" אין וואַרשע, געזעלשאַפטלעכער טוער.

אין יאָר 1966 אַרויסגעגעבן אין "יידיש־בוך" אַ זאַמלונג פון וויכטיקע דאַטעס און ביאָגראַפישע ידיעות וועגן יידישע שרייבער, קינסטלער און געלערנטע לויט אַ קאַלענדאַרישן סיסטעם א.ב. "אויף אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר". איצט — פאַרוואַלטער פון צענטראַלן ביכער־פאַרקויף ביים יידישן אַלוועלטלעכן קולטור־קאָנגרעס, (ניו־יאָרק).

## יצחק הרכבי

יצחק הרכבי, דער לייטער פון קולטור־אָפטייל ביים ירושלימער יידישן וועלט־קאָנגרעס, איז געבוירן אין ביאַליסטאָק אין 1915 און דערצויגן געוואָרן אין אַרגענטינע, געקומען קיין ישראל מיט 25 יאָר צוריק, געווען מיטגליד פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיוו (אַלס דירעקטאָר פון חינוך און קולטור) און ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין אַ ריי דרום־אַמעריקאַנער לענדער. געשריבן אין יידישע און שפּאַנישע פּובליקאַציעס. אַרויסגעגעבן אַ בוך אונטערן נאָמען: "אוטאָפּישער רעאַליזם" אין שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש.

ער איז איצט אויך דער פאָרזיצער פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים.

## אהרן ווינקאָוועצקי

געבוירן אין שטעטל מוראַפע, וויניצער געגנט, אוקראַינע, אין 1903. באַקומען אַ יידיש־טראַדיציאָנעלע דערציונג. אין 1921 אָרגאַניזירט אין מוראַפע אַ יידישע אַרבעטס־שול פאַר קינדער־יתומים, נאָך די פּעטליורישע פּאָגראָמען.

אין די יאָרן 1923—1928 געלעבט אין אָדעס, געאַרבעט אַלס דערציער און לערער אין קינדער־היימען און יידישער אַרבעטס־שול, מיט וועלכע ס'האָט אָנגעפירט חיים חפץ. איינצייטיק געלערנט אין יידישן פאַקולטעט פונעם אינסטיטוט פאַר פאָלקס־בילדונג און אויך געאַרבעט אַלס רעזשיסער פון יידישע דראַמקרייזן אין אַרבעטער־קלובן.

אין 1932 געענדיקט דעם לענינגראַדער אינסטיטוט פאַר שיפס־בויונג און 32 יאָר גע־אַרבעט אַלס שיפּבויער. אַרויסגעלאָזט אַ מדריך פאַר פּראָבלעמען פון שיפּבויונג.

אין 1964 אַרויס אויף פּענסיע און געווידמעט פיל יאָרן דער יידישער מוזיקאַלישער פאָלקלאָר־קענטעניש. אין 1969 פאַרפאַסט (אָבער נישט פאַרעפנטלעכט) אַ גרויסע "אַנטאָ־לאָגיע פון יידישע פאָלקס־לידער", מיט וועלכע ער פאַרנעמט זיך ביזן היינטיקן טאָג.

געדרוקט אַ ריי אַרטיקלען אין דער וואַרשעווער "פאָלקס־שטימע", אויך אין "סאָוועטיש היימלאַנד" אין די יאָרן: 1968, 1970, 1971 און 1975.

מערער פון 4 יאָר געקעמפט פאַר דער עליה, און ענדלעך עולה געווען סוף 1976.

## ווייַנרויך (ווינאָקור), הערשל

געבוירן אין יאָר 1905, אַכרימאָווע, קיעווער געגנט. קינדווייז צוזאַמען מיט דער מוטער געלעבט אין אָדעס. באַקומען טראַדיציאָנעלע יידישע דערציונג. צוליב גרויסער נויט פרי אָנגעהויבן אַרבעטן. צו 15 יאָר — פרייוויליק אין דער רויטער אַרמיי. אָנטייל־גענומען אין בירגער־קריג פון 1920—1921. נאָך דער אַרמיי געאַרבעט אין אַ פאַבריק, גלייכצייטיק זיך געלערנט אין אָדעסער יידישן פעדאַגאָגישן אינסטיטוט. פאַרענדיקט אין יאָר 1932. זיין ערשטע דערציילונג "איטקע פון שווייפּראָם" פאַרעפנטלעכט אין מאָסקווער "עמעס" (1926). פון דאַן געדרוקט אַ גרעסערע צאָל דערציילונגען כמעט אין אַלע אויסגאַבעס פון דער יידיש־סאָוועטישער פעריאָדיק.

פון 1932 ביז 1938 — אין ביראָבידזשאַן. הילפס־רעדאַקטאָר פון "ביראָבידזשאַנער שטערן".

1940—1941 — מיטרעדאַקטאָר פון "ביאַליסטאָקער שטערן". אין 1941 געווען אין מינסקער געטאָ און צוזאַמען מיט אַן אָרגאַניזירטער פּאַרטיזאַנער־גרופּע דורכגעריסן זיך צו דער קעמפנדיקער סאָוועטישער אַרמיי. אין די שלאַכטן שווער פאַרווונדעט געוואָרן. אין 1946 מיטגעאַרבעט מיטן יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט, אין זעלבן יאָר אומלעגאַל אַריבער קיין רומעניע און פון דאָרט — אין די פּליטים־לאַגערן פון מינכען (דייטשלאַנד), שפּעטער — אין ארץ ישראל. אין יולי 1948 געקומען אין די פ"שט. נאָך אַ גענויער אויספאָרשונג אין יאָר 1950, האָט דער י.ל. פרץ שרייבער־פאַראיין אין אַמעריקע פול־שטענדיק רעהאַביליטירט דעם שרייבער ווייַנרויך־ווינאָקור, וואָס איז מאָראַליש און פיזיש שווער געטראָפן געוואָרן פון אַ בילבול, וועלכן די סאָוועטישע געהיימס־דינסט ק.ג.ב. האָט ווארשיינלעך פאַרשפּרייט וועגן אים.

ביכער פון ה. ווינאָקור:

**"אין אויפקום"** (דערציילונגען) מאָסקווע, 1932. **"טייגע־בערג"** מינסק, 1935. **"אַ בריק איבער דער בירע"** מינסק, 1936. **"דער ערשטער יעגער"** מינסק, 1939. **"דאָס יינגל פון אַכרימאָווע"** (ראָמאַן), מינסק, 1941.

דערשינענע ביכער אונטערן נאָמען פון ה. ווייַנרויך:

**"גלות בייערן"** מינכען, 1947. **"בלוט אויף דער זון"** ברוקלין, נ"י 1950. **"דורך זיבן פייערן"** (ראָמאַן) נ"י 1951. **"אַדאַמיזם"** נ"י 1954. **"קאָמיסאַרן"** (ראָמאַן אין צוויי בענדער) בוענאָס־איירעס, 1962.

## מ. מ. שאַפּיר

ליטעראַרישער נאָמען פון משה מרדכי שעכטער. יידישער פּאָעט געבוירן אין 1909 אין סוטשאַוואַ (שאָץ), בוקאָווינע. אין 1929 אין עלטער פון צוואַנציק יאָר אַריבערגעפאָרן קיין קאַנאַדע, ווו ער לעבט און איז שעפעריש.

זיין ערשט לידערבוך "אַ סטעזשקע" איז דערשינען אין 1940 אין מאָנטרעאַל. נאָך אַן איבעררייס פון 23 יאָר אין 1963 איז דאָרט דערשינען זיין צווייט לידערבוך "איך קום אַהיים" מיט אַ הקדמה "אַ וואָרט פון אַ חבר" פון מלך ראַוויטש. דערנאָך זענען דערשינען

נאָך ביין לידערביכער: ״אויף מיין פידעלע ליד״ מאָנטרעאָל, 1966. ״דער שטערן־וואָגן״ מאָנטרעאָל, 1968. ״אַ רגע דאַכטעניש״ מאָנטרעאָל, 1969. ״בורא מיני חלומות״ מאָנטרעאָל, 1971. ״מיט דער לידער־טאָרבע״ מאָנטרעאָל, 1973. ״אין מיין געפאַלנקייט״ מאָנטרעאָל, 1975. ״מיט צוגענייגטע רייד״ מאָנטרעאָל, 1977. ״די פלייט פון מיינע ביינער״ מאָנטרעאָל, 1978 און ״די ליפּן פון מיין טרויער״ מאָנטרעאָל 1979.

## יחיאל שיינטוך

געבוירן אין 1941 אין בוענאָס איירעס. עולה געווען אין 1960. אין די לערניאָרן 1966/7 און 1967/8 געווען יידיש־לערער אין דער מיטלשול פון קרית חיים. אין ירושלים — לעקטאָר פון מאָדערנער יידישער ליטעראַטור ביי דער יידיש־אָפּטיילונג פון העברעישן אוניווערסי־טעט. דאָ געענדיקט אין 1978 דעם דאָקטאָראַט, באַקומענדיק דעם דאָקטאָר־טיטל פאַר אַ פאַרשאַרבעט וועגן דער יידישער און העברעישער ליטעראַטור אונטער דער נאַציסער אָקופּאַציע.

## אריה ליפשיץ

געבוירן אין קראָקע. באַקומען דאָרט יידישע און אַלגעמיינע בילדונג. עולה־געווען קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1920. געאַרבעט ביי לאַנדווירטשאַפט, ביים בויען שאָסייען און הייזער — אויפן כנען, אין קריית ענבים, אין עפולה. פון יאָר 1939 געאַרבעט אינעם סעקרעטאַריאַט פון עלית־הנוער, אַ צייט געווען סעקרעטאָר פון הענריעטע סאָלד. זינט 1928 פאַרעפנטלעכט ליטעראַטור־קריטיק אין פאַרשידענע אויסגאַבן און זינט 1934 — דערציי־לונגען. לעצטנס איז דערשינען זיין בוך ״אדם לגורלו״. באַקומען די אויסצייכענונג ״יקיר ירושלים״.

## אין פֿאָנד פֿון „ירושלימער אַלמאַנאַך"

דער איצטיקער נומער פון „ירושלימער אַלמאַנאַך" האָט זיך היפּשלעך פאַר־שפעטיקט צוליב שטייגנדיקע פינאַנציעלע שוועריקייטן. בעטן מיר אַנטשולדיקונג ביים חשבון לייענער. מיר בעטן אַלע אונדזערע אַבאָנענטן צו דער צייט אַרויסשיקן דעם אָפּצאָל.

מיר ווענדן זיך אויך צו אַלע קולטור־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און יידישע קהילות: באַשטייערט זיך אויפן פאָנד פון „ירושלימער אַלמאַנאַך", כדי צו פאַרזיכערן אונדזער קיום. לאָזט נישט אונטערגיין נאָך איין יידיש־ליטעראַרישע פּאָזיציע.

מיר דאַנקען האַרציק אונדזערע באַשטייערער:

| | |
|---|---|
| 1. הסוכנות היהודית לארץ־ישראל | 10.000 ל"י |
| 2. יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט אין אַמעריקע (אַטראַן צענטער פאַר יידישער קולטור) | 150 $ |
| 3. וויללי שאַר | 50 $ |
| 4. מ. שליטנער (קרית אונו) | 200 ל"י |
| 5. רפאל אולאַנאָווסקי (רמת־גן) | 100 ל"י |

6. אין דער לעצטער מינוט האָבן מיר באַקומען אַ באַשטייערונג — 3000 לירות פון וועלט־קאָמיטעט פאַר יידיש (יצחק קאָרן)

אונדזער באַנק־חשבון נומ. 619073

בנק הפועלים בע"מ, סניף ירושלים, רח' המלך ג'ורג' 33.